

ווען מען גיט אַרויס אַ בוך עסייען איין מאָל אין זיבעציק יאָר, דערצו נאָך אין יידיש, זענען די אָביעקטיווע שוועריקייטן און סוביעקטיווע באַוואָרענישן — אין לשער.

שטאָף פאַר אַ בוך, אין עפעס אַ מין ווייט־ווייטער צוקונפט, האָט אין משך פון יאָרצענדליקער זיך געזאַמלט און אויפגעזאַמלט — אָן אַ שיעור. שטאָף פון פאַרשיידנסטע, אייגענע און פרעמדע, געביטן; אָפט וועגן אָנגעווייטיקסטע פראַגעס און דילעמעס, וואָס גייען אין לעבן זיך אַליין. צווישן דעם אָנגעהויפטן מאַטעריאַל זענען דאָ אַרבעטן בעסער־אָדער־ערגער געשריבן; צו מאָל געדרוקט אין וויכ־טיקע צייטונגען און וואָגיקע זשורנאַלן, אָפט באַגלייט פון אַ געפיל, אַז די אַרבעט ווערט, ווי פון זיך אַליין, איבער־געריסן אין מיטן.

און ווען עס האָט, סוף־סוף, געשלאָגן די שעה צונויפ־שטעלן דאָס דאָזיקע ממשותדיקע בוך פון עסייען, האָבן נישט געהאָלפן די בעסטע כוונות. דאָס בוך בלייבט ווי איבערגעריסן אין דער סאַמע מיט.

וויפל און ווי אַזוי איך האָב נישט געקליבן, אָפגעקליבן, אויסגעקליבן און איבערגעקליבן, — בין איך געבליבן הינ־טערשטעליק און שולדיק, אַרום און אַרום, קעגן אַ סך און אַ סך מחברים; קעגן לייענערס, וואָס בשעתן שרייבן פיר איך מיט זיי אַ פאַרבאָרגענעם און אויך אַן אָפענעם גע־

שפּרעך ; קעגן מיין אייגענעם, פּערזענלעכן און שרייבערישן געוויסן. און דער עיקר : שולדיק **קעגן תקופות און סביבות,** וואָס איך האָב געהאַט דעם גרויסן זכות צו לעבן אין זיי און מיט זיי.

אפשר וועט דאָס ערשטע עסייען־בוך פּאָרט טיילווייז אָפּצאָלן אַ זייער פּאַרשפּעטיקטן חוב צוויי מענטשן, צוויי קינסטלערס, — נחמן מייזיל און צבי בן־חיים, — די צוויי מיינע נאָענטסטע, געטרייעסטע לייענערס.

**גיטל מייזיל בן־חיים**

תל־אביב, 20סטן יולי 1973

# א

...אַ פֿאָלק איז קיין מאָל נישט
קיין שכן ביי דער וועלט,

ווי ס'איז אַ טראָפּן בלוט אין
קערפּער נישט קיין שכן...

**פֿון פּרץ מאַרקישעס פּאָעמע „מלחמה״, מאָסקווע, 1948**

# דוד בערגעלסאָן

בײם פּרוּוון קורץ איבערדערצײלן וואָס מען האָט אַלײן אין די פֿאַרשײדנסטע צײטן געשריבן וועגן דוד בערגעלסאָן, פֿאַרלירט מען זיך אין דער געדיכטעניש פֿון געשעענישן און אויפֿטרײסלונגען. איז אפֿשר כּדאַי אָנהײבן פֿונעם סוף, — קנאַפּע דרײַ יאָר פֿאַרן טויט פֿון ציפּע, דוד בערגעלסאָנס פֿרוי?

...מאָסקווע, יוני 1966 יאָר. דורכן גרויספּאַרנעמיקן הויף פֿונעם ריזיקן שרײַבערהויז, אַרויף ברײטע טרעפּ, גײט מען אַרײַן אין בערגעלסאָנס הײם פֿון ערבֿ־דעם מבול. דאָרט, אין אַ געראַמען, פֿינצטערלעך־הויכן צימער, מיט אַ מאַסיוון טיש אין מיטן, מיט אַ פּאָטעל און אַ בעט פֿון ציפּע בערגעלסאָן, — דערזעט מען גלײַך אַנטקעגן, אויף אַ טישל נעבן פֿענצטער, דוד בערגעלסאָנס אײַנגעראַמטע פֿאָטאָגראַפֿיע. שפּעטער אַ ביסל באַמערקט מען נאָך צוויי פֿאָטאָגראַפֿיעס ביי די ווענט פֿון לינקס און פֿון רעכטס. הײבט זיך שוין אָן דאַכטן, אַז וווּ ציפּע זיצט אָדער ליגט, קוקט אויף ציפּעלען פֿון אַלע זײַטן — דוד.

ווען מיר זענען געבליבן אַ ווײַלע אַלײן אין צווייען, אויג אויף אויג, — און ציפּעס אויגן זענען אויס נאָך דורכזיכטיקער, נאָך מער קינדיש־פֿאַרוווּנדערט, ווי אַ מאָל, — האָט זי דערצײלט וועגן אַ באַזוך פֿון אַן אויסלענדער, וואָס איז געקומען אין מאָסקווע אויף אַן אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס. דער דעלעגאַט, אַ רעדאַקטאָר פֿון אַ גרויסער ייִדישער צײַטונג, אַ גרויסער חסיד פֿון בערגעלסאָן, האָט, מעשה נאָענטער פֿרײַנד, אויסגעפֿרעגט: וואָס טוט זי, ווי

פילט זי זיך, ווי עס לעבט זיך איר. און פּלוצעם איז ער אויפגע־שטאַנען, האַסטיק צוגעגאַנגען צו בערגעלסאָנס בילד ביים פענצטער און, מיט דער פּלייצע צו ציפען, זיך צעוויינט, ווי אַ קליין קינד. און עס האָבן צו ציפּעלען, דודס פרוי, זיך דערטראָגן צוגעשטיקטע, אָפּגעריסענע ווערטער: „זיי מיר מוחל, דוד, זיי מיר מוחל, דוד, אוי, דוד!"...

...קיעוו, סעפּטעמבער 1911 יאָר. בשעת אַ פייערלעכער טעאַטער־פאָרשטעלונג, אין דער אַנוועזנהייט פונעם צאַר ניקאָלאַי דעם 2טן, מיט זיין גאַנצער פאַמיליע, האָט דמיטרי באָגראָוו, אַ 23 יעריקער סטודענט פונעם יורידישן פאַקולטעט, דערשאָסן דעם צאַרישן אינערן־מיניסטער און פּרעמיער פּיאָטר א. סטאָליפּין. סטאָליפּין איז געווען אַ גרויסער אכזריותדיקער שונא פון פרייהייט, און נאָך אַ גרעסערער שונא־ישראל. באָגראָוו איז געווען אַן „עסער" (סאָציאַל־רעוואָלו־ציאָנער) און... אַ ייד.

אומקלאָרע קלאַנגען און אָפּקלאַנגען פון אַ געפערלעכער ערב־פּאָגראָם שטימונג, — זענען דערגאַנגען צו אַ זייטיקן יישוב, קיעווער געגנט.

עס געדענקט זיך —

אינעם פינצטערלעכן וועלדל ביים וועג, וואַרט מען אויפן שליח, וואָס איז איילנט אַוועקגעריטן אין נאָענטן שטעטל נאָך נייעס. הימל, וואַלד און אַ שטום־שווייגנדיק הייפל יידן, גרויס און קליין, זענען אומהיימלעך באַלויכטן פון אַ שרפה ערגעץ ווו ווייט. אויסגעדרייט מיטן פּנים צו אַ בוים, שפּילט דוד אויף זיין פידל אַ יידישע מע־לאָדיע, וואָס בלייבט שוין אויף שטענדיק איינגעקריצט אין זכרון, ווי דער אומרו־ניגון פון דוד בערגעלסאָן...

וויפל שרפות, גרויסע און גרעסערע, וויפל וואַנדלונגען, דרויסנ־דיקע און אינעווייניקסטע, זענען אויסגעפאַלן אויפן גורל פון דודן. וועלט־מלחמות, די ערשטע און די צווייטע; רעוואָלוציעס, 1905 און 1917—1918; בירגער־קריגן גאָר אָן אַ שיעור. און אין מיטן, אין צווישן, — אומעטום דער ייד. פּאָגראָמען, ווידער פּאָגראָמען און

אויסראָטונג־מאַרשן, פון כלערליי מינים, אויפן ייִד, — באשר ער איז אַ ייִד.

דאָס אַלץ האָט מיט אַ ים פון שאלות געשטורעמט בערגעל־סאָנען דעם שרייבער און געמאָנט ביי אים באַלדיקע תשובות. מען האָט אים נישט געלאָזט צו רו פון רעכטס און פון לינקס. בשעת איין צד האָט אים אויפגעפאָדערט שטענדיק צו בלייבן דער זעלביקער אַמאָליקער בערגעלסאָן, איז ער פאַרן אַנדערן צד קיין מאָל נישט געווען גענוג ניי. מער פון אַלעמען האָט בערגעלסאָן אַליין, זיך גופא נישט געלאָזט צו רו. עס פלעגט טרעפן, אַז אַ שרעקלעכע צייט האָט פאַרכאַפּט ביי אים דעם אָטעם, און אַרויסגעשריִען פון אים גאָר־נישט מיט בערגעלסאָנס קול...

איז שויך זיין מענטשישער און שרייבערישער אומרו שטענדיק געשטיגן און שטענדיק געהאַלטן אין איין אַרויסרייסן דעם לייענער פונעם לייענערישן גלייכגילט.

עס איז צו באַוואונדערן, ווי פּרי א. ווייטער, דער מחבר פון דער ערשטער קריטיק וועגן בערגעלסאָנס ערשטלינג־בוך „אַרום וואָקזאַל" (קיִעוו, 1909), — האָט דערפילט אָט דעם אומרו.

עס איז נאָך מער צו באַוואונדערן, ווי אומרויִק „אַרום וואָקזאַל" האָט געווירקט אויפן לייענער. מיט יאָרן שפּעטער (1940) דערציילט וועגן דעם, אין זיינע יוגנט־זכרונות, לייב קוויטקאָ:

...אין זיין היימישן דאָרף — שטעטל איז על־פּי נס אַריינגעפאַלן דאָס ביכל „אַרום וואָקזאַל". לייב קוויטקאָ, דעמאָלט אַ לערנייִנגל ביי אַ שטעפּער, האָט ניט געקאָנט די פאַרשוויגען פונעם בוך: די אַלע קאָמיסיאָנערן און מעקלערס, די אויפגעקומענע און געפאַלענע גבירים, די הלוואה־געבערס און אָגזעצערס. ער האָט זיי אַלע געזען אין דרויסן, פון דער ווייטנס, און געפילט עפּעס אַ מין אָפּשיי פאַר זייער דערהייבנקייט. און דאָ באַווייזט זיך פלוצעם דוד בערגעלסאָן, צעעפנט ברייט די היים, דעם קאָפּ און דאָס האַרץ פון די גרויסע לייט, פירט אַהין אַריין לייב קוויטקאָ, — און לאָזט אים פריי זיך אַרומקוקן. האָט ער, און נאָך אַ סך אַזעלכע ווי ער, זיך אַרומגעקוקט,

איינגעקוקט זיך און דערזען דעם טרויעריקן מזל פון די מענטשן אַרום וואָקזאַל: ווי פּוסט און אָן טעם ס׳איז זייער משפּחה־לעבן; ווי אָפט איז ליבע ביי זיי גאָר קיין ליבע נישט, און אַפילו האַס — איז נישט קיין האַס... זענען אַלע לייב קוויטקאָס געוואָרן אויפגע־רודערט ביז גאָר...

נאָכן „אַרום וואָקזאַל" קומט אַ גאַנצע ריי שאַפונגען. צווישן זיי — די דערציילונג „דער טויבער" (1910) און דער ראָמאַן „נאָך אַלעמען" *), אָנגעלאָדן מיט יענעם מין בערגעלסאָן־אומרו, וואָס גראָבט טיף און טיפער צו די סאָציאַלע וואָרצלען פונעם ייִדישן לעבן אין צאַרישן רוסלאַנד, — ברענגען זיי די בשורה פון דעם קינסטלערישן בערגעלסאָן־נוסח.

אין יענער צייט פון פאַר דער רעוואָלוציע, פאַרענדיקט בער־געלסאָן זיין ראָמאַן „אָפּגאַנג", וואָס איז פאַרבונדן מיט איינעם פון די שווערסטע צווישן זיינע אַלע שאַפערישע קריזיסן. מיט יאָרן שפּעטער דערציילט וועגן דעם בערגעלסאָן אַליין: אים האָט זיך גע־דאַכט, אַז „אָפּגאַנג" איז זיין לעצט שאַפעריש וואָרט — און שוין, אַ סוף. ער האָט פריִער געשילדערט דעם אונטערגאַנג פון דער ייִדישער נגידותשאַפט אין שטעטל בפרט, און די פאַרוויסטונג פונעם שטעטל בכלל. אין „אָפּגאַנג" (די תקופה פון נאָך דער רעוואָלוציע 1905), האָט ער געוויזן דעם בראָך פון דער ייִדישער אינטעליגענץ, וואָס האָט נישט צו וועמען זיך ווענדן. מער האָט ער נישט וואָס צו זאָגן.

אַ טייל קריטיקערס און לייענערס האָבן אויך געמיינט, אַז בער־געלסאָן האָט אויסגעשעפּט אַלע נאָענטע אים פּראָבלעמען און טעמעס; און אַז דערמיט האָט זיך זיין קינסטלערישער קרייז געשלאָסן. אַנטקעגן זשע זענען אַנדערע קריטיקערס און לייענערס געווען

*) „כתבי דוד ברגלסון" תירגם ד. ב. מלכין. עם המהדורה העברית — רשימות מאת ד. ב. מ. ונחמן מיזל. כרך א׳, כרך ב׳. „ספרית־פועלים". ישראל, 1962.

זיכער, אַז די ייִדישע ליטעראַטור קאָן נישט און וועט זיך נישט באַגיין אָן דעם שרייבער דוד בערגעלסאָן. אָבער אויך פאַר אָט די אַנדערע איז נישט געווען קיין איבערראַשונג, ווען דוד בערגעלסאָן האָט פאַרלאָזט סאָוועט־רוסלאַנד אין יאָר 1921.

דוד בערגעלסאָן האָט אַ לענגערע צייט געוווינט אין בערלין, פאַרבראַכט אַ פּעריאָד אין ניו־יאָרק און אָפט באַזוכט וואַרשע, אָבער ער איז אין ערגעץ נישט געבליבן אויף שטענדיק. אין יאָר 1929 האָט ער זיך צוריקגעקערט אין ראַטן־פאַרבאַנד, — ווי צו זיך אַהיים.

די דריי צענטערס פונעם ייִדיש־קולטורעלן לעבן אין די הויפּט־שטעט פון דייטשלאַנד, פּוילן און אַמעריקע, אין די צוואַנציקער יאָרן פון אונדזער יאָרהונדערט, — איז אַ קאַלאָסאַלע, ווייט נישט אויסגעשעפּטע, טעמע.

און וואָס איז געווען מיט דוד בערגעלסאָן אין יענער צייט? ער האָט געשריבן, אַרויסגעגעבן אין יאָר 1925 דעם זשורנאַל „אין שפּאַן" און עס וואָלט זיך געקאָנט דאַכטן, אַז ער איז פול מיט געזעלשאַפטלעכער און קינסטלערישער איניציאַטיוו, אָבער ווער עס האָט אים דעמאָלט געזען פון דער נאָענט, האָט אַרויסגעפילט: דוד בלאָנקעט אַרום צווישן דריי ריזיקע שטעט און זוכט אומעטום — זיך אַליין...

ער פלעגט קומען קיין וואַרשע און זיך דאָרט אַראָפּרעדן פונעם האַרצן. די ייִדישע ליטעראַטור אין פּוילן, — האָט ער געטענהט, — איז ווי אַ זייגער מיט אַ פּרעכטיקן מעכאַניזם, וואָס האָט איין חסרון: עס פעלן אים די ווייזערס. ווייסט מען לחלוטין נישט, ווי שפּעט עס איז איצט...

אַ סך שאַרפער פון אָט־די רייד קלינגט זיין אַמעריקאַנער דער־ציילונג „דזשיראַ־דזשיראַ", וואָס בערגעלסאָן האָט זי אָנגעהויבן שרייבן אין ניו־יאָרק און פאַרענדיקט אין בערלין, אין יאָר 1929. עס ווערט דאָרט דערציילט ווי —

... אַ ניי־געקומענע איטאַליענישע מיידעלע דערגייט די יאָרן דער שטאָט ניו־יאָרק, טאָג־איין, טאָג־אויס, צו פאַרנאַכט צו, זעצט זיך דאָס קראַנקע מיידעלע אויף די אָנגעוואַלגערטע בויבערעטער אין הויף און זינגט פאַרבענקט אַ מאָל טרויעריקע און אַ מאָל פריילעכע היים־לידעלעך, און דאָס טאַקע רעגט גוואַלדיק אויף די שכנים. זי שטערט זייער רו. אויפגערייצט, עפענען זיי פון אַלע זייטן די פענצטער, שרייען, וואַרפן אויף איר מיסט. אָבער דאָס מיידעלע פאַרשטייט נישט קיין ענגליש. זינגט זי ווייטער מיט איר דין־קלינגעווודיק שטימעלע... אַרום און אַרום איז אַ שרעקלעכער טומל. מען בויט, מען פאָרט, מען יאָגט. עס קלאַפּט, עס קנאַקט, עס גרילצט. מיט ווילדע קולי־קולות גוואַלדעוועט עס און ליאַרעמט: „כאַפּט דעם דאָלאַר, כאַפּט דעם דאָלאַר!"...

דערמיט האָט דוד בערגעלסאָן ווי אָפּגעזאָגט זיך פון אַמעריקע. עס געדענקט זיך, ווי אין בערלין האָט ער געהאַלטן אין איין דער־ווייזן זיינע חברים, אַז אומעטום ווו ער קערט זיך און ווו ער ווענדט זיך, סיי אין אַמעריקע און סיי אין איראָפּע, שטויסט ער זיך אָן אויף אַ ירידה. און דאָרט, וווּהין ער קלייבט זיך איצט פאָרן, אין ראַטן־פאַרבאַנד, — יערט אַלץ און וואַקסט, וואַקסט און יערט...

שוין האָרט פאַרן אָפּפאָר, האָט ער, ווי זיין שטייגער איז, ביל־דעריש זיך געזעגנט מיט וואַרשע.

די סאָוועטישע ליטעראַטור, — האָט ער דאָרט אָפּגעהאַרציק גערעדט, — איז געגליכן צו אַ סימפאָנישן אָרקעסטער אין אַ לויפנ־דיקן שנעלצוג. מיר, די ייִדישע שרייבערס, שטייען דערווייל אויפן וואָקזאַל. פונעם פאַרביי־איילנדיקן אָרקעסטער דערטראָגן זיך צו אונדז אָפּגעריסענע, נישט פאַרענדיקטע קלאַנגען. אָבער מיר ווילן און וועלן נאָך מיטפאָרן, מיר ווילן און וועלן נאָך יאָגן זיך צוזאַמען מיט זיי...

צוריק אין ראַטן־פאַרבאַנד. „אין די 30ער יאָרן ווערט דוד בערגעלסאָן אַ צענטראַלע פיגור אין דער ייִדיש־סאָוועטישער פראָזע״, — אַזוי שרייבט ענציקלאָפּעדיש־טרוקן, די קורצע סאָוועטיש־ליטעראַרישע ענציקלאָפּעדיע (1962).

אין דער ווירקלעכקייט האָט דוד צעשפּרייט זיין גוואַלדיקן שאַפֿט־לעכע טעטיקייט שיִער נישט איבער אַלע שטחים פֿון דער סאָוועטיש־ייִדישער קינסטלערישער וועלט. פֿון קרים, דורך מאָסקווע, ביז ביראָבידזשאַן. שרייבעריש האָט בערגעלסאָן זיך ברייט און טיף פֿאַרמאָסטן: פֿון די פֿאַרצייכענונגען און דערציילונגען וועגן דעם ניי־סאָוועטישן מענטש — „ביראָבידזשאַנער״ (1934) און „טראָט ביי טראָט״ (1938) — ביז דער עפּאָפּעע מיט אַ בולטן אויטאָביִאָ־גראַפֿישן הינטערגרונט וועגן דעם לעבן און קאַמף פֿון די פֿאָלקס־מענטשן אָנהייב 20סטן יאָרהונדערט, „באַם דניעפּער״ (1932—1940, רוסישע איבערזעצונג 1935).

אין דעם ראָמאַן „באַם דניעפּער״ (צוויי טיילן: „פּענעק״ און „די יונגע יאָרן״), וואָס האָט אַרויסגערופֿן אַ שאַרפֿע רעאַקציע אין דעם גרעסטן טייל פֿונעם ייִדישן אויסלאַנד, האָט בערגעלסאָן ווידער און אויף ס׳ניי זיך אומגעקערט צו דער ייִדיש־גבירישער וועלט.

בעצם האָט זיך שוין אינעם ראָמאַן „נאָך אַלעמען״ אָנגעהויבן זיין אייביקע „דין־תורה״ מיט די ייִדישע נגידים, וואָס צו זיי האָט ער געהערט לויט זיין אָפּשטאַמונג און דערציִונג.

דורכגעדרונגען מיט אַ טיפֿער בענקשאַפֿט און שטרעבונג צו אַ גערעכטן מענטשישן גליק, האָט „נאָך אַלעמען״, פּונקט ווי זיינע אַנדערע ווערק פֿון אַ מאָל, זיך אַריבערגעוואָרפֿן ווי אַ בריק, אין דער נאָך־רעוואָלוציע צייט.

נאָך מער: די טענות פֿונעם מחבר אין די פֿריִערדיקע שאַפֿונגען זענען קינסטלעריש געמילדערט און געלייטערט פֿון עפּעס אַ מין טרויער נאָך אַ וועלט, וואָס גייט אונטער. מיט דער צייט אָבער איז פֿונעם טרויערהויף קוים געבליבן אַ שפּור. מיט דער צייט — פֿאַר־וואַנדלט זיך בערגעלסאָן פֿון אַ צד — אין אַ באַשולדיקער. און כדי

דער גזר־דין זאָל זיין וואָס שטרענגער און גערעכטער, באַנוצט ער זיך מיט פאַרבן שוואַרצער פון שוואַרץ. דאַכט זיך שוין, אַז באַגלייך מיט איינציקע פון זיינע העלדן, העננט אויך אויפן מחבר די נגידישע אַפּשטאַמונג, ווי אַ קללה. פּונקט ווי ער וואָלט גענינדיקט קעגן די אָרעמע געסלעך, וואָס ער איז נישט געבוירן און נישט אויפגעוואַקסן צווישן זיי, נעמט בערגעלסאָן אויף זיך די געזעלשאַפטלעכע און שרייבערישער מיסיע צו ווערן און צו זיין דער מאָנער פון די קליינ־שטעטלדיקע און גרויסשטעטישע הינטערגעסלעך, סיי פון זייער דור־דורותדיקן דלות און שטומען פּראָטעסט, סיי פון זייער סאָציאַלן קאַמף און באַפרייונג. די מיסיע מוז ווערן און זיין אונדזער אַלעמענס חוב — האָט ער געפאָדערט ביי אַנדערע יידישע קינסטלערס.

„זעט! — האָט בערגעלסאָן געטענהט — כדי צו שילדערן דעם יידישן אַרבעטער, דעם יידישן טרעגער, האָט י. ל. פּרץ נישט מורא געהאַט אָנצושרייבן אַ שוואַכע זאַך, און אויך דערמיט איז ער געווען אַ וועגווייזער פאַר דער ניי־יידישער ליטעראַטור״...

אַזוי האָט בערגעלסאָן געמוסרט אַנדערע און דער עיקר זיך גופא, אָבער ער אַליין האָט דווקא יאָ זיך געשראָקן „אָנצושרייבן אַ שוואַכע זאַך״. אומעטום, סיי אין קיִעוו, מאָסקווע אָדער ביראָ־בידזשאַן, סיי אין וואַרשע, בערלין אָדער ניו־יאָרק, — איז זיין שרייבשטוב געווען ווי אַ נזיר־שטיבל, פול מיט אַ קלוגער, שאַרפער שאַפערישע מי, איינגעהילט אין אַ געלייטערטער באַשאַף־אַטמאָספער.

זאָל דאָ, אין סאַמע מיט, געזאָגט ווערן אַ פּאָר ווערטער וועגן בערגעלסאָן דעם קינסטלער, וואָס דערמיט דאַרף מען, בעצם, אָנהייבן אָדער ענדיקן יעדעס מאָל ווען עס קומט אויס צו רעדן וועגן דוד בערגעלסאָן. אין זיין ערשטן אָנגעשריבענעם, נאָך־נישט געדרוקטן וואָרט, האָבן שוין די נאָענטע פריינד אָפּגעשאַצט זיין קאָנדענסירט, עלעקטריזירט לשון, וואָס איז מיט דער צייט געוואָרן — בערגעלסאָן־נוסח, יענער געבענטשטער בערגעלסאָן־נוסח, וואָס פאַרשאַרפט דעם געדאַנק, קוועלט אויף דאָס געפיל, פאַרשפּיצט דאָס וואָרט אויף אַזאַ

אופן, אַז יעדער זאַך, אויב נישט שורה, קלינגט ווי אַן אויספּיר, אַ פּועל־יוצא פון צעאַקערטן טראַכטן, פון אויפגעיוירענעם געפיל; יענער מערקווערדיקער בערגעלסאָן־נוסח, וואָס האָט שוין אין אָנהייב פּרעכטיק געצייכנט פּסיכאָלאָגישע פּאָרטרעטן פון יחידים און מייס־טעריש געשילדערט סאָציאַלע עטאַפּן פון פאַרשיידענע יידישע שיכטן. און דאָס האָט באַוויזן שלמה מיכאָעלסן פאַרלייגן צו קרוינען דוד בערגעלסאָנען, ווי דעם פערטן קלאַסיקער נאָך מענדעלע, שלום־עליכם און פּרץ...

...מאָסקווע, 1940 יאָר. אַן אימפּאָזאַנטער בערגעלסאָן־אָוונט. אין אַ פלאַם־פייערדיקער רעדע, וויזט פּרץ מאַרקיש אָן אויף די וועג־צייכנס פון דער יידישער ליטעראַטור אין ראַטן־פאַרבאַנד. ער טיילט איין די סאָוועטיש־יידישע שרייבערס אין פיר קינסטלערישע דורות. גיט אָפּ גרויס כבוד דעם ערשטן דור, וואָס האָט מיטגעבראַכט אַ סאָציאַל־וויברירנדיקן בייטראַג פון „פאַר דער רעוואָלוציע”. בראש מיט דוד בערגעלסאָן און דער נסתר.

ווי אַ המשך, ווי אַ פאַרטיפטער פּירוש צו מאַרקישעס פייער־לעכער באַגריסונג, לייענט זיך דער אָפענער בריוו צו בערגעלסאָנען פון זיין בן־דור, דער נסתר. ביידע געבוירן אין 1884 יאָר. בער־געלסאָן — אינעם שטעטל אָכרימאָווע, קיִעווער גובערניע. דער נסתר — אין דער שטאָט בערדיטשעוו. ביידע האָבן דעביוטירט אין דער תקופה 1907—1909.

אין בצימצומדיקע, געקליבענע ווערטער, פירט דער נסתר אונ־טער אַ ברייטן סך־הכל, וואָס ווערט דאָ נאָך בצימצומדיקער איבער־דערציילט:

...די שטראָפּרייד, וואָס בערגעלסאָן שעפּט פון די פאָלקס־טיפענישן און שיקט זיי ווייט פאָרויס אין אַ סאָציאַלער ריכ־טונג, ווערן באַגלייט מיט זיין קינסטלעריש־טרייסטנדיקן אָטעם; בערגעלסאָנס דחילו ורחימו צום עצם שאַפן איז אין לשער. ווען בערגעלסאָן, אָדער אַן אַנדערער, האָט פאַרגע־

לייענט פון זיינעם אַ כתב־יד, פלעגט מען אַ מאָל אין זיין היים אָנצינדן ליכט אין די לייכטערס; ווער קאָן דען אַזוי ווי בערגעלסאָן זיך פאַרגינען אַליין צו זיין גרויס און דערביי אויך צו פאַרהערלעכן אַנדערע קינסטלערס? ווען י. ל. פרץ איז געשטאָרבן, האָט בערגעלסאָן, דער ווייט אַנערקענטער שרייבער, זיך פאַרלאָרן און האָט געוויינט: „אויף וועמען האָט ער, פרץ, אונדז איבערגעלאָזט?"... און ווער קען דען אָפּשאַצן, ווי גרויס עס איז געווען און עס איז דודס שעפע־רישע מי און האַרעוואַניע — ביים איינבייסן דאָס נייע נאָך־רעוואָלוציע־לעבן!...

ווי געזאָגט, איז דער בערגעלזאָן־אָוונט מיט די רייד וועגן אים בעל־פה און בכתב פון פרץ מאַרקישן, דער נסתר און לייב קוויטקאָ, — פאָרגעקומען אין יאָר 1940, בשעת די צווייטע וועלט־מלחמה און דער נאַצישער קרייצצוג קעגן יידן האָט געהאַלטן אין איין צעפלאַקערן זיך. עס האָט גאָרנישט לאַנג געדויערט ביז דער פאַשיסטישער אָנגריף האָט פלוצעם און פון אַלע זייטן אַ שטורעם געטאָן אויף די סאָוועטישע ברעגן און גרענעצן.

דעמאָלט האָט זיך ווידער און אויף ס'ניי אַרויסגעוויזן, אַז די אַלע פיר סאָוועטיש־יידישע קינסטלערישע דורות, זענען שטענדיק מיט אויג, אויער און האַרץ געווענדט צום יידישן געראַנגל בתוך דעם אַלוועלטלעכן אַנטיפאַשיסטישן מאַרש. ממש ווי אַ לאַווע האָבן זיך אַרויסגעריסן שוין פון פריער אויסגעטראָגענע שאַפונגען. אינעם קעמפערישן בליץ־צוג פון דער כלל־סאָוועטישער ליטעראַטור זענען דאָס מאָל מיטגעפאָרן און זיך אפשר מער פון אַלעמען געיאָגט, יידיש־סאָוועטישע קינסטלערס, צווישן זיי — דוד בערגעלסאָן. אין סאַמע מיט פונעם קאָפּשווינדלדיקן געיעג, האָט ער געפירט אַ באַזונדערן הייסבלוטיקן יידיש־בערגעלסאָנישן חשבון מיט דעם גייסט, וואָס האָט אַראָפּגעבראַכט די נאַצי־צייט.

דער חשבון איז אַן אומהיימלעך לאַנגער. ער שליסט איין דעם

הרג אין קיִעוו, דעם אומקום פון שלום־עליכמס „קלוג שטיבל” אין פערעיאַסלעוו, די חרוב געוואָרענע יִדישע פרייד, און נאָך און נאָך... זאָל זשע יעדע יִדישע טרער זיך פאַרוואַנדלען אין אַן אויפרייס־באָמבע קעגן די יעניקע, וואָס פאַרדעקן די ערד מיט שוידער. — אַזוי חזרט עס איבער בערגעלסאָן, ווי אַ נייעם געבאָט און ווערט דערמיט דער אויסרופער פונעם אייביק־קעמפערישן, יִדיש־מענטש־לעכן: „לא אמות כי אחיה!”.

און אַזוי טאַקע הייסט זיין פּיעסע, אָנגעשריבן אין 1942 און אויפגעפירט (עברית־איבערזעצונג — א. שלאָנסקי) אינעם טעאַטער „הבימה” 1944 יאָר. האָט מען אין דעם דעמאָלטיקן ארץ־ישראל זיך צוגעהערט צו דער אַקטועלער פאַרשטעלונג וועגן דער נאַצי־אָקופּאַציע, און זיך איינגעהערט אין די אַלט־נייע רייד:

> ...אַ פאָלק וואָס פאַרמאָגט אַזעלכע מענטשן, איז אַ גיבור. ער האָט געלעבט, ער לעבט און וועט לעבן. וויפל מען האָט די יִדן געטראָטן, געביסן, געריסן — האָבן זיי מיט זייער פילפאַרביקער, פילבלוטיקער מי זיך צוריק אויסגעגלייכט. אויך איצט שיקן זיי אַרויס אין דער וועלט זייער אייביקן: „לא אמות כי אחיה!”...

...אויפן אַנטיפאַשיסטישן יִדישן קאָנגרעס אין מאָסקווע, 1942 יאָר, האָט בערגעלסאָן אויפגערופן אַלע יִדן, אויב זיי זענען נאָר יִדן: „קעמפט פאַר אייער רעכט צו לעבן ווי יִדן!”

דאָס איז בעצם אויך די אידעע און בשורה פון זיין היסטאָרי־שער פּיעסע „פּרינץ ראובני” (1946): ראובני פאַלט אין שלאַכט. די לעצטע ווערטער זיינע זענען: „שבתי, איך שטאַרב... די שלאַכט פיר ווייטער... מיין צוואה דורך דיר איך לאָז: דו קעמפסט, מיין פאָלק, דאָס הייסט, דו לעבסט, מיין פאָלק”...

ביזן סאַמע ראַנד פון שלמה מיכאָעלס׳ אומקום (1948), האָט

בערגעלסאָן, צוזאַמען מיט אים, געגרייט די אויפפירונג פון „פּרינץ ראובני" פאַרן מאָסקווער יידישן מלוכה־טעאַטער. **בערגעלסאָן האָט** בשעת דער אַרבעט פאַרגעשטעלט איין סצענע נאָך דער אַנדערער. מיכאָעלס האָט אים אָפּגעענטפערט מיט מאָנאָלאָגן...

ווער עס האָט געזען מיכאָעלסן אויף דער טעאַטער־בינע, ווער עס האָט געהערט בערגעלסאָנען פאָרלייענען זיינע אַ שאַפונג מיט זיין שאַרפפיליקן רעזשיסערישן און שוישפּילערישן טראַפּ, — דער שטעלט זיך פאָר די געבענטשטע קינסטלעריש־אַנגעגליטע אַטמאָספער פון זייער צוזאַמענאַרבעט און... כאַפּט זיך ביים קאָפּ...

און שוין גאָר צום סוף — אַ ידיעה אין דער רובריק „ליטעראַטור און קולטור" פון די וואַרשעווער „ליטעראַרישע בלעטער", מאַי 1936 :

אין מאָסקווער פּרעסעהויז איז פאָרגעקומען אַן אָוונט געווידמעט דוד בערגעלסאָנען. וועגן זיין שאַפן האָט גערעדט א. גורשטיין און מיכאָעלס. די אַרטיסטן מיכאָעלס און זוסקין האָבן אויפגעפירט אַ פראַגמענט פון „דער טויבער". בערגעלסאָנס דערציילונג „דזשירא־דזשירא" האָט איבערגעלייענט (אין זיין רוסישער איבערזעצונג) אי. באַבעל *)...

...פון די 5 אָנטיילנעמער אין דעם בערגעלסאָן־אָוונט, איז דער קריטיקער אהרן גורשטיין, אַ פרייוויליקער אין דער רויטער אַרמיי, געפאַלן אין שלאַכט פאַר מאָסקווע אין האַרבסט 1941. די איבעריקע — אי. באַבעל, שלמה מיכאָעלס, בנימין זוסקין און דער עלטסטער צווישן זיי — דוד בערגעלסאָן — זענען געוואָרן אומגעבראַכט אין די יאָרן 1941—1952, פון זייער אייגענער סאָוועטישער מאַכט.

מאַי 1973

---

*) אי. באַבעל „וואָספּאָמינאַניאַ..." (זכרונות פון זיינע מיטצייטלערס), 372 ז"ז, „סאָוועטסקי פּיסאַטעל", מאָסקווע, 1972.

# דער נסתר

דער נסתר... עס איז נישט אויסצורעכענען וויפל מען האָט וועגן נסתרן, אין משך פון לאַנגע יאָרן, געשריבן און גערעדט. געבויט אויף די זעלבע נסתרשע יצירה־עלעמענטן, ברענגען אַרויס די גרעסערע אָפּהאַנדלונגען פון בעל־מחשבות, ש. ניגער און נחמן מייזיל, — דריי שאַרף־באַזונדערע נסתר־אַספּעקטן.

רירנדיק ביז גאָר איז דאָס ליד „דער נסתר" פונעם סאָוועטיש ייִדישן דיכטער משה כאַשטשעוואַצקי. אין 1941 יאָר האָט כאַש־טשעוואַצקי זיך פרייוויליק מאָביליזירט אין דער רויטער אַרמיי. ער און דער זון, זיין בן־יחיד, זענען ביידע געפאַלן אין קאַמף קעגן די נאַציס, ביים פאַרטיידיקן דעם ראַטן־פאַרבאַנד...

...אין סאַמע מיטן פון נסתרס מענטשלעכן און שאַפערישן אויפשטייג, האָט מען אין ראַטן־פאַרבאַנד, מיט ברוטאַלער געוואַלד, אַרויסגעריסן פונעם לעבן, אומגעבראַכט, — אויך נסתרן. איז שוין, במילא, אויך וועגן אים געבליבן אַ סך נישט דערשריבן, נישט דערגערעדט. גלוסט זיך אָפּט, זאָל זיין ווידער אינדיווידועל, אויב נישט עמאָציאָנעל, דערמאָנען נסתרן אויף ס'ניי. און זאָל דאָס מאָל, ווי אַ „תפילת הדרך", ווערן איבערגעחזרט די ווונדערלעכע שורות פון משה כאַשטשעוואַצקיס ליד „דער נסתר", אָנגעשריבן אין יאָר 1940:

ס'איז לאַנג דערין, כ'געדענק שוין באַלד נישט ווען —
ביי מיינע ערשטע יוגנטלעכע פרווון,

איז אייער וואָרט דאָס נאָענטסטע געווען,
וואָס האָט זיך אין מיין האַרצן אָפּגערופן.

עס איז דערנאָך אַ סך, אַ סך געשען,
נישט ציילן זיי, די סגופים און צרופים,
נאָר אַלע מאָל כ׳האָב אייך אין גאַנג געזען,
צו נייער הייך, צו נייע באַרג־אַרויפן.

דער באַרג־אַרויף איז שטענדיק שווער און האַרט,
נאָר איר האָט קיין עקשנות נישט געקאַרגט,
און נישט אַראָפּגענייגט פון וועג פון שווערן.
טאָ זייט באַגריסט, און זייט געזונט און שטאַרק
אויף צו דערגרייכן ביזן שפּיץ פון באַרג
און פון אַ נסתר דאַן אַ נגלה ווערן...

**...דער נסתר איז נאָך מן הסתם געווען זייער יונג, ווען עס האָט זיך שוין געדאַכט, אַז ער טראָגט אַ שווערן עול אויף די קוים־קוים איינגעהויקערטע פּלייצעס. אויך, — אַז די געדיכטע, נידעריק אַראָפּגעלאָזטע ברעמען אויפן מאַט־טונקעלן פּנים ווילן פאַרשטעלן דעם טיפן צער אין זיינע קויל־שוואַרצע אויגן. און אַז אויך די וואָנצעס פּרוּוון ווי ווייט מעגלעך פאַרדעקן, באַשיצן דאָס פעסט צוגעשלאָסענע מויל. איז וואָס? איז דער נסתר, באמת, גאָר קיין מאָל נישט געווען יונג?**

**אָבער אָפילו מיט פיל יאָרן שפּעטער, יעדעס מאָל ווען דורך די שפּעלטלעך פון נסתרס צוגעזשמורעטע אויגן האָט זיך אַראָפּגעגליטשט אַ שמייכל און זיך פאַרהאַלטן ביי די פלוצעם ווייך געוואָרענע ווינקלען פון מויל — האָט זיך שוין געדאַכט, אַז נסתר איז נישט און וועט קיין מאָל נישט ווערן אַלט.**

**אַן אינטערעסאַנטן, ביז גאָר אומגעריכטן גרוס וועגן נסתרס**

ערשטע שרייבערישע טריט ברענגט רחל ינאית־בן־צבי אין איר בוך זכרונות „אנו עולים״ *):

...ווילנע, סוף 1905. אין דרויסן — דערציילט רחל ינאית — ווילדעוועט די צאַרישע פּאָליציי מיט זוכענישן, רעוויזיעס און אַרעסטן. אינעווייניק, ביי זיך און אין זיך, פּרוּווט מען באַהערשן די וויי־שטימונגען פון נאָך די פּאָגראָמען. מען גרייט זיך צו אַ געהיימער קאָנפערענץ פון „פּועלי־ציון״ מיט די סיימיסטן; מען וואַרט אויף בער באָראָכאָוון. און דערווייל, ביז באָראָכאָוו וועט קומען, קלייבט מען זיך צונויף אין אַ יונגן קרייז, וווּ דער נסתר, אַן אויפגייענדיקער שטערן אין אונדזער ליטעראַטור, לייענט זיין נייע שאַפונג „מאַריאַ מאַגדאַלענאַ״. ער שילדערט אַזוי די כנרת, ער מאָלט אַזוי די מרים פון מגדל, פונקט ווי ער וואָלט זיי געזען מיט די אייגענע אויגן און האָט פּשוט נישט געקענט אָנזעטיקן זיין באַגייסטערטן בליק...

...שפּעטער לייענט ער זיין „תוהו ובוהו״. מיט אַזאַ מעכטיקן אויסדרוק, אַז ווידער גלויבט מען, אַז ער גופא איז בייגעווען ביי „בראשית ברא״... זיין ייִדיש קלינגט גוט, אָבער עס פילט זיך, אַז דעם „תוהו ובוהו״ האָט נסתר אויסגעטרוימט אינעם לשון פון תנ״ך...

עד כאן די רייד פון רחל ינאית.

אין ווילנע טאַקע, אין 1907 יאָר, — האָט דער נסתר זיך באַוויזן מיט זיין ערשט בוך לידער אין פּראָזע „געדאַנקען און מאָטיוון״.

---

*) „אנו עולים״, פרקי חיים מאת רחל ינאית־בן־צבי, הוצאת „עם עובד״, תל־אביב, 1959. זכרונות, אָנגעהויבן פון די קינדער־יאָרן אין מאַלין, איר אוקראַיניש היימשטעטל, און דערפירט ביז דער תקופה פון איר אַקטיווער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט אין ארץ־ישראל.

אַרום אָט דער מערקווערדיקער שאַפונג האָט זיך דעמאָלט אַנט־ וויקלט אַ וויכוח. פון איין זייט — די טענות פון דער דאָגמאַטישער קריטיק, אַז דער נסתר מאַכט נאָך, כביכול, דעם מיסטיציזם און קאָמפּליצירטקייט פון די רוסישע און פּוילישע דעקאַדענטן; פון דער אַנדערער זייט — אַ טיפער אינטערעס, אויב נישט אַ באַגייס־ טערונג, פון יונגע לייענערס און קריטיקערס. און דער נסתר? ער האָט געשוויגן און ווייטער געשריבן — ערלעך און טריי זיין מקורות־ דיקן זיך אַליין.

אין אַ פּאָר יאָר אַרום האָט זיך דער נסתר געלאָזט צו י. ל. פּרצן, באַווירקט און צוגערעדט דערצו פון דעם ווילנער שרייבער א. ווייטער. פאַרבראַכט האָט ער אין וואַרשע נישט מער ווי אַכט אָדער צען טעג. אָבער פון די געציילטע טעג, מיט און אַרום פּרצן, איז דער נסתר אַרויס אַ באַפליגלטער — דערוואַרעמט און געבענטשט אויף זיין גאַנץ לעבן. מיט יאָרן שפּעטער האָט דער נסתר דערציילט, אַז י. ל. פּרץ האָט אים דעמאָלט געפרעגט און איבערגעפרעגט:

„ווי רופט מען דאָס מקום, אַ וווּ איר געפינט זיך איצט? זשיטאָמיר? ווער זשיטאָמיר, וואָס מיר זשיטאָמיר? ווּהין האָט איר זיך פאַרקליבן? קיִעוו איז פאַר אייך צו קליין. פּעטערבורג, וואַרשע, בערלין — אָט וואָס איר דאַרפט”...

אַזוי האָט פּרץ גערעדט און דערמיט ווי אַנגעוויזן, אָנגעמערקט פאַרן יונגן נסתר אַ רחבותדיקן שרייבערישן וועג אין דעם ווייטן פאַרויס.

„דאָס מקום”, ווּ דער נסתר איז, אין יאָר 1884, געבוירן, רופט זיך בערדיטשעוו און פון דער היים הייסט דער נסתר פּיני, פּיניע (פּנחס) קאַהאַנאָוויטש. אין זיין משפּחה האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן און אויף אַן עכט וואָלינער אופן פאַראייניקט צוויי ביז גאָר פאַר־ שיידענע ליניעס: איינע — אַ חריפיש־למדנישע, אַ פרום־געשלאָ־ סענע; די צווייטע — אַ זאַפטיק־דאָרפישע, אַ ווינטיק־פרייע. האָט

דער בערדיטשעווער בחור מיטן שאַרפֿן מוח און טרוימעריש האַרץ באַקומען אַ טיף קוואַליקן, פֿאַרשיידן־מיניקן ירושה־שטאָף, וואָס האָט זיך, ביי יעדן צד באַזונדער, געזאַמלט אין משך פֿון דורות.

זענען אַלע נסתרס ווערק, פֿון די פֿרי־פּריסטע ביז די שפּעט־לעצטע, די קלענערע, פּונקט ווי די גאַר גרויסע, אויסגעחלומט און אויסגעפֿורעמט אויפֿן זעלבן ייִדישן אופֿן, וואָס וואָרצלט אין די אַלט־ייִדישע קוואַלן. דערביי עטעמען זיי אַלע אַן אויסנעם מיט יענעם באַהאַרציקטן וואָלינער־ייִדישן פֿאָלק־אָטעם, וואָס וואַרפֿט אַן אויס־בליק ווייט־ווייט אין דער צוקונפֿט. אפֿשר דערפֿאַר, האָט דער נסתר גופֿא, האָבן זיינע ווערק פֿריִער און שפּעטער, אַזוי אָפֿט אַרויסגע־רופֿן אַסאָציאַציעס מיט דער געשטאַלט און מיטן שאַפֿן פֿון ר׳ נחמן בראַסלאַווער.

דער נסתר האָט, סיי פֿערזענלעך, סיי שאַפֿעריש, זיך שטענדיק און אומעטום בולט אויסגעטיילט אין דער אַרומיקער שרייבערישער סביבה. טראָץ דעם, וואָס זיין לעבנסוועג איז בדרך כלל געווען אַן אַלגעמיינער, אַ צוזאַמענדיקער מיטן רוב ייִדישע שרייבערס פֿון זיין דור.

זיינע קינדער־און פֿריִיוגנט־יאָרן האָט פּיני קאַהאַנאָוויטש פֿאַר־בראַכט ביים טראַדיציאָנעל־רעליגיעזן לערנען. נאָך דעם, האָט ער דורכגעמאַכט אַן עקסטערן־תקופֿה פֿון וועלטלעכער אַליין־בילדונג אין די גרעסערע שטעט פֿון אוקראַינע, ווו ער האָט זיך אויסגע־האַלטן פֿון העברעיִשע לעקציעס. שפּעטער, ערב און גלייך נאָך דער רעוואָלוציע, האָט ער געהערט צו דער קיִעווער גרופּע ייִדישע שרייבערס. צוזאַמען מיט אַ טייל פֿון זיי געווען אַ לענגערע צייט אין אויסלאַנד. צום סוף, — פֿאַרנומען אַ צענטראַלן אָרט צווישן די סאָוועטיש־ייִדישע שרייבערס אין מאָסקווע.

ווי געזאָגט, האָט זיין ערשט בוך „געדאַנקען און מאָטיוון" זיך באַוויזן אין ווילנע (1907). זיינע ווייטערדיקע ביכער זענען: „העכער פֿון דער ערד" (וואַרשע, 1910); „געזאַנג און געבעט" (פּאָעמעס, קיִעוו, 1912); צוויי בענד „געדאַכט" (בערלין, 1922,

1923) ; „פון מיינע גיטער״ (קראָקאָו, 1928) — אַלע פונעם זעלבן פאַנטאַסטיש־אויסטערלישן שניט, ווי דאָס ערשטע בוך.

אַרויסגעגעבן אין ווילנע, קיִעוו און קראָקאָו, אין יאָהאַנעסבורג, וואַרשע, ריגע און בערלין — זענען זיי אַלע פול מיט וויזיעס, עמאָציעס און סטיכישע אימפּולסן. זיי דערציילן וועגן הימל און ערד, באַרג און פעלד, מידבר און וואַלד ; יעדע ווייַלע ווערט דאָרט אומגעריכט און אַנדערש באַלויכטן אַ מענטש אָדער אַ גייסט. געטריבן פון אַן אינעווייניקסטן דראַנג צו גיין און זוכן, וואַנדערן זיי און וואַגלען אין עפּעס אַ מין גרויסער און וויכטיקער אָבער פאַרהוילענער שליחות. זיי קוקן זיך אויס די אויגן, בענקען זיך אויס דאָס האַרץ נאָך אַ באַרג פון האָפענונג, אַ קערנדל פון אמת, אַן אייעלע פון ליבע. זיי שפּאַנען אַרום, אָט די גייערס, באַזונדער אָדער צוזאַמען, אויף פאַרלאָזטע און פאַרגעסענע, אויף פּוסטע און וויסטע וועגן און שליאַכן און ווערן אויסגעשטעלט אויף כלערליי „נישט־דאָיִקע״ באַגעגענישן און איבערלעבונגען.

דורכזעעוודיק און שאַרף, ווי די לופט הויך־הויך אין די בערג, איז נסתרס דערציילערישקייט. איין קלאַנג גיסט זיך איבער אין אַן אַנדערן ; איין וואָרט קייטלט זיך אינעם צווייטן. ווערט די שפּראַך ווי אַ לעבעדיקע באַשעפעניש, וואָס אָט צערטלט זי און גלעט, אָט שרעקט זי און דראָט — און בלייבט שטענדיק הונגעריק און נישט דערזאָגט. דער נסתר פּרוּווט זיך דערגרונטעווען צום פאַרבאָרגנסטן סוד פון נאַטור, פון גייסט און פון מענטש — און צעוואָרפט דערביי די גרענעצן פון וועלט און פון צייט. אַזוי הייבט ער אַ מאָל אָן נאָך פאַר „בראשית״ און אַ מאָל ענדיקט ער שוין „באחרית הימים״.

ווי אַ בשורה, וואָס דערוועקט און רודערט אויף צו טאָט און צו שאַפן, — ווירקט אויפן לייענער „די מאַמע פון אַלע שטילקייטן״. נישט געשטערט פון מענטשן־קול און ווידערקול, פאַרבאָרגט זי אין איר פול־איבערפילטן שווייגן נישט בלויז אַן אַ שיעור אינהאַלטן און השגות, נאָר אויך געפילן און פאַרגעפילן, וואָס זאָגן אָן אויף אַ טרייסט...

...ווי נאָר מען דערמאָנט „די מאַמע פון אַלע שטילקייטן", וואַכן אויף אין זכרון פונעם לייענער, וואָס האָט געקאָנט נסתרן, נאָך און נאָך שווייגנדיקע שטילקייטן און שטילע שווייגענישן פון אים אַליין, פון נסתרן גופא. יעדע איינציקע — אַנדערשט פאַרטיפט און פילזאָגנדיק שטילגעשוויגן... אומגעריכט ביז גאָר וואַכן פּלוצעם אויף אויך נסתרס אַ פּאָר ווערטער וועגן זיין מאַמע; ווי אַזוי אַ גנב פון דער נאָענטער סביבה האָט זיך געבעטן ביי איר: „לאה, וואָס האָט איר צו מיר? הענגט נישט אַרויס אייערע וועש אין דרויסן, מען איז דאָך נישט מער ווי אַ מענטש..."

געזאָגט, פאַרזשמורעט די אויגן, שטיל אַ שמייכל געטאָן און...

ביי די, וואָס זענען געווען דערביי, האָט די געשטאַלט פון לאה, נסתרס ווונדערלעכע מאַמע, זיך פאַרהיט ביז איצט...

אַ באַזונדערן אָרט צווישן נסתרס פאַנטאַסטישע ווערק פאַרנעמען די „מעשהלאַך אין פערזן", דערשינען אין עטלעכע אויפלאַגעס. די פערטע — אין פאַרלאַג „שוועלן" בערלין, 1923 — תרפ"ג. גלייבט מען זיך אַליין נישט: אַ יידיש־פאַרלאַג אין דער הויפּטשטאָט פון דייטשלאַנד? אין גאַנצן מיט איין יובל צוריק?

אָבער אָט ליגט עס פאַר די אויגן — אַ דין ביכל פון 61 זייטלעך. די פּאַפּירענע טאָוולען זענען באַשפּרענקלט מיט אַלטלעכמידע געלע פלעקן. נאָר וואָס מאַכט עס אויס? קוים הייבט מען אָן לייענען, גייט מען אַריין דורך עפּעס אַ מין מאַגיש־פאַרכישופטן טויער גלייך אין אַ ווונדערוועלט פון חיות און פייגל, פול מיט איבער־חיהשער פּיקחות; מען טרעפט זיך גלייך מיט וואָרעם־הייםישע צויבער־מעשים פון שרעטעלעך און שאַלעמויזן, און ביי יונג אָדער אַלט, ווערט פרילינגדיק אויפן האַרצן.

אַוודאי וואָלט געווען גוט, און אַזוי גלוסט זיך טאַקע, איבערשרייבן די צוועלף מעשהלעך וואָרט אין וואָרט. זאָל זשע כאָטש, ווי אַ רמז דרמיזא, דאָ געגעבן ווערן די אָנהייב־שורות פונעם ערשטן מעשהלע „אַ מעשה מיט אַ בער":

כ׳האָב אַ מעשה צו דערציילן,
ווי ס׳אַמאָל, אין יענע יאָרן,
ווינטער־צייטן האָלץ צו האַקן
אין אַ וואַלד אַ גוי געפאָרן.

**און אויך — די אָנהייב־שורות פונעם לעצטן מעשהלע, „אַ מעשה מיט אַ האָן״:**

איינס און איינס איז צוויי,
צוויי און איינס איז דריי —
האָב איך מיר אַ לידעלע,
לידער־לידער־ליי.

זינג איך מיר דאָס לידעלע,
הויב איך עס מיר אָן:
אויף אַן אַלטן בוידעמל
האָט געוווינט אַ האָן.

**אויך אין אָט דער קינדעריש־דמיונדיקער וווּנדערוועלט גייען אַרום, אין אַ שליחותל, אַ שליחות — אַ קעצל, אַ ווייסע ציגעלע, אַן אַלטער מיט אַ ניסן־שטעקן, און נאָך און נאָך. יעדער איינער פּרוּווט, אויף אַן אַנדער אופן, בייצושטיין דער וועלט אין אירע נאָ־טירלעכע נויטן און באַמיט זיך צו ראַטעווען אַ גאַטס באַשעפעניש פון אַ צרה.**

**...איין מאָל, נאָך דעם ווי אינעם „קיִעווער פאַרלאַג״ איז אַרויס די צווייטע אויפלאַגע פון די „מעשהלאַך אין פערזן״, האָבן אַ חברה יונגע לייענערס, אין אַ שנייִק־ווינטערדיקן טאָג, זיך אַוועקגעלאָזט פון קיִעוו צו דער פאָרשטאָט פּושטשאַ־וואָדיצאַ. דאָרט, אין אַ גרויסן געדיכטן וואַלד, האָט אין די נאָך־רעוואָלוציע־יאָרן, געוווינט דער**

נסתר. די חברה האָבן געוואָלט זען נסתרס היים, דערשפּירן די אַטמאָספער פון וואַנען עס קומען אַרויס זיינע צויבער־מעשהלעך. אָבער האַרט ביים פּלויט פון נסתרס פּאַרשנייטן שטיבל האָבן זיי זיך פּלוצעם אַ שאַרפן קער געטאָן און שווייגנדיק צוריקגעאיילט אין שטאָט אַריין...

און דער נסתר? דער נסתר האָט פון בוך צו בוך זיך קאָנצענטרירט אויף די נישט־ערדישע געשטאַלטן און געשעענישן, פּאַרפולקומט זיין שפּראַך און פאָרעם און געשטאַרקט ביים לייענער, יונג אָדער אַלט, אַ מאָדנע נישט געשטילטע נייגעריקייט.

דעריבער האָט אַזוי אומגעריכט געווירקט זיין בוך „דריי הויפּטשטעט" (פאַרצייכענונגען) וואָס איז נאָך אַ לענגערער תקופה פון נסתרס שווייגן אַרויס אין כאַרקאָוו (1934). דאָס מאָל — וועגן דער סאָציאַליסטישער רעקאָנסטרוקציע פון דריי ממשותדיקע, קאָנקרעטע שטעט: כאַרקאָוו, לענינגראַד און מאָסקווע — מיט אַ דייטלעך אָנגעמערקטער דערציילערישער און אידעישער ליניע.

נאָך אַ גרעסערע נסתר־איבערראַשונג איז געווען די ערשטע טייל פונעם קינסטלעריש־רעאַליסטישן ראָמאַן „די משפחה מאַשבער", אַרויס אין מאָסקווע אין יאָר 1939 *); און שפּעטער אין ניו־יאָרק, 1943 **). וועגן רוסיש־ייִדישן לעבן אין די זיבעציקער יאָרן פונעם 19טן יאָרהונדערט. מיט היסטאָרישע און סאָציאַלעקאָנאָמישע באַגרינדעטע גייסטיקע, פּסיכאָלאָגישע און געזעלשאַפטלעכע פּראָצעסן, מיט אַ גאַנצער ריי ממשותדיקע געשטאַלטן פון בלוט און פלייש.

*) דער ניסטער „די משפחה מאַשבער"; ראָמאַן. ערשטער טייל. צייט — די 70ער יאָרן פון פאַריקן יאָרהונדערט. מאָסקווע, „עמעס", 1939, 412 ז"ז.

**) דער נסתר „די משפחה מאַשבער", ראָמאַן. ערשטער טייל. צייט — די 70ער יאָרן פונעם פאַריקן יאָרהונדערט, מיט אַן אַריינפיר־אַרטיקל וועגן דער נסתר פון נחמן מייזיל. פאָלקס־פאַרלאַג „איקוף", ניו־יאָרק, 1943. 440 ז"ז.

ווי ווייט און ווי ברייט דער נסתר האָט זיך פאַרמאָסטן אין זיין נייער איבערראַשנדיקער שאַפונג, איז צו זען אינעם פאָרוואָרט צום ראָמאַן, וואָס דערפון ווערן דאָ געבראַכט צוויי איינצלנע, אָפּ־געריסענע שטעלן:

„...מיר איז געווען גאַנץ שווער — האָט דער נסתר דאָרט געזאָגט — אויפצוועקן, אויפצולעבן און מאַכן זיך באַוועגן יענע פאַרשוינען, וואָס ווירקן אין דעם בוך.

איך האָב דאָס אָבער געטאָן צוליב געשיכטלעכער דער־קענטעניש, כדי צו באַקענען דעם יונגן דור מיט דעם גוואַל־דיקן מהלך, וואָס מיר האָבן דורכגעמאַכט פאַר אַזאַ קורצן צייטאָפּשניט...

...עס זענען שוין דאָן געוואַקסן יענע קינדער, וועלכע האָבן שפּעטער געריסן מיט גאָר דעם אַלטן, טראַגנדיק פייער אין די פאָלעס פאַר אַלעם דורותדיקן שימל, וואָס האָט זיך אָנגעקליבן ביז זיי.

איז אָט, צו דעם באַהאַלטענעם פייער, וואָס אין די פאָלעס פון יענעם יונגן דור, איז דער עיקר מיין אויג געווענדט. כ׳וויל זיך צו אָט דעם דור דערקלייבן, קינסטלעריש אים שילדערן און אים אָפּגעבן די ערע, פאַרוווּנדערונג און אַכטונג, וואָס גייענדיק מיט אים, האַנט אין האַנט, האָב איך אַ לעבן לאַנג געזאַמלט.״

עד כאן אַ טייל פון נסתרס פאָרוואָרט, וואָס בלייבט ביז איצט הענגען אין דער לופטן, ווייל...

דער צווייטער טייל פונעם גרויסן ווערק „די משפחה מאַשבער״, פאַרטראַכט און געבויט ווי אַ טרילאָגיע, איז שוין דערשינען נאָר אין ניו־יאָרק, יאָר 1948 *). מיט די הייליקע שורות בראש:

*) דער נסתר „די משפחה מאַשבער״. צווייטער טייל, איקוף־פאַרלאַג, ניו־יאָרק, 1948, 446 ז״ז.

מיין קינד,
מיין אומגליקלעך־אומגעקומענע טאָכטער האָדעלע
(געבוירן יולי 1913, אין זשיטאָמיר,
געשטאָרבן פרילינג 1942, אין לענינגראַד), —
זאָל דיין טאַטנס צעבראָכן האַרץ זיין די מצבה
אויף דיין פאַרלוירענעם קבר,
זאָל אָט דאָס בוך זיין געווידמעט
דיין אייביק הייליקן פאַר מיר **אָנדענק**,

**דיין טאַטע — דער מחבר**

...אין 1948 יאָר האָט מען פון מאָסקווע אַרויס אָנגעזאָגט דער גאַנצער יידישער וועלט, אַז דער נסתר האָט צוגעגרייט צום דרוק אַ נייע אויפלאַגע פון „די משפחה מאַשבער", אַלע דריי טיילן צו־זאַמען. דאָרט טאַקע, אין ראַטן־פאַרבאַנד, איז די מיט מזל פאַר־ענדיקטע טרילאָגיע פייערלעך פּראָקלאַמירט געוואָרן, ווי אַ מאָנו־מענטאַל ווערק פון אומגעהייער גרויסן געזעלשאַפטלעכן, סאָציאַלן און קינסטלערישן באַטייט.

עס האָט לאַנג נישט געדויערט, אפשר נישט מער ווי געציילטע חדשים — און דער נסתר איז געפאַלן אַ קרבן — „פון אומגעזעצ־לעכער רעפּרעסיע. און איז רעהאַביליטירט נאָכן טויט".

אַזוי אינפאָרמירט די סאָוועטישע „קורצע ליטעראַרישע ענצי־קלאָפּעדיע" (1968).

דאָס ווייסט מען, מען ווייסט אָבער נישט, און מען דערוויסט זיך נישט פון דאָרטן ליטעראַריש־אָפיציעל: צי איז אויך די טרי־לאָגיע געוואָרן „רעהאַביליטירט"? האָט מען זי שוין אָפּגעפונען? האָט מען זי בכלל געזוכט? קען דען געמאָלט זיין, אַז דער אומ־געווינלעכער כתב־יד איז פאַרלוירן געגאַנגען? פשוט און פּראָסט — פאַרפאַלן?...

לויט דער אַלגעמיינער אָפּשאַצונג, סיי אין אויסלאַנד און סיי

אויך אין ראַטן־פאַרבאַנד, — האָט דער נסתר מיט זיין ראָמאַן „די משפחה מאַשבער" זיך שאַרף און אַנטשלאָסן פאַרקערעוועט און ברייט געשפּאַנט אויפן געבענטשטן שליאַך פון דער ייִדישער קלאַסישער שאַפונג.

פּלאַסטיש ביז גאָר, שיִער נישט אויסגעהאַמערט און אויס־געטאָקט, שטעלט דער נסתר אויף און רוקט אַרויס אויפן ערשטן פּלאַן פונעם ראָמאַן די שטאָט נ., וואָס לאָזט זיך גלייך דערקענען, ווי בערדיטשעוו, מיט דריי באַזונדערע טיילן, דריי רינגען פון שטאָט. דער ערשטער רינג איז דער האַנדלסמאַרק מיטן באַשטענדיקן יריד, און אַרום — די פּיל סקלאַדן, קלייטן און שטעלכלעך. נאָך דעם גייט די שטאָט גופא, מיטן געמיש און געדריי פון גאַסן און געסלעך, פון הויפן און הייפלעך, מיט גרויסע, קלענערע און גאָר קליינע שולן, יעדע איינציקע צווישן זיי מיט איר ספּעציפישן גייסטיקן און סאָציאַלן שול־פּרצוף; דערצו דער טייך מיט דער הילצערנער בריק און דער אַלטמאָדישער „קלאַדקע" איבערן טייך. און לסוף — די פאַרשטעטעלעך, מיט די שענקען און שאַנדהייזלעך, ווו עס האַלטן זיך אויף די הפקר־לייט פון דער אונטערוועלט, אָבער ווו אין אַ מוראַדיקער ענגשאַפט וווינט אויך אַן אויסגעהאָרעוועטע, פאַר־מאָרעטע מאַסע פון בעל־מלאכות און אַרבעטער.

אויפן פאָן פון די באַוועגלעכע רירעוודיקע שטאָטישע רינגען טרעטן בולט אַרויס שאַרף־באַזונדערע געזעלשאַפטלעכע רינגען מיט דער פּילפּנימדיקער אַלט־בערדיטשעווער ייִדישער, און טיילווייז אויך נישט־ייִדישער, באַפעלקערונג. פונקט ווי די שטאָטישע, זענען אויך די מענטשלעכע רינגען געפורעמט אויף יענעם רייף־קינסטלערישן אופן, וואָס האָט צוגעזאָגט דער שאַפונג אַ פעסט, זיכער און לאַנג־דויערדיק לעבן.

האָבן שוין אַ טייל פון נסתרס געשווירענע לייענערס געמיינט, אַז עס איז אויסגעוואַקסן אַ שפּאָגל נייער „ערדישער" פראַזאַיִקער, וואָס איז שוין אפשר געוואָרן אין גאַנצן אויס נסתר. אָבער אַזוי האָט זיך געקאָנט דאַכטן בלויז אויפן ערשטן איבעררעשטן מיין.

אין גרונט איז דער נסתר, ווי שטענדיק, געבליבן טריי זיך אַליין. אויך דאָ, אין זיין רעאַליסטישן ראָמאַן, צעעפנט דער נסתר אַן אַ שיעור ניי־באַלויכטענע האָריזאָנטן פאַר מענטשן־דערקענטעניש. אַפילו די דריי לייבלעכע ברידער פון דער משפחה מאַשבער גופא זענען מענטשלעך ווייט־אָפּגעטיילט צווישן אַנאַנדער. דער עלטערער ברודער לוזי איז אַ בולטער רינג אין דער ייִדישער פייערלעך־גייסטיקער גאָלדענער קייט; דער מיטלסטער, משה, דער איינציי־קער בעל־משפחה צווישן די ברידער, איז אַ סוחר, אַ גביר, מיט אַ רייך־געפירטער שטוב און מיט אַ נגידישן אויבנאָן אַרום און אַרום זיך; דער ייִנגסטער, דער שוואַכער אַלטער, טראָגט אין זיך אַ פאַרוויקלט־קרענקלעכן קנויל פון פאַרלאַנגען און חלומות, וואָס ווערן אין ערגעץ נישט דערפירט און קיין מאָל נישט אויסגעפילט. די ברידער מאַשבער — און נאָך אַנדערע פון די גרעסערע אָדער קלענערע קרייזן אַרום זיי — פאַרקערפּערן אויף אַ ממשותדיקן אופן די סימבאָלישע קאַמפן און ראַנגלענישן פון נסתרס אַמאָליקע העלדן.

ראשית כל, די בראַסלאַווער חסידים. מיט לוזי מאַשבער בראש שפּילן זיי אינעם ראָמאַן אַ וויכטיקע ראָלע, ווי אַ הייס־חסידישער גלגול פון דעם נסתרס פריִערדיקע „גייערס". כדי צו באַזיניקן דעם ברייטן אַרום, לאָזט זיך לוזי מאַשבער אין אַ ווייטן וועג. ווער זשע זענען זיינע מיטגייערס? סרולי גאָל, וואָס וויל נישט דערלאָזן די השגחה זאָל זיין הפקר; מיכל בויקער, אַ ליידנשאַפטלעכער ליב־האָבער פון פרייהייט, וואָס פאַלט אַ קרבן פון דער טעראָריזירנדיקער פרום־פאַרגליווערטער סביבה. און די בראַסלאַווער זענען דאָך בלויז אַ טייל פון דער קוואַלנדיקער שפע פילפאַרביקע טיפּן, וואָס אין די אָפּגעשטאַנענע, פינצטערע לעבנס־פאַרהעלטעניש שטרעבן זיי צו אַ שטראַלנדיקן „קערנדל פון אמת", זוכן זיי אַ ליכטיק „אייעלע פון ליבע", און אחרון אחרון — די פרויען אין דער ייִדישער אויס־געשפּראָכן־מענערישער וועלט פונעם 19טן יאָרהונדערט. אַפילו אין די דעמאָלטדיקע רייכע „אייבערשיכטן" געפינט אויס דער נסתר פרויען, וואָס פאַר זיי איז די גדלותדיקע זיכערקייט פון זייערע

זיידענע מענער נישט מער ווי אַן אויפגעבלאָזענע איינרעדעניש. וואָס שייך די בערדיטשעווער פאָלקספּרויען — זיי דאַרף מען נישט זוכן; זייערע ווייבערשע רייד פונעם האַרצן אַרויס הילכן אָפּ אין דער לענג, אין דער ברייט און אין דער טיף פונעם ראָמאַן. קלאָר און דראַסטיש קלינגען זייערע טענות קעגן דעם, וואָס מען פאַר־פירט דעם פּראָסטן המון אין אַ פרומען הינערפּלעט, וואָס מען צווינגט זיי דינען גאָט דורך פאַסטן און צאַנקען. אַזוי שטאַרק און אַזוי ווייט, אַז די קערנדיקע אַרבעטקראַפט און דער זאַפטיקער גלוסט ווערן ביי זייערע מענער אויסגעטריקנט און איינגעשרומפּן.

ווי אַ פאַרקערפּערטער, שאַרף־סאָציאַלער, אָריגינעלער פּראָ־טעסט ווירקט די געשטאַלט פון אסתר־רחל, אַ וויטלעכע אָרעמע קרובה פון דער משפחה מאַשבער. איר מאַן, אַן איינבינדער און דערצו אויך אַ שמש, גייט אַרום אין לעבן אויף די שפּיץ פינגער. גלייך ער וואָלט מורא געהאַט צו באַטרעטן דעם דיל מיט זיינע קבצנישע פיס. ביי איר אַליין איז פון דער אייביקער נויט דאָס פּנים פאַרהאַרטעוועט ווי לעדער. רופט מען זי טאַקע „די לעדערנע צדיקת". צדיקת? אַוודאי צדיקת. זי שטייט־ביי יעדער פרוי אַן אויסנעם ווען ווי און ווער עס נייטיקט זיך נאָר. זי העלפט אַרויס אויך אירע פאַרמעגלעכע קרובהס אין זייערע ריין־ווייבערשע נויטן — נישט פאַר לוין, חלילה, נאָר צוליב מצווה.

אויך דאָ, אינעם ראָמאַן, ווערט די דערציילערישע פאָרעם פון אַ מאָל נישט קיין סך געענדערט. דער שפּראַכריטעם איז אויך דאָ כסדר באַגלייט מיט אַן אינעווייניקסטן אונטערערדיש־געדאַנקלעכן שטראָם, וואָס שטרייכט אונטער דעם זינען און דעם מיין פונעם מחבר.

אָבער פון דער קינסטלערישער הייך, וווהין דער נסתר האָט זיך פאַרקליבן אין די צוויי בענד פון „די משפחה מאַשבער"*) שטערט ער נישט די העלדן פון אַלע דריי רינגען צו גלייך, זיי זאָלן זיך

*) דר נסתר: „בית משבר" רומן היסטורי. עברית: ח. רובינזון, ש. נחמני. על האיש ויצירתו — נ. מיזל. כרך א' „ספרית־פועלים", ישראל, 1963.

גיין מיט זייערע היסטאָריש־גורלדיקע וועגן. מעגן די וועגן יאָ אָדער נישט זיין צום האַרצן דעם מחבר. ער האָט בלויז געזוכט אין זיי אַלע, דער עיקר אין דעם באַוווּסטן „דריטן רינג", פונקען פאַר דער נאָענטער און ווייטער צוקונפט. און דערמיט אַליין ווערט שוין דער נסתר בנוגע צו יענער היסטאָרישער תקופה מער גע־רעכטער שופט איידער באַשולדיקער.

נאָך און נאָך טראַגישע אומשטאַנדן, נאָך און נאָך דראַמאַטישע פּאַסירונגען אין די העכערע שיכטן פון דער געזעלשאַפט; אָן אַ שיעור איבערגלייבערישע ווילדגראַז, וואָס צעוואַקסט און פאַר־שפּרייט זיך צווישן דער דערדריקטער מאַסע אין דעם פינצטערן ווינטער פונעם אומגערעטעניש־יאָר — דאָס אַלץ ברענגט דער נסתר אַרויס ווי אומפאַרמיידלעכע רעזולטאַטן פון די דעמאָלטיקע שיִער נישט מיטל־עלטערישע לעבנס־פאַרהעלטענישן, און איז אין דעם אַלעם נאָענט און אַקטיוו משתּף דעם לייענער.

דאַכט זיך שוין דעם לייענער, אַז לוזי מאַשבער איז דעם מחברס באַגלייבטער, געטרייסטער שליח. און ווי אַ שליחות פון דעם נסתר אַליין, קלינגען שוין פאַרן לייענער לוזי מאַשבערס רייד:

> איידער מען גייט באַשטראָפן אַ מענטשן, וואָס בלאָנדזשעט אויף גייסטיקע וועגן און שטעגן — דאַרף מען פריִער אויפ־קלערן די סיבות פון זיין שולד. מען זאָל, חלילה, זיך נישט איילן אים אָפּצושטויסן, מען זאָל נישט אָפּזאָגן אים דאָס לעבן אויף דער און אויף יענער וועלט!

מיט דער הילף פון לוזי מאַשבער פירט דער נסתר זיינע העלדן דערצו, זיי זאָלן אַליין אויסגעפינען די סיבות פון צרות־הפּרט, צרות־האומה און צרות־הכּלל.

---

דר נסתר: „בית משבר" רומן היסטורי. עברית: א. ד. שפיר. על האיש ויצירתו — נ. מיזל. כרך ב׳ „ספרית־פועלים", ישראל, 1963.

דער נסתר: „הנזיר והגדייה" סיפורים, שירים, מאמרים. תרגם מיידיש דב סדן. מבוא מאת חנא שמרוק. „מוסד ביאליק", ירושלים, 1963.

ווי געזאָגט, איז דער דריטער טייל פון „די משפּחה מאַשבער" נישט דערשינען. נישט דערשינען זענען אויך די צוגאָב־דערצ״י־לונגען וועגן באַזונדערע פאַלן אינעם נאַציש־אָקופּירטן פּוילן (פאַר־אייניקט אונטער אַן אַלגעמיינעם נאָמען „קרבנות" *). וויפל מאָל און ווי אָפט האָט דער נסתּר אין זיינע אַמאָליקע פאַנטאַסטישע מעשׂיות זיך אומגעקערט צו דער שרייענדיק־מאָנענדיקער שטומ־קייט פון אַ פּוסטן יישוב; צו די ליידיקע וועגן און שטעגן, פאַר־געסענע פון פור און גלאָק, פון פערד און פאָרערס. און ווען די פּוסט און וויסט געוואָרענע יישובים און וועגן זענען געוואָרן אַ טייל פון אונדזערווירקלעכקייט, האָט דער נסתּר פון דער ווייטן, פון ביראָבידזשאַן, טאַשקענט און מאָסקווע, געפּרוווט מיטגיין, מיט־מאַכן דעם יסורים־גאַנג פון די קרבנות. קיין שום עדות — האָט דער נסתּר געזאָגט — איז נישט אין שטאַנד אויסצוווייזן, אויס־צוקלאָגן דעם לעצטן חורבן פון אונדזער פיל־געפּרוווטן, פיל ליידנ־דיקן פאָלק. דערביי האָט דער נסתּר, ווי מיט אָנגעגליטע אייזערנע קלעשטשעס פון זיך אַליין אַרויסגעריסן אַ פאַרשטיקטן געוויין וועגן איין פאַל, אַ צווייטן, אַ דריטן.

צווישן זיי דער פאַל: „ריווע יאָסל בונציעס". איינע פון עם גרויסן שבט ייִדישע נשים צדקניות, שטעלט זיך ריווע יאָסל בונ־ציעס בראש פון אַן עדה פרויען, וואָס ווערן אין אַ זומערדיקן ערב־שבת, געפירט פון די נאַציס צום טויט. אין די **לעצטע מינוטן** פאַרן סוף, בענטשט זי, מיט אַלע פרויען בציבור, ליכט אויף אירע מיטגעבראַכטע זעלטענע ירושה־לייכטערס. די געבענטשטע ליכט לעשן זיך נישט אויס. זיי בלייבן ברענען שוין נאָך אַלעמען, אין דער שפּעטערדיקער מוראדיקער שטילקייט...

פרום אָדער פריידנקעריש בענטשט ליכט מיט די פרויען

---

*) דער ניסטער: „קאָרבאָנעס", (דערציילונגען), מאָסקווע, „דער אמת", 1943.

דער נסתּר: „אינעם אָקופּירטן פּוילן" (דריי פאַלן), אַרויסגעגעבן פון זשורנאַל „איקוף", בוענאָס־איירעס, 1945.

בציבור אויך די לייענערין. און זי פאַרהיט אויף שטענדיק אין איר געמיט די צוויי ברענענדיקע ליכט אין דעם פאַרשטומטן אַרום.

מען דערציילט, און דאָס דערציילטע קלינגט אַזוי עכט ניס־תריש: בשעת מען האָט אין מאָסקווע געהאַלטן אין פאַרנעמען די גרעסטע סאָוועטיש־ייִדישע שרייבערס און קינסטלערס, — איז מען צום 65־יאָריקן שרייבער געקומען צום לעצט.

„איך וואַרט שוין לאַנג אויף אייך — האָט זיך דער נסתר געווענדט צו יענע פאַרשוינען — גרייט און וויליק צו טיילן דעם גורל פון מיינע חברים און פריינד. מיינע כתבים? איך האָב זיי געשריבן נישט צוליב אייך. זוכט זיי נישט, איר וועט זיי נישט געפינען."

אָפּגעזאָגט די פּאָר ווערטער, האָט דער נסתר זיך איינגעהילט אין אַ לויטערער שטילקייט, ווי מען הילט זיך איין אין אַ טלית און איז אַוועק, געפירט פון די טריפה־לייט.

אין דעם ריבאַק־מוזיי פון בת־ים געפינט זיך אויך איצט, אין 1973, אַ נסתר־פּאָרטרעט, געצייכנט אין קיִעוו, 1917, פונעם מאָלער ישׂשכר בער ריבאַק. אַ פּאָרטרעט? בעצם, אַ שוואַרץ־ווייסע קוביס־טישע צייכענונג, ווו פון די שאַרפעקיקע פאָרמען טרעט אַרויס, גרויס, בולט אין שוואַרץ, איין אויג פון נסתרן.

מערקווערדיק: וואָס מער צייט עס גייט אַוועק, אַלץ גרעסער, בולטער, שוואַרצער און מאָנענדיקער זעט אויס אויפן פּאָרטרעט נסתרס איין אויג...

יולי 1973

## לייב קוויטקאָ *)

איך זאָל כאָטש ענדיקן מיין דינינק פידעלע,
וואָס שניץ און טעסע עס אַ גאַנצן פרי...
בייז געוויטער, וואַרט אַ ווייל פון יענער זייט!
איך מוז פאַרטעסען נאָך דעם אונטערטייל.
און דו, טויט, שטיי אַ ווייל ביים שוועל און וואַרט אויף מיר —
איך מוז פאַרגלעטן נאָך דעם אויבערטייל.

(פון זיין ליד „איך זאָל כאָטש ענדיקן", 1919)

אין משך פון אַ דריי יאָרצענדלינגער האָט מען אין ראַטן־פאַרבאַנד געהאַלטן אין איין קרוינען לייב קוויטקאָ פאַרן גרעסטן יידישן, און אויך פאַר איינעם פון די בעסטע אַלסאָוויעטישע קינדער־דיכטער. זיין ליד „אַ בריוו דעם חבר וואָראָשילאָוו" האָט מען יאָרן לאַנג אַריינגערעכנט צווישן די באַליבטסטע לידער ביי אַלע נייע און נייערע קאַדרען קינדער פון פאַרשיידענע פעלקער אין סאָוועטן־לאַנד.

שוין נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, אין 1946, האָבן אָפיציעלע ידיעות פון ראַטן־פאַרבאַנד דערציילט וועגן 131 סאָוועטישע אויסגאַבעס פון לייב קוויטקאָס ווערק, אויף 33 שפּראַכן, מיט אַן אַלגעמיינעם טיראַזש פון כמעט 7 מיליאָן עקזעמפּלאַרן.

אין 1947 זענען דערשינען קוויטקאָס לידער־זאַמלונג „גע־

*) די רייד וועגן לייב קוויטקאָ זענען געשריבן צען יאָר נאָכן אומ־ברענגען די יידישע שרייבערס אין ראַטן־פאַרבאַנד. לויידער, אימהדיק ליידער, בלייבן זיי, אַט־די רייד, אַבסאָלוט גילטיק אויך איצט.

זאַנג פון מיין געמיט" וועגן דער נאַצי־תקופה און זיינס אַ לערנ־בוך פאַר יידישע קינדער „אַלעפבייס" (אלף בית) אין 25.000 עקזעמפּלאַרן. אינעם זעלבן יאָר איז, דורך דעם אַלפאַרבאַנדישן קאָנקורס אויפן בעסטן קינסטלערישן בוך פאַר קינדער, פּרעמירט געוואָרן די לידער־זאַמלונג „גאַנצפרי" פון לייב קוויטקאָ.

אין 1948 איז אַרויס זיין לעצט בוך „געקליבענע ווערק" (336 זייטן), וואָס שטעלט מיט זיך פאַר אַ שאַפערישן סך־הכל פון זיין דרייסיק־יעריקן שרייבערישן וועג. אין 1948 איז אין מאָסקווע אויך דערשינען אַ זאַמלונג פון זיינע אויסדערוויילטע קינדערלידער אויף רוסיש („צו אונדזער זון") אין 75.000 עקזעמפּלאַרן. צווישן די איבערזעצערס — ס. מיכאַלקאָוו, ס. מאַרשאַק, יע. בלאַגינינאַ און אַ ריי אַנדערע באַקאַנטע רוסישע שרייבערס. צו יענער צייט האָט מען אין דער סאָוועטישער פּרעסע געמאָלדן, אַז ל. קוויטקאָ פאַרענדיקט אַ נייעם ציקל קינדערלידער און אַז ער אַרבעט אויפן בוך „דאָס מיידל פון אומאַן"...

און גלייך נאָך דעם, נאָך דער שפע פון אינפאָרמאַציע, ידיעות און אָנזאָגן וועגן לייב קוויטקאָ, איז סוף 1948 אויסגעבראָכן די טויטע הפסקה. ניין לאַנגע טויב־שטומע יאָר האָט די טויטע הפסקה געדויערט. ערשט פון 1957 אָן האָבן אין די סאָוועטישע זשורנאַלן גענומען טראָפּנווייז דערשיינען איבערגעזעצטע לידער פון לייב קוויטקאָ. דאָ און דאָרט טוט אַ מאָל אַ בליץ אָן אַרטיקל, וואָס לויבט אין הימל אַריין לייב קוויטקאָ, דעם סאָוועטישן קינדער־דיכטער. אָבער ביז איצט, צען יאָר נאָכן אומברענגען די יידישע שרייבערס אין ראַטן־פאַרבאַנד, קאָן מען נאָך אַלץ נישט געפינען וועלכע נישט־איז אָנצוהערעניש ווען, ווו, ווי אַזוי, פאַר וואָס, און פאַר ווען איז געוואָרן אויס מיט קוויטקאָ דעם ייִד און דעם מענטש און ווו איז אַהינגעקומען זיין געביין.

בשעת אַ צוזאַמענשטויס צווישן סאָוועטישע פּאַרטיזאַנען מיט די דײַטשן אין דער אָקופּירטער אוקראַינע, איז אומגעקומען אַר־

קאַדי גיידאַר, אַ רוסישער קינדער־שרייבער. נאָך דער באַפרייונג האָט מען אַריבערגעפירט זיין קערפּער פונעם פאַרוואָרפּענעם גע־היימען קבר אַרויס קיין קאַנעוו, ווו מען האָט אים פייערלעך געבראַכט צו קבורה אויף אַ הויכן אָרט, אין אַ פּאַרק, איבערן טייך דניעפּער. פון דאָרטן זעט מען, אויף אַ צווייטן באַרג, דעם קבר פונעם גרויסן אוקראַיִנישן שרייבער טאַראַס שעווטשענקאָ. מיט אַ ברייטן אַלסאָוועטישן פאַרנעם האָלט מען אונטער און מען וואַרעמט דאָרט דעם אינטערעס פון די קליינע לייענערס צו אַר־קאַדי גיידאַר. נאָך אַ מאָל און ווידער אַ מאָל ווערן געשילדערט און אויף ס'ניי באַלויכטן פּרטים פון גיידאַרס לעבן. פון די ערשטע קינדערשע טריט ביזן סאַמען טראַגישן סוף זיינעם. עס איז געוואָרן אין ראַטן־פאַרבאַנד אַ מינהג: מיליאָנען קינדער קומען פון אַלע עקן לאַנד, כדי אַוועקלייגן אַ קראַנץ, אַ בלום אויפן קבר פון זייער אַרקאַדי גיידאַר.

וואָס און וויפל וויסן אָבער די סאָוועטישע קינדער וועגן לעבן און אומקום פון זייער לייב קוויטקאָ? אויף אים, ווי אויף אַרקאַדי גיידאַר, פלעגט מען זאָגן, מיט בעלינסקיס ווערטער, אַז ער איז גלייך געבוירן געוואָרן אַ קינדער־דיכטער. צי וויסן אָבער די יונגע לייענערס אין וועלכער סביבה ער איז געוואַקסן, און ווי שווער עס איז געווען זיין שאַפערישער גאַנג אויפן סאָוויעטיש־יידישן וועג? האָבן זיי דען אַ וועלכע עס איז אַנונג וועגן דעם שוידערלעכן סוף זיינעם? זענען זיי נישט נייגעריק צו וויסן, וואָס האָט ער געטראַכט און געפילט אין זיינע לעצטע טעג און שעהען? וועגן וואָס האָט ער זיי געוואָרנט, וואָס האָט ער זיי אָנגעזאָגט אין זיין לעצטן וואָרט? און פרעגן זיי נישט, ווו עס געפינט זיך פאַרט דער קבר פון זייער זוניקן חבר־דיכטער לייב קוויטקאָ?...

ווען קוויטקאָ בלייבט על־פּי נס לעבן, וואָלט אים איצט געוואָרן 69 יאָר און זיין ערשטן געדרוקטן וואָרט — 45 יאָר. פּונקט אַזוי פיל, ווי עס ווערט היי־יאָר, 1962, אַלט די אָקטאָבער־רעוואָלוציע.

קוים אינעם צווייטן רעוואָלוציע־יאָר איז לייב קוויטקאָ אַראָפּ־געקומען אין דער צעכוואַליעטער שטאָט קיִעוו — און מיט זיינע הייסבלוטיקע לידער זיך צוגעשטעלט צו דער דאָרטיקער גרופּע יידישע שרייבערס. ווי אויסגעפּוצט, אויסגעסטראָיעט ער האָט דאָס אויסגעזען אין זיינע היימישע קליידער! ווי שטאָלץ ער איז געווען אויף זיין מאַנטל, היטל און שטיוול (אַלע פון איין און דעם זעלבן דיקן העל־האָריקן שטאָף), וואָס ער האָט אַליין, מיט די אייגענע הענט, אויסגעפּאַרטיקט! מיט פאַרפלאַמטע באַקן, מיט אַ פאַרשייטן קרומלעכן בליק אין די נייגעריק־ברענענדיקע אויגן, מיט אַ הויך־געשפּאַנטן געמיט — האָט קוויטקאָ פּונקט ווי געוואָרט, אַז די עלטערע שרייבערס זאָלן אים באַפעלן: נעם איין די וועלט!

און דערווייל, ביז וואָס־ווען, האָט ער אַנגעשטעקט די אַרומיקע גרויסשטאָטישע סביבה מיטן קרעפטיקן זאַפטיקן פאָלקס־חיות, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון זיין אָרעמען היימשטעטל האָלאָסקאָוו און פון דער רעוואָלוציאָנערער אויפגעשטורעמטער קליינשטאָט אומאַן.

וועגן האָלאָסקאָוו, באַלטער קרייז, ביים ברעג פונעם טייך בוג, פלעגט קוויטקאָ ליב האָבן צו דערציילן: ווייט פון דער באַן, צווישן טאָלן און בערגלעך, איז האָלאָסקאָוו דאָרפיש געווען אַרומגערינגלט מיט סעדער און גערטנער, אָבער דערביי שטעטלדיק אָנגעשטאָפּט מיט קרעמערלעך, מיט ענגע מאַרקטעג און קאַליקעס־בעטלערס. אין אָט דעם דאָרפשטעטל האָט קוויטקאָ שקאָציש געקלעטערט אויף ביימער און געריסן, געטרייסלט פון זיי רויטע קאַרשן, דאָרט זיך געלערנט אין חדר און שפּעטער געווען אַ לערניינגל ביי אַ שטעפּער. נישט ווייט פון זייער שטיבל איז געשטאַנען, טיף אין דער ערד, דאָס שטיבל פון אַ סטאָליער. מען האָט ביי אים שטענדיק געהונגערט און געקרענקט, אָבער דערביי געזונגען און געהאַלטן אין איין דערציילן זיך מעשיות. דאָרט טאַקע האָט זיך געפונען די ביבליאָטעק, וואָס איז באַשטאַנען פון איין גראָבן העפט מיט האַרטע טאָוולעך. אַהין, אויף די גלייכע, ברייט־צעשטעלטע ווירעס, האָבן

די פיל קינדער פונעם סטאָליער, זייערע פריינד און חברים, מיט אַ שוואַרצן פעט־גלאַנציקן טינט, מיט אַ קיילעכדיקן כתב, אַריינ־געטראָגן אַלע לידער און מעשיות, וואָס זיי האָבן נאָר געקענט. די לידער און מעשיות זענען געווען פון נויט, פון אומגליקלעכער ליבע און אַנדערע האַרצרייסנדיקע זאַכן, אָבער זיי האָבן מערק־ווערדיקערהייט אויפגעהייטערט און געפרייט דאָס האַרץ פונעם יונגן קוויטקאָ. עס איז געווען פאַר אים אַ גרויס געשעעניש, ווען מען האָט אים דערלויבט אַריינצושרייבן אין אָט דעם זעלטן אינ־טערעסאַנטן בוך אַן אייגן ליד: „דער שליסל" — וועגן דער באָבע, וואָס האָט זיך אַוועקגעלאָזט זוכן דעם שליסל פון גליק...

דעמאָלט, קוים אין דעם צווייטן רעוואָלוציע־יאָר, האָט זיך אַלעמען אין קיִעוו געקענט אויסדאַכטן, אַז קוויטקאָ האָט שוין אים געפונען, אָט דעם שליסל צום גליק. און אַז וועגן דעם טאַקע זינגט ער פון פולן האַרצן אַרויס אין די אַלע לידער, וואָס זענען אַריין אין זיין ערשטער לידער־זאַמלונג: „טריט" (קיִעווער פאַרלאַג, 1919).

ווי לאַנג האָט עס געדויערט, ביז די שוואַרצע כוחות האָבן זיך קעגנגעשטעלט דעם מאַרש פון דער רעוואָלוציע אויף אוקראַיִנע — מיט פּאָגראָמען אויף יִדן? קוויטקאָ האָט זיי אַדורכגעלעבט אין אומאַן. ווען עס האָט אים שפּעטער פאַרטראָגן אַזש קיין דייטשלאַנד, וווּ ער האָט געאַרבעט אין אַ סאָוועטישן אַנשטאַלט, האָט קוויטקאָ אַרויסגעלאָזט אין בערלין (1923) אַ זאַמלונג לידער אונטערן נאָמען „1919".

„אונדזער היים אין 1919... — האָט קוויטקאָ געשריבן אין זיין הקדמה צו אָט דער זאַמלונג, — עס וועט אַ טעות און אַ ווייטאָג זיין, אויב מען וועט מיין בוך, רגעס אויף דער דין־דינסטער שאַרף פון זיין און ניט ווערן, אויפנעמען אַלס דיכטונג, אַלס לידער וועגן פּאָגראָמען... אין יעדערן פון אונדז האָט געטליִעט אַ האָפענונג אויף די, וואָס גייען דאָרטן קעגן פיינט; וואָס וועלן ברענגען דעם נצחון... דעם באַפרייטן שאַפנדיקן היינט פאַר אונדז און פאַר דער

גאַנצער וועלט. און דערוויילי, מיט אָפּגענומענע הענט, האָב איך נאָר געקאָנט זען, הערן און איבערלעבן, צוזאַמען מיט מיינע אַלטע לייט, יונג־אַלטע לייט, פרויען און קינדער — די מעשים פון פעטלורישן פאָלק״.

ווי מען זאָל זיי נישט אָנרופן, לידער אָדער רגעס, האָט מען אין זיי ערשט אויף אַ רעכטן אמת דערזען, ווי שווער און ביטער עס איז אָנגעקומען קוויטקאָן צו באַהערשן די נאָכווייענישן און שטי־מונגען פון יענע פּאָגראָמען. פּונקט אַזוי פילט מען אין זיין וויטער־דיקן גרויסן ציקל לידער, וואָס טראָגט דעם פּילזאַנגדיקן נאָמען „דייטשלאַנד״, ווי וויניק, ווי קנאַפּ די אויסלענדערשע תקופה האָט אויפגעהייטערט זיין דיכטערישן געמיט. עס שוועבן אין יענע „דייטשישע״ לידער, עס בליצן דאָרט אויף פּאַראַנונגען און וואָרע־נונגען וועגן דער פינצטערניש, וואָס אַלץ שוואַרצער און געדיכטער רוקט זי זיך, פון דייטשלאַנד אַרויס, אויף דער גאַנצער וועלט...

שאַרפער און וואַכער מיטן אומעטיקן נסיון פון איראָפּע, האָט זיך קוויטקאָ צוריקגעקערט קיין ראַטן־פאַרבאַנד און... מיט אַ היל־כיק־שעפערישן קנאַל־און־פּראַל געוואָרן צוריק — קוויטקאָ. דאָס הייסט: זיך ווידער חבריש געווענדט צו יעדן איינציקן קינד, באשר ער איז אַ קינד, ווער און ווו עס זאָל נישט זיין. דאָס מיינט: ווידער זיך דורכגערעדט מיטן קליינוואַרג, ווי זייער בעסטער האַרציקסטער פריינד. ווי פריִער, האָט ער זיי נישט פאַרבלענדט די אויגן מיט נישט־געשטויגענע, נישט־געפלויגענע מעשיות, וואָס פאַר־לויפן זיך ערגעץ ווייט, אין אַ קיינעמס לאַנד. ער האָט דערציילט וועגן געשעענישן, וואָס זענען בפירוש יאָ־געשטויגן און יאָ־גע־פלויגן און וואָס זיי געשעען אין אַ נאָענטער, אייגענער וועלט, פול מיט פאַרבאָרגענעם צויבער.

קומט מיט מיר, קוקט זיך איין, איר זעט? — רופן קוויטקאָס לידער פון יענער צייט אַזוי זינגענדיק און קלינגענדיק, אַזוי היי־מיש און פאַרטרויט, אַז קליין און גרויס ווערן צוגעצויגן און פאַר־

כאַפּט ווי פּרי׳ער. אָן אמת — דערזעען אַלע — טאַקע! עס קערט זיך אומעטום די וועלט!

גאָר אַנדערש ווייזן זיך פּלוצעם אויס די צייטן פון יאָר, יעדע איינע מיט איר איינציקאַרטיקן שלל פון פאַרבן און קלאַנגען. באַזונדערס — די רירעוודיקע דין־דינסטע ניואַנסן פון פאַרשיידענע צווישנצייטן אין יאָר. אויסטערליש צעצווייגט און פאַרוואָרצלט זעען אויס די געוויקסן און פלאַנצן; שפּאָגל־ניי טרעטן אַרויס די חיות מיט זייערע אייגענע זאָרגן און דאגות, מיט זייערע ריין־חיהשע נחת און פרייד; אין גאַנצן אַ באַנייטער דערשיינט אויך דער מענטש. און מערקווערדיק ביז גאָר איז ביי זיי אַלעמען דער קוועק־זילבערדיקער איבערגאַנג פון „זיין־קליין" ביז ווערן גרויס.

נישטאָ גאָר קיין ברעג און קיין גרענעץ צו דער ווילליונגערישער פאַנטאַזיע, מיט וועלכער קוויטקאָ שילדערט און מאָלט דעם אומ־אויפהערלעכן פּראָצעס פון וואַקסן, ביי טאָג און ביי נאַכט — ביי פלאַנצן, חיות און מענטש; ווי זיי אַלע צי׳ען זיך פון דער אייגענער הויט, כדי צו ווערן וואָס גיכער גרויס; ווי עס ברענט ממש די ערד אונטער זייערע וואָרצלען און פיס, כדי צו ווערן וואָס שנעלער גרעסער פון גרויס.

וואָס איז די איילעניש? — טענהט זיך קוויטקאָ גוטברודעריש אויס מיט זיי אַלעמען, — וואָס, עס איז שלעכט צו זיין ייִנגער ווי יונג? פון אייער ערשטן שפּראָץ, ערשטן ריר און ערשטן טראָט, קאָן שוין הימל און ערד זיך אָן אייך נישט באַגיין.

און קוויטקאָ זינגט זיי אַריין אין זיין ליד, „דאָס צוויטשערל":

און כאָטש דו ביסט אַ ברעקל —
מסתם אַ צוויטש די גרויס,
דאָך הערט די גאַנצע וועלט דיך
ווען גיסט דיין האַרץ איר אויס.
די גאַנצע וועלט ווערט מונטער
און האַלט דעם זינגער אונטער:
צוויטש!

אַ באַזונדערן שמועס, פון האַרץ־צו־האַרץ, פירט קוויטקאָ מיטן יונגינקן מענטש: ווער וואַרט עס אויף מאָרגן, אַז ימען מיט אַרבעט קוקן אַרויס אויף דיר — אין שטוב, אין דער שול און אין דרויסן? טאָמער פוילסטו זיך אונטער — זאָגט אים קוויטקאָ בסוד — אויב דו צעטרענצלסט דיין צייט סתם אַזוי זיך, קאָן דאָס האָסטיקע לעבן אָפּטאָן אַ שפּיצל און דיך לאָזן פון הינטן. פּשוט און פּראָסט. איז לייג צו די האַנט, שטעל אונטער די פּלייצע און...

וועל דו ביסט,
ווו דו ביסט,
מערער גיב
ווי דו גיסט...

שפּילעוודיק, אָפּט קונדייסיק־שטיפעריש, זענען דערביי דאָס רוב קוויטקאָס קינדער־לידער, ערנסט און רייף. ווי אין אַ לויטער טיף וואַסערל לייכט זיך אין זיי דורך אַ קוועלנדיקער מוסר־השכל, אָן אַ שפּור פון זאָגן־מוסר. נישטאָ ביי קוויטקאָ קיין ברעקל מוסר אויף דעמאָלט, ווען ער חוזקט פון אַ ייִנגל, וואָס פאַרשפּעטיקט שטענדיק אין שול; אויך דעמאָלט, בשעת ער לאַכט פון שמוציקע קינדער, וואָס ביי זיי איז: „ווער וואַשן, וואָס וואַשן, ווער וואַסער, וואָס זייף". קוויטקאָ חוזקט און לאַכט פון זיי מיט אַזאַ ממזרישן ווונק, אַז עס דאַכט זיך: די קינדער וועלן פאַרזאָגן אַ צענטן אַזוי ווייטער צו טאָן.

צוזאַמען מיט די קאָנסטרוקטיוו־פריידיקע לידער וועגן דעם ווונדערלעכן ריטעם, ריח און טעם פון אַ שעפערישן אַרבעט־פּראָצעס אין שטאָט און דאָרף; באַגלייך מיט דעם שיר־השירימדיקן לויב־געזאַנג דער אַרבעטנדיקער פרוי, דער גליקלעך־פאַרהאָרעוועטער מאַמע (ווי ווונדערלעך איז דאָס וויגליד, וואָס אַ ייִנגל זינגט זיין מידער מאַמע!) הערט קוויטקאָ נישט אויף אָנצווייזן אויף הויכע בערג מיט אָן אַ שיעור שוועריקייטן וואָס מען דאַרף זיי ערשט בייקומען.

ער האָלט אין איין אונטערשטרייכן, אַז די וועלט איז נאָך ווייט פון זיין סאַמעט־גלאַט. אַ סך פריִער ווי די צווייטע וועלט־מלחמה איז אויסגעבראָכן, האָט ער, אין אַ ריי לידער, וואָס יעדער באַזונדער קלינגט ווי אַ באַנייטער מאָביליזאַציע־רוף, געוואָרנט דאָס יונגוואַרג קעגן דער פאַשיסטישער סכנה, וואָס דראָט מיט אומגליק, קנעכט־שאַפט און בלוט נישט בלויז אין אויסלאַנד. אָט די שרעקלעכסטע פון אַלע געפאַרן לויערט אַ פאַרשטעקטע אויך ביי זיי אין לאַנד. דערפאַר זאָלן קינדער אין די וויגן וויסן פאַר וואָס מען מוז שטענדיק זיין גרייט, באַוואָפנט און וואַך. זאָלן זיי וויסן, אַז נישט צוליב רויב, און נישט צוליב קריג, נאָר פון ליבע צו אַ פריי לעבן און באַפרייטן מענטש מוז מען באַקעמפן פרעמדע און אייגענע פיינט. וועגן דעם טאַקע פראָקלאַמירן מיט פייער און ברען אַלע זיינע מאַטראָסן־און פילאָטן־לידער; אַלע זיינע הימנען דער רויטער אַרמיי. פון 1918 ביזן סוף פון זיינע פרייע טעג.

מער ווי 30 יאָר נאָך אַנאַנד האָט לייב קוויטקאָ נישט אויפגעהערט צו בינדן און קניפּן אַ דור מיט אַ דור. און יעדן נייעם דור באַזונדער אויפגעקלערט אויף ס'ניי, אַז יונג זיין הייסט שטיין אין דער מיט פון דער וועלט. עס מיינט: צוזאַמען מיט הימל און ערד מאַרשירן אַלץ פאָרויס און פאָרויס — צום מענטשלעכן פּראָגרעס.

אָט צעזינגט זיך קוויטקאָ אַזוי, פונקט ווי דער גרעסטער טרוים פון יעדער טאַטע־מאַמע איז שוין אין ראַטן־פאַרבאַנד געוואָרן וואָר:

דאַרפן מיר דען וויין זיך צו פאַרשיכורן,  
דאַרפן מיר דען קלאָגן אויף אַ גרויער האָר?  
מיט אונדזער קינד אין איינעם אויפן וואָגן  
טראָגט עס אונדז צו לויטערע פאַרטאָגן:  
אוי, וואַקסט אַ דור פון אונדז,  
אַ דור!

און אָט נעמט זיך קוויטקאָ ווידער, פערז־צו־פערז און ליד־צו־

ליד, אויסלייגן פאַר די סאָוועטישע קינדערסוועגן אַ פעסטן פונדאַמענט פון אַ סאָציאַל־הומאַניסטישער מאָראַל. מיטן שאַרפזין און טיפזין פונעם קרעפטיקן זאַפטיקן פאָלקסיידיש ברענגט ער אַרויס פאַר די יידישע קינדער אַ געבאָט נאָך אַ געבאָט פון דער סאָציאַל־מענטשלעכער תורה — אַזוי ווי עס האָט זי געוואָלט פאַרשטיין אַ סאָוועטישער ייד.

דאָס גרעסטע געבאָט פון אַלע געבאָטן איז ביי קוויטקאָ שטענדיק געווען און געבליבן דאָס ריין־מענטשלעכע, בין אדם לחברו. ווי פאָלקסטימלעך־יידיש איז קוויטקאָס אַ מעשהלע וועגן איץ דעם וואַסערפירער, דעם זאַיקע. אין אַ הונגעריאַר פעלט אויס ברויט ביי אים אין שטוב פאַר די קינדער. גייט איץ ביי נאַכט צו אַ שכן און נעמט דאָרט מעל שטילערהייט. דעם שכנס יינגל דערזעט עס, לויפט, וועקט אויף דעם טאַטן. און דער טאַטע? דער טאַטע זאָגט צום זון, אַזוי האַרציק און מיד: שטער אים נישט, נישט שטער אים, קינד... ביסט אַן אַכזרל, אַ קליינס... שווייגן, שאַ און אַן עק. שפּעטער קומט אַ יאָר פון גערעטעניש. איין מאָל, גאַנץ פרי, געפינען זיי ביי זיך, אויפן זאַק מעל, אַ קניפּל מיט צענערס...

ווען ראַטן־פאַרבאַנד איז שוין געשטאַנען טיף אין דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט קוויטקאָ פון דער שווער־באָמבאַרדירטער מאָסקווע אַרויס, סוף 1941, געשיקט אַן אָפענעם בריוו צו דעם דייטש־יידישן שוישפילער אַלעקסאַנדער גראַנאַך, קיין האָליוווד. דער בריוו, וואָס האָט געקלונגען ווי אַ קול־קורא, איז בעצם געווען אַ דירעקטער המשך פון זיין אַמאָליקער הקדמה צום בוך 1919, אָבער אַן אַ וועלכן עס איז זכר פון הילפלאָזע „אַפּגענומענע הענט".

דאָ רופט קוויטקאָ צונויף

„אַלע פריינד זיך צו פאַראייניקן אין לעבעדיקע פייער־וואַנט, דער פיינד זאָל זיך אין זיי דעם קאָפּ צעשמעטערן; איינשפּאַנען לייב און לעבן צוליב איינס: פאַרניכטן דעם

בלוט־דאַרשטיקן פיינד, וואָס לעסטערט אונדזער נעכטן, וואָס קוילעט אונדזער היינט, מיר זאָלן קיין מאָרגן נישט האָבן, אונדזער געביין זאָל אָפּגעמעקט ווערן פון דער וועלט... אָלע אין איינעם זענען מיר עס בכוח...״

„עס איז געקומען די שעה, — פּאָדערט דאָ קוויטקאָ שטורמיש אַרויס, — וואָס מאָנט: שטיי אויף ווו און ווער דו זאָלסט נישט זיין אויב עס טליִעט אין דיר דער פונק פון מענטש... טו עס טאָקע! און פאַרדרייפאַכט און צען מאָל צען מערער אויסגעדריקט אין ממשותדיקע טאָטן...״

מיט האַרציקע ווערטער דערציילט קוויטקאָ אין אָט דער פּאַ־טעטישער ווענדונג צו דער ברייטער ייִדישער וועלט וועגן פּראָסטע פּשוטע מענטשן אַרום אים. וואָס אויך אין אָט דער שרעקלעכער צייט רוט אויף זיי די שכינה; וועגן קליינע קינדער, וואָס האָבן אַוועקגעלייגט אין אַ זייט די שפּילן און העלפן אַרויס אויף זייער אופן, לויט זייער וווּנדערלעכן קינדערשן פאַרשטאַנד.

די מלחמה האָט זיך געענדיקט... נאָך שווערער ווי אין די צוואַנציקער יאָרן האָט זיך קוויטקאָ ביטער געראַנגלט מיטן „מלאך ייִדיש־לשון״, כדי קינסטלעריש צו פאַרקערפּערן דעם שוידער און די גבורה פון דער קריגסצייט, די אַלגעמיינע און די ייִדישע באַזונדערס, און אָפּט דעם געראַנגל אַליין פאַרוואַנדלט אין אַ מיטל צום אויסדרוק:

איצט איז פול מיט סם מיין בלוט,
מיין האַרץ איז דורך און דורך אַדורכגעשטאָכן,
איז יעדעס וואָרט מיינס
פּרוּוו איך, ווי מען פּרוּווט אַ רוט,
ביז זי האַלט נישט אויס און ווערט צעבראָכן...

(„דאָס וואָרט פון דער אומאָנער מיידל מלכה דודניק״)

אָבער גלייכצייטיק דערמיט דערזעט מען אין זיינע נאָכמלחמה־

שאַפונגען, שיִער נישט באַשיימפּערלעך, ווי הונגעריק און דאָרשטיק ער זוכט ביי פּראָסטע מענטשן, ביי געזונטע פּשוטע ייִדן, אַ באַנייטן פאָלקס־חיות. ווי אַלע שונאים אויף צו להכעיס קלינגט זיין ליד „לחיים פאַרן נייעם צווילינג" — וועגן הירש דעם שמיד, וואָס פאַרבעט אויף אַ גלעזל משקה: זיין ווייב צו אַלדי גוטע יאָר, האָט אים געשענקט אַ צווילינג, וועט דעם פיינד ווערן געקירצט די יאָרן, און ייִדן וועט צוקומען אַ פּאָר...

מיר זיינען ווידער פיר, וואָדען!
מיין ווייבל וועט אונדז האָבן צען!

און ווי אין אַלע טעג פון יאָר, ווי אין אַלע שעהען פון טאָג, רעדט זיך קוויטקאָ צונויף מיט דעם קליינוואַרג און יונגוואַרג אויף אַ פאַרשטאַרקטן, אַלט־נייעם שוווּנג און פאַרמעסט, ווייל: „...עס איז דאָ וואָס צו זען און צו הערן, וואָס טאָן און וואָס פאַרשן, באַקלערן"...

און גראָד דעמאָלט איז קוויטקאָ פאַרשוווּנדן.

...מיט אַ סך יאָרן פריִער, סוף 1926, האָט קוויטקאָ, צוזאַמען מיטן נסתר (ערב דער צוריקרייזע פון די צוויי קיין ראַטן־פאַרבאַנד), זיך געטראָפן אין האַמבורג מיט אַ גרופּע שוישפּילערס פון דעם טעאַטער „הבימה", וואָס זענען געווען אויפן וועג פון ראַטן־פאַרבאַנד קיין אַמעריקע. צווישן זיי — זיינע אַ באַקאַנטע פון קיִעוו. אין זייערע לאַנגע געשפּרעכן וועגן קיִעוו אינעם צווייטן רעוואָלוציע־יאָר האָט זי אים דערמאָנט: איין מאָל האָבן זיי ביידע זיך אָנגעשטויסן אין גאַס אויף אַ געזונטן יונג, וואָס האָט געטראָגן פון אַ בירשענק אַרויס פולע קאַסטנס מיט ליידיקע פלעשער. בשעתן אויסלייגן זיי אויפן וואָגן, ביים ראַנד פון וועג, האָט איין בירפלאַש זיך אַראָפּגעגליטשט, זיך אַ קייקל געטאָן איבער דעם שטיינערנעם ברוק און זיך צעקלונגען מיט אַ שטילן, אַלץ שטילערן קלונג. „איר הערט — האָט קוויטקאָ אין יענעם זומערדיקן פאַרנאַכט זי אומרויִק געפרעגט, — איר הערט

דעם טיפן מענטשלעכן זיפץ? דאָס האָט דאָך עמעצער געטרונקען פון פלאַש זיך צו פאַרשיכורן — און איז געבליבן ניכטער!״ און נאָך איין מאָל אין אַ פאַרנאַכט, האָבן זיי ביידע פאַרביישפּאַצירט דעם קיִעווער פּוילישן קאָשציאָל. „איר זעט, ווי דער שפּיץ ציט זיך און רייסט זיך אין דער הייך? — האָט קוויטקאָ אומרויִק גערעדט, — איר זעט, ווי ער ווערט אַלץ דינער און דינער און... אויס?״

באמת? — האָט קוויטקאָ דעמאָלט אין האַמבורג פּלוצעם גע־נומען זיך וווּנדערן אויף זיך אַליין — אומרויִק? איך? שוין אין יענע קיִעווער טעג?

די הבימה־שוישפּילערס זענען אַוועקגעפאָרן פון האַמבורג פריִער פאַר נסתר און קוויטקאָ. אין דער לעצטער נאַכט זענען זיי אַלע צו־זאַמען, געפירט דורך אַ פּאָר האַמבורגער ייִדן, געגאַנגען אָנקוקן דאָס הפקרדיקע לעבן פון דער האַפנשטאָט. צוריק וועגס איז מען געגאַנגען מאָדנע דערשלאָגן. עפּעס אַזוי, ווי מען וואָלט זיך געשעמט אין וויטן האַלדז אַריין פאַר דער אייגענער ליידיקגייערישער נייגעריקייט, וואָס האָט זיי געטריבן אַהין, ווו זיי זענען געווען אַזעלכע נישט־געבעטענע געסט. אויך קוויטקאָ האָט עקשנותדיק געשוויגן.

„איר ווייסט, — האָט ער ביים געזעגענען זיך געזאָגט זיין באַ־קאַנטער פון קיִעוו, וואָס איז געווען די שרייבערין פון די שורות, — מיר וועלן דאָך אַ מאָל ווערן אַלט. לאָמיר זאָגן... איבער אַ טויזנט יאָר. אוי, וועלן מיר ביידע דעמאָלט זיך אַראָפּריידן פון האַרצן וועגן קיִעוו און... וועגן האַמבורג!״

עס דאַכט זיך, אַז פון דעמאָלט אָן זענען שוין אַריבער אַ סך מער ווי טויזנט יאָר. אַ שאַרפער, אַ שפּיציקער געדאַנק עגבערט און טוט וויי: וואָס וואָלט קוויטקאָ געהאַט איצט צו זאָגן און ענטפערן וועגן קיִעוו, וועגן האַמבורג און... וועגן מאָסקווע?

1962

# פרץ מאַרקיש

...מיין נאָמען איז „אַצינד״...
צעוואָרף איך מיינע הענט,
דערלאַנגען זיי די וועלט פון איין עק ביזן צווייטן,
די אויגן כ׳לאָז געווענדט,
פאַרטרינקען זיי די וועלט פון אונטן ביז אַרויף!״

(פּ. מאַרקיש, יעקאַטערינאָסלאַוו, 1918)

...און אַ געדאַנק איז אויפגעגאַנגען אַלע ווייל, ווי פון אַ נעפּל,
געזען מיר האָבן אויף יאָרהונדערטער פאָרויס,
און ניט באַמערקט צומאָל די ווייזערס דאָ דערנעבן...

(פון מאַרקישס פּאָעמע „מילכאָמע״, מאָסקווע, 1948)

**אין משך פון יאָרן און יאָרן, שוין אָן פּרץ מאַרקישן גופא, איז אָט דער פּרווו ווידער צו שרייבן וועגן אים — דער פינפטער. און נאָך נישט דער לעצטער.**

**ווי קאָן עס דען זיין דער לעצטער? אַז ביי יעדן ווייטערדיקן פּרווו צעפּראַלן זיך פּלוצעם נייע און נייערע מאַרקיש־טויערן. ווען האָט דען די פּאָעמע „דער פּערציקיאָריקער מאַן״, אַזאַ לאַנגע צייט פאַרהוילן, גענומען צו ביסלעך אַנטפּלעקן זיך פאַרן לייענערישן אויג, אויער, געמיט? זינט געציילטע יאָרן. און שוין דאַכט זיך, אַז „דער פּערציקיאָריקער מאַן״ קאָן זיך שטעלן בראש פון אַלע מאַרקישעס ווערק, ווי אַ הקדמה. און אפשר קאָן די פּאָעמע שליסן**

מיט זיך אַלע ווערק פון פּרץ מאַרקישן, — ווי אַ נאָכוואָרט, שיִער נישט ווי אַן אויספיר.

אַזוי צי אַזוי, ביים אָנהייב אָדער ביים סוף, עפּנט די פּאָעמע „דער פערציקיאָריקער מאַן" (וואָס איז אַ ברייט און טיף פאַרוויקלטע פּרשה אַליין פאַר זיך) מער ווי איין ריכטונג צו פּרץ מאַרקישן גופא; און אַ סך מער ווי איין נייעם וועג צו זיין שאַפונג.

אַט זאָגט דאָך אין דער פּאָעמע פּרץ מאַרקיש:

...ס'איז אַלץ איינס, צי ס'איז וויט, ס'איז אַלץ איינס
צי ס'איז נאָענט,
ווייל דער גאַנג הייבט אויף ס'ניי יעדער ווילע זיך אָן...

ער איז געווען דער יינגסטער אין דער וווּנדערלעכער פּלעיאַדע אוקראַיִנישע ייִדישע דיכטערס, וואָס זענען געקומען אין אונדזער ליטעראַטור מיט דער רעוואָלוציע. צווישן זיי: אשר שוואַרצמאַן, דוד האָפשטיין, לייב קוויטקאָ, חנה לעווין און נאָך און נאָך, וואָס זיי אַלע געהערן (לויט דער פאָרמולירונג פון פּרץ מאַרקישן טאַקע), צום צווייטן דור ייִדיש־סאָוועטישע שרייבערס.

געבוירן (1895) אינעם וואָלינער שטעטל פּאָלאָנע, אין אַן אָרעמער שטוב, אַרבעט שוין פּרץ מאַרקיש ווען ער איז נאָך כמעט אַ קינד. פריִער פון פרי הייבט ער זיך אָן לערנען, זיך אַליין בילדן. דערביי שרייבט ער לידער, לכתחילה גראָד אויף רוסיש... און דערווייל —

דערווייל רוקט זיך אָן די ערשטע וועלט־מלחמה. פּרץ מאַרקיש, אַ זעלנער אין דער צאַרישער אַרמיי, ווערט פאַרוווּנדעט אויפן פראָנט. עס קומט די רעוואָלוציע. צוזאַמען מיטן בירגערקריג ברעכן אויס נאָך אַ מאָל און ווידער פּאָגראָמען אויף ייִדן.

פּרץ מאַרקיש הייבט זיך אָן דרוקן אין יאָר 1917. אויף ייִדיש, פאַרשטייט זיך. און שוין אין 1921 טרעפט מען אים אין אויסלאַנד. אין משך פון זיין קורץ לעבן געפינט ער זיין שעפערישע היים אין

פיר שטעט גאָך אַנאַנד: יעקאַטערינאָסלאַוו, קיִעוו, וואַרשע און מאָסקווע. אין יעדער איינער פון אָט די, אַזעלכע פאַרשיידענע, שטעט האָבן די ייִדישע קרייזן אים אויפגענומען נישט אַלע גלייך, נישט אַלע גלאַטיק. אָבער אומעטום האָט דער שטאַלטיקער פאָעט מיטן שטאָלצן קאָפּ שוואַרץ־צעכוואַליעטע האָר, מיט די מערקווער־דיקע אויגן, אַרויסגערופן נייגער אויך און אַפילו ביי זיינע מתנגדים. מאַרקישס נאָענטסטע מענטשן זאָגן, אַז ער האָט געהאַט העל־העל־בלויע אויגן. קומט אָ פּרעמדערער זכרון און פאַרעקשנט זיך: צעשטורעמטע, טונקל־גרינע, זענען געווען מאַרקישס אויגן.

אַזוי צי אַזוי האָט אַלעמען אָן אויסנעם דער עיקר איבער־ראַשט זיין שטענדיקער צושטאַנד פון עפּעס אַ מין שעפערישער פאַרפלייצונג.

פריִער און בעסער פון אַלעמען האָט פּרץ מאַרקיש, אין זיינס אַ יוגנטליד, וועגן דעם שוין געזאָגט:

> איך גיי אַ שלאַקס־רעגן אַראָפּ
> אויף זיך אַליין.

חוץ די פיר היימשטעט, האָט פּרץ מאַרקיש אָפּגעריכט אַ מין קעמפעריש־קינסטלערישן אויפמאַרש דורך אַ גאַנצע ריי גרויסע און קלענערע שטעט אין ראַטן־פאַרבאַנד, אין פּוילן און אין אַנ־דערע אייראָפּעיִשע לענדער און ער האָט אויך באַזוכט דאָס אַמאָ־ליקע ארץ־ישראל פונעם יאָר 1924.

ווי לאַנג ער האָט זיך פאַרהאַלטן, וויפל און וואָס ער האָט נישט געשאַפן דאָ אָדער דאָרט — סיי ווי האָט זיך געדאַכט, אַז ער איז אַהער אָדער אַהין אַראָפּגעקומען ווי אַ וויכער, און איז פון אומעטום, ווי אַ וויכער, פאַרשוווּנדן.

אַזוי, האָט ער, פּונקט ווי פּלוצעם, זיך באַוויזן אין אייראָפּע (1921); אַזוי, האָט ער, פּונקט ווי ראַפּטעם, צוריקגעאיילט קיין ראַטן־פאַרבאַנד אין 1926 יאָר. שוין אויף אייביק...

צו די פיל־פיל סודות פונעם שעפערישן רוח־הקודש, קומט צו אַ מאַרקיש־סוד: ווי אַרומערט האָט ער באַוויזן אין די פליִענדיקע טעג און שעהען פון די פינף אייראָפּעיִשע יאָרן צו שטורעמען, שיִער נישט גלייכצייטיק, די ייִדישע קולטור־צענטרען אין וואַרשע, פּאַריז, לאָנדאָן, און ווו דען נישט?

זיכער געפינען זיך צווישן אונדז עדות, וואָס זענען דעמאָלט, אין יענע ווייט־דערווייטערטע, צוואַנציקער יאָרן, ערגעץ־ווו בייגעווען אויף מאַרקישס אַ פלאַמפייערדיקע פאָרלעזונג. זיכער געדענקען זיי מאַרקישס אויפרייסערישע דיסקוסיעס מיט אַ טיילווייז באַגייסטערטן, טיילווייז פּראָטעסטירנדיקן, אָבער שטענדיק אויפגערודערטן, אויפגעטרייסלטן גרויסן עולם. צי געדענקען אָבער אַלע עדות, אַז מאַרקישס יונגע פייערווערק־רייד וועגן די שווערסטע, קאָמפּליצירטעסטע פּראָגעס און פּראָבלעמען פון קולטור און פון קונסט, זענען בעצם געווען געבויט אויף אָריגינעלע טיף־ייִדישע סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע יסודות? און דעם אָרגאַניש־שעפערישן המשך און וווקס פון אָט די בראשיתדיקע יסודות איז דאָך שווער נישט צו דערזען, נישט צו דערקענען אין פּרץ מאַרקישס ווייטערדיקן, ביזן העכסט־שפּעטערדיקן, שאַפן.

...און דערפון איז שוין איין זכרון־שפּאַן צו פּרץ מאַרקישס ברייטערער אָפּהאַנדלונג „צוויי ווירקלעכקייטן״, געדרוקט (1924) אין די וואַרשעווער „ליטעראַרישע בלעטער״, ווען אָט דער נייער זשורנאַל איז געווען אַלט קוים אַ האַלב יאָר. זיינע פייערלעכע ווערטער וועגן די באַרירפּונקטן און גרענעצן צווישן קולטור און קונסט הייבט פּרץ מאַרקיש דאָרט אָן מיט די עפּישע און שעפערישע טיילן אין... תנך. פון איין זייט — די עפּישע שילדערונגען פון די היסטאָרישע געשעענישן מיט דער בענקשאַפט נאָך דער פאַרגאַנגענהייט, מיט די לעגענדעס פונעם אַמאָל. פון דער צווייטער, שעפערישער, זייט — די נביאים, וואָס האָבן זייער צער און פרייד, זייער בענקשאַפט און פאַנטאַזיעס געווענדט און געצילט ווייט־

ווייט פאָרויס אין רחבות אַריין פון דער צוקונפט, פאָרויס צו די טיפעניש פון די קומענדיקע דורות.

די בראשיתדיקע יסודות אין מאַרקישס יונגע ווערטער בכתב, און אין זיינע נאָך יינגערע רייד בעל־פה, האָבן זיך אין זיין גאַנצן ווייטערדיקן שאַפן אָרגאַניש צעוואַקסן און פאַרשפרייט מיט אַזאַ שווונג און פאַרנעם, אַז וואָס מען זאָל נישט זאָגן, וויפל מען זאָל וועגן דעם נישט דערציילן, וועט סיי ווי זיין צו קנאַפּ און נישט גענוג.

אַמאָל־אַמאָל, האָט דוד בערגעלסאָן געזאָגט: בשעת די יינגסטע יידישע פּאָעטן שלאָגן־אויס זייער דיכטערישן „צוועלף״, שלאָגט פרץ מאַרקיש, היציק און אייליק, אויס: דרייצן, מיט איין שעה פאָרויס. „מיט איין שעה פאָרויס״ קלאַפּט עס אייגנטלעך אין דער גאַנצער ממש אומגלייבלעכער שפע פון פרץ מאַרקישס ווערק, אין דיכטונג און אין פּראָזע. אָנגעהויבן פון דעם מעשהלע „נאָכן טע־לערל פון הימל״ (יעקאַטערינאָסלאַוו, 1918) ביז דאָס ליד „גיס זשע אָן״ (מאָסקווע, יאַנואַר 1949), וואָס ווערט, דערווייל, פאַררעכנט פאַר זיין לעצט ליד...

איין קלייניקייט — פרץ מאַרקישס ווערק!

שווער, אין לשער, קומט אָן יעדער פּרווו צו וואַרפן אַ ליכט אויף זיין פילגעשטאַלטיקן, קאָלירפולן קינסטלערישן אוצר. ער האָט דאָך געשריבן: לידער, באַלאַדעס און פּאָעמעס; מעשהלעך, דער־ציילונגען און ראָמאַנען. און צווישן זיי, ווידער און אויף ס׳ניי, דראַמעס. אויך שאַרף אָריגינעלע קריטיק און פּובליציסטיק. דערצו קומט אַ גרעסערע סעריע „ליטעראַרישע מאַסקעס״...

דאָ, ביי די „ליטעראַרישע מאַסקעס״, ווילט זיך איבערכאַפּן דעם אָטעם. זיך פאַרהאַלטן אויף אַ ווייל. עס דאַכט זיך, אַז גראָד אין די פּאָרטרעטן פון שרייבערס און קינסטלערס האָט זיך ביי מאַרקישן, דעם רעשיקסטן צווישן רווישנדיקע קינסטלערס, בולט אַנטפּלעקט זיין יצר־שטילקייט. ווי איידל ער שטרייכט אונטער דעם שטיל־שטילסטן

מענטשלעכן הויך נישט בלויז ביי שלום־עליכם און לייוויקן, נאָר אויך ביי יוסף אָפּאַטאָשו און ביי משה נאַדיר. נישט בלויז ביי סערגיי יעסענינען, נאָר אויך ביי וו. וו. מאַיאַקאָווסקי. האָט ער דאָך ביי די צווייִ גרויסע, אַזעלכע פאַרשיידענע, רוסישע פּאָעטן פאַרויסגעפילט דאָס קינדיש־פאַרצווייפלטע, וואָס האָט זייביידע, אין אַנדערע צייטן, אויף באַזונדערע וועגן, געפירט און געבראַכט צו זעלבסטמאָרד.

און עמעצער האָט דאָך, זיכער, שוין פריִער דערזען, אַז פּאַר זיינע בליץ־און דונער־„רעפלעקסן" (געדרוקט אין וואַרשעווער אַלמאַנאַך „כאַליאַסטרע", 1922) האָט פּרץ מאַרקיש געשטעלט ווי אַ מאָטאָ צוויי שטילע שורות פון אשר שוואַרצמאַן:

נאָר אונטער פעלדזן הער איך<br>
רינט און ריזלט פריש אַ שטראָם.

און דאָרט טאַקע, אין די „רעפלעקסן", נאָך דעם ווי פּרץ מאַר־קיש באַשולדיקט די גאַנצע וועלט אין די פּעטליורע־פּאָגראָמען; נאָך דעם, ווי ער קלאָגט אָן אין די פּאָגראָמען הימל און ערד — רייסט זיך ביי אים פון טיפן האַרצן אַרויס אַ שטילער ווינד און וויי:

...און ביי וועמען וועט מען אָפּמאָנען און אָפּבעטן דאָס בלוט<br>
דאָס פאַרגאָסענע בלוט פון קינדער און מאַמעס...

און פון די „רעפלעקסן", פּאָלג מיר אַ גאַנג, צו מאַרקישס גרויסע פּאָעמע „מילכאָמע" (מאָסקווע, 1948). אויך דאָ, פאַרענדיקט פּרץ מאַרקיש די שאַרפסטע, שניידיקסטע שילדערונגען פון שוידער און גרויל מיט אַ פּאָר ווייך־מענטשלעכע ווערטער. דער שטילער אַקאָרד רודערט אומגעהייער אויף דעם לייענער. אָבער מערקווער־דיק, דער ייִדישער לייענער ווערט דערביי אַ ביסל געטרייסט און שטאַרק דערמוטיקט אויפצונעמען דעם שלל מיט ווייטיקדיקע פראַ־געס, וואָס ווירבלען אין שפּרודלען אין דער לענג און אין דער טיף פונעם ווערק.

...און ווידער, — „דער פּערציקיאַריקער מאַן": נישט איין, און נישט צוויי, נאָר אַן אַ צאָל מאָל, ווען עס חזרט זיך איבער אין דער פּאָעמע, אַז דאָס מויל (אָדער דאָס האַרץ) איז אין דאָרשט אָדער פיבער פאַרזוימט; ווען אויך דער לייענער דערפילט אויף זיך גופא, אַז דעם מחבר פעלט שוין ווידער איס אָטעם — דעמאָלט, אינעם זעלבן אויגנבליק, באַווייזט זיך אַ קינד, באַווייזן זיך אַ סך קינדער...

...אָט איז דער מחבר אויך צווישן קינדער אַ קינד, אויף נעמען פייער מיט נאַקעטע הענט... אָט האַלט ער אַ קינד אין די אָרעמס, אָט טראָגט ער אַ קינד אויפן אַקסל — און בלייבט שטענדיק מיט ליידיקע הענט... אָט ביים זוים, ביי דעם גאָלדענעם זוים פון קאַיאַר, רופט ער אויף זיין דור צו געזעגענען זיך מיט די קינדער... און אָט פאַרשווינדן די קינדער נאָך שנעלער, ווי זיי האָבן זיך באַוויזן. אָבער צווישן, הינטער, און אַרום די שורות, הערט זיך אַ דייט־לעכער אָפּהילך פון פּילפּיסיקן קינדערשן טראָט, און עס וויברירט אַ קלאָרער אָפּקלאַנג פון אַ מונטערן קינדער־געזאַנג, און עס דאַכט זיך: נישט דער פּערציקיאָריקער מאַן, נאָר קינדער פירן אַן און רעגירן מיטן גאַנג פון דער שאַפונג, און דאָס שיקן זיי, די קינדער, טאַקע אַ שטרענגע, גערעכטע אויפפאָדערונג צו די קומענדיקע דורות, ווייט־ווייט פאָרויס אין דער צוקונפט.

זיין ווייט נישט געענדיקטן „פּערציקיאָריקער מאַן", האָט פּרץ מאַרקיש אָנגעהויבן שרייבן אין די צוואַנציקער יאָרן. אין משך פון דער צייט, האָט אָט די שאַפונג אַלץ מער און געדיכטער זיך פאַר־וואַנדלט אין אַ מין פינקלדיק־שעפערישן קאָנצענטראַט פון מאַרקישס קאָפּשווינדלדיקן קינסטלערישן גאַנג.

ווער איז ער, אָט דער פּערציקיאָריקער מאַן, וואָס צו אים הערט דער מחבר נישט אויף צו גיין, און אָפט דערגייט ער נישט — מיט אַ יעדעס מאָל אַנדערן, טיפערן מענטשלעכן הילפרוף: ס.אָ.ס.!? איז דער פּערציקיאָריקער מאַן דאָס געוויסן פון מאַרקישס דור, פון מאַרקישס פאָלק? איז ער דאָס געוויסן פון ראַטן־פאַרבאַנד, פון דער גאָרער וועלט? און אפשר איז ער, אַ סך פּראָסטער,

פשוטער און גלייכצייטיק אויך אַ סך קאָמפּליצירטער — דאָס גע־וויסן פון פּרץ מאַרקישן גופא? אַזוי צי אַזוי, וועט יעדער לייענער באַזונדער פאַר זיך אין אָט־דעם אַן אַ שיעור געשטאַלטיקן, אַן אַ שיעור פּנימדיקן, פּערציקיאָריקן מאַן סיי ווי דערזען אַ שפּאָגל נייע געשטאַלט, אַ שפּאָגל נייעם פּנים.

אָט דאַכט זיך, אַז אין מאַרקישס לעצטן נישט פאַרענדיקטן ראָמאַן „טראָט פון דורות" *) (וועגן דעם אומקום און ווידערשטאַנד פון וואַרשעווער געטאָ), איז דעם קינדס „פּערציק־יאָריקער מאַן", — ד"ר הענריק גאָלדשמיד, וועלטבאַקאַנט אונטער דעם נאָמען יאַנוש קאָרטשאַק.

אין זכות פון אָט־דעם וועלטבארימטן נאָמען האָבן די נאַציס געשיקט אַ באַפעל צו שענקען דעם ד"ר הענריק גאָלדשמיד, בלויז אים אַליין, דאָס לעבן, בשעת אַ געניטע, גוט־טרענירטע מיליטער־רישע גרופּע איז געקומען פאַנגען די ייִדישע קינדערלעך פון יאַנוש קאָרטשאַקס יתומים־הויז. דער ד"ר גאָלדשמיד האָט מיט אַן אָפענער פאַראַכטונג נישט אָנגענומען די מתנה.

וועגן דעם פרייוויליקן גאַנג אויף קידוש־השם פונעם למד־וואָוניק דאָקטאָר הענריק גאָלדשמיד, גלוסט זיך זייער שטאַרק איבערדערציילן, וואָרט אין וואָרט, פּרץ מאַרקישס רייד. אַנהייבן ערב דעם סוף און ענדיקן מיט די פאַר־לעצטע טריט פון „דער גוטער קוואָטשקע מיט קליינינקע עופהלעך", ווי מאַרקיש רופט אַן, אַזוי ציטעריק, אַזוי ווייך יאַנוש קאָרטשאַקן:

„...ער האָט גוט געוווסט, דער לערער, אָט דער דאָזיקער אַלטער זויבערער מענטש, וואָס יעדער געזיכט־צוג זיינער האָט אויסגעזען צו זיין געשליפן פון צייט און פון מחשבות, —

---

*) פּרץ מאַרקיש „טראָט פון דורות", ראָמאַן, 690 ז"ז, פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל", מאָסקווע. 1966. נאָכוואָרט: הערש רעמעניק, „פּרץ מאַרקישס לעצטער ראָמאַן".

אַט דער מענטש, וואָס האָט זיין גאַנץ לעבן ביז דעם לעצטן טראָפּן חיות אָפּגעגעבן די קינדער, אַ לעבן אָפּגעטראָכט וועגן זיי, און געשריבן ביכער פאַר זיי, און אומגעגאַנגען נאָך זיי, און פאַרזיית אין זייערע קינדערשע הערצער די בעסטע זוימען, וואָס ער האָט אַליין אַדורכגעזיפּט אויף דער זיפּ פון צענדליקער יאָרן, און דערנאָך זיי אַרויסגעשיקט פונעם קינדערהיים, אין דער וועלט, געלייטערט און באַפליגלט, — ער האָט גוט געוווסט, אַז עס שטייט אים פאָר אַ נישט גלייך אויף גלייך שטרייט, אַז ער שווימט אַרומגענומען מיט די קינדער אויף אַ בראָכשטיק פון דער חרוב געוואָרענער וועלט — אָן אויסזיכטן ערגעץ צו דערשווימען...

...ער האָט זיך טאָג און נאַכט אַרומגעדרייט מיט זיינע יתומימלעך און זיי געשפּייזט, און זיי געוואַשן, און זיי געמונטערט, און זיי דערציילט מעשהלעך, און געשפּילט מיט זיי אין די שענסטע קינדערשע שפּילן. ס'איז ביי אים פאַראַן אי אַ דריידל אין קעשענע, אי בילדעלעך פאַרשיידענע, אי קליי, אי אַ שערעלע, אי קליינינקע ביכעלעך, אי אַ פול האַרץ מיט ליבע, אי אַ פולער קאָפּ מיט מעשהלעך. און דאָס אַלץ האָט ער אָנגעווענדט ווי אַ קעגנגיפט קעגן די מחבלים...

...און ער איז צוגעגאַנגען צום קראַנקן קינד, ווען ער האָט נישט באַוויזן פאַרענדיקן דאָס מעשהלע, ווען ער האָט דעם איינגעגעבן די רפואה, עס גענומען אויף די הענט און זיך אָנגערופן:

— קומט קינדער.

ער אַליין איז מיטן קראַנקן קינד אויף די הענט אַרויסגעגאַנגען בראש פון די קינדער זיינע און, קוקנדיק אויף זיי, צי זענען זיי אַלע אויסגעשטעלט ריכטיק אין די רייען, געשאָקלט מיטן קאָפּ און פאַרגעזעצט דעם קראַנקן קינד דאָס מעשהלע וועגן די צוויי טייבעלעך...

— יאָ... און די טייבעלעך וואָרקען... און וואָרקען... און

דער סמבטיון וואַרפט מיט שטיינער... און די טייבעלעך... וואָס גאַרן איינער צום אַנדערן און קאָנען נישט אַריבערקומען, וואַרקען און וואַרקען...

דאָס קראַנקע קינד האָט אַרומגענומען דעם אַלטן לערער פאַרן האַלדז און זיך צוגעדריקט צו אים און געוויינט...

דער לערער האָט פאַרגעזעצט גיין אין שפּיץ פון דעם קינדערצוג און איז אַזוי פאַרשוווּנדן אין דער טיף פונעם אומשלאַג־פּלאַץ...

מער ווי שטענדיק האָט געצויגן וואָס לענגער זיך אָפּצושטעלן גראָד דאָ, אין מאַרקישס נישט־דערשריבענעם ראָמאַן, אויף זיין געבענטשטער דערבאַרעמקייט און האַרציקייט און, ווי שטענדיק, צו באַוווּנדערן ווי האַרמאָניש זיי פּאַסן זיך אַריין אין דעם מאַר־קיש־נוסח.

מאַרקיש־נוסח? אַוודאי! די אָנגענומענע קאָמפּאָזיציאָנעלע ראַ־מען פון יעדער ליטעראַרישער פאָרעם באַזונדער זענען אים געווען צו שמאָל, צו ענג פאַר די צאַפּלדיקע טעמעס און פּראָבלעמען, וואָס האָבן אייביק געהאַלטן אין איין אויפשטורעמען זיין דיכטערישן געמיט. האָט ביי פּרץ מאַרקישן אין פאָרעם זיך אָפט כוואַליעסווייז אַריבערגעגאָסן אין אַ צווייטער, אַ דריטער — און צוזאַמען געשאַפן די פּרץ מאַרקיש־שפּראַך און סטיל.

נישט זייער לאַנג צוריק האָט מען געקאָנט מיינען, אַז מאַרקיש האָט דערגרייכט דעם אַפּאָגיי פון שרייבערישער חריפות אין זיין פאַרלעצטער גרויסער שאַפונג „מלחמה" פון קנאַפּע 700 זייטן. פאַרענדיקט, אַ פּנים, אין 1945, אַרויס אין מאָסקווע סוף 1948, איז די פּאָעמע אין ראַטן־פאַרבאַנד פּראָקלאַמירט געוואָרן ווי אַ העלדיש־פּאַטריאָטישער עפּאָס וועגן דעם אַלסאָוועטישן פאָטער־לענדישן קריג קעגן די נאַציס. און באמת — מיט הויך געשפּאַנטן כוח שילדערט דאָרט מאַרקיש ווי עס ווערן אַריינגעצויגן אין דעם פאַרצווייפלטן קאַמף הימל און ערד; ווי אין דער שעה פון אומ־

געהייערער סכנה שעפּט דער רוס, דער אוקראַינער, דער קאַזאַך און דער ייִד איבערמענטשלעכן קעמפערישן מוט אין די טיפענישן פון זייער דורותדיקן נאַציאָנאַלן מהות.

ווי אָרגאַניש, ווי סטיכיש ייִדיש ווייזט זיך אַרויס פרץ מאַרקיש ביים אַרויסברענגען דעם באַזונדערן ייִדישן גורל אינעם צווייטן וועלט־קריג — מיט די טויט־לאַגערן, מיט די געטאָס, מיט די הריגה־גריבער, מיטן ייִדישן ווידערשטאַנד און אויפשטאַנד אויפן סאַמע ראַנד פון אומקום. דאָס לשון ייִדיש ווערט דערביי אַ הייס־בלוטיקער צד אינעם געראַנגל. די ווערטער ווערן געשניצט און געשאַרפט אויף אַזאַ שניידיקן אופן, אַז אָפט טוען זיי, אַליין פאַר זיך, פשוט ווײ.

די געוואַלטיקע ייִדישע אומרו, פּאַרגעפיל און וואָרענונג, וואָס פלייצן ווײַט אַריבער די קריגסעפּאָפּיי — צאַפּלען אויף אין מאַרקישס פּיעסע „דער אויפשטאַנד אין געטאָ״ (אָנגעשריבן אין יאָר 1945, גלייך נאָך זיין באַזוך אין דער ערשט וואָס באַפרייטער ווילנע). יענע פּיעסע, וואָס די ייִדישע מלוכה־טעאַטערס (איצט גלייבט זיך קוים, אַז אַזאַ צייט איז געווען!), האָבן נישט בלויז אין מאָסקווע, נאָר אויך אין מינסק, קיִעוו, טשערנאָוויץ און אַפילו אין ביראָ־בידזשאַן, געשפּילט מיט אַזאַ גרויסער כוונה און אַזוי אויפגערו־דערט דעם ייִדישן אַרום. און דאָס האָט דאָך מאַרקיש געוואָלט, דערצו האָט ער דאָך געשטרעבט. בריִענדיקע אַלגעמיין־מענטשלעכע פּראָבלעמען, שאַרפע, שטעכיקע ריין־ייִדישע פראַגעס האָבן אַלץ שטאַרקער און געפערלעכער באַלאַגערט מאַרקישן. און פרץ מאַר־קיש האָט זיך געאײַלט, ווײ, ווי ער האָט זיך געאײַלט!...

ער האָט זיך באַמיט איבעריאָגן אַלץ און אַלעמען, און אפשר דער עיקר — זיך אַליין. עס איז אים געגאַנגען אין לעבן זיך גופא קלאָר צו מאַכן: ווו האַלט ער, בעצם, אויף דער וועלט. האָט ער געפּרוווט אויפנעמען, בייקומען דעם ריזיקן פּראָבלעמען־געפלייץ, און אינעם געווירבל — די עיקר־פּראָבלעם: קידוש־השם.

די שאַרפע רעוויזיע פונעם באַגריף „קידוש־השם״ האָט מאַרקיש

אַנגעהויבן אין זיין פּאָעמע וועגן פּאָגראָם „די קופּע", וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ גרויסע פּאַרצייטיקע מגילה מיט שוואַרצע טאָולען. אַרויס, 1921, אין וואַרשע און, שפּעטער, אין קיִעוו. אַ הייסן, בלוטיקן וויכוח וועגן דעם האָט ער אַריבערגעטראָגן אין דעם ראָמאַן „דור־אויס, דור־איין" *), וואָס די צוויי טיילן דערפון זענען אַרויס מיט אַ צווישן־הפסקה פון 12 יאָר. אין 1929 און 1941. און וואָס זיי דערציילן וועגן בונט, ווידערשטאַנד, רעוואָלוציאָנערן קאַמף און פּאָגראָמען.

מיט אַ געפיל פון טיף־באַליידיקטן צער, טרעט דאָרט מאַרקיש אַרויס קעגן דער באַציִונג פון די אַרומיקע צו אַ פּאַרגוואַלטיקטער פרוי בשעת אַ פּאָגראָם. אַנשטאָט זי צו דערהייבן מיט אָפּשיי, צו פּאַרגיטיקן זי מיט ליבשאַפט, טוט די סביבה אַלץ, כדי צו פּאַרטי־פערן איר אומגליק. מען פּאַרשרייבט דעם פּאַל אין שטאָט־פּנקס; מיט אָפּשרעק, מיט שוידער פון רחמנות, פּאָמפּעט מען אויס יעדן טראָפּן פון נאָרמאַלער לופט אַרום און אַרום דעם קרבן.

ברענענדיק ווערט דאָרט אַרויסגעבראַכט דער גורל פון דריי דורות — זיידע, פּאָטער און זון — פון איין יידישער משפּחה. זיי קומען אום אין דריי פּאַרשיידענע תקופות — אַלע אויף קידוש השם. דער זיידע און פּאָטער — אין פּאָגראָמען; דער זון, אַ קאָמאַנדיר פון אַ רויטאַרמייִשן טייל, פּאַלט אין שלאַכט קעגן אַ ווייסגוואַר־דייער־באַנדע...

...שרייבט מען אָט די שורות און בשעת מעשה שטעלט זיך פּאַר די אויגן אַ בילד אויפן בית־הקברות פונעם קיבוץ עין־חרוד. דריי מצבות פון איין משפחה: זיידע, פּאָטער און זון — אַלע דריי געפאַלן אינעם געראַנגל מיט אַראַבער. דער זיידע, 46 יאָר אַלט,

*) פּרץ מאַרקיש „דור הולך ודור בא" (כרך א', כרך ב') עברית: אליהו מייטוס. על מאַרקיש ויצירתו — גיטל מיזל. יוצא לאור ע"י ספרית פועלים בשיתוף עם קרן וינפר־מורגנשטרן. מרחביה 1962.
פּרץ מאַרקיש „דור אויס דור איין" (ערשטער באַנד, צווייטער באַנד) נאָכוואָרט פון שלמה בעליס. פאַרלאַג „יידיש־בוך", וואַרשע 1964, 1965.

אין 1938; דער פאָטער, 26 יאָר אַלט, אין 1948; דער זון, 23 יאָר אַלט, אין 1969 יאָר.

די אויסגעקריצטע נעמען אויף די דריי מצבות זענען:

חיים בן־משה שטורמן
משה בן־חיים שטורמן
חיים בן־משה שטורמן

...דעם 20סטן אויגוסט 1945 האָט פּרץ מאַרקיש געשיקט אַ בריוו פון מאָסקווע צו יוסף אָפּאַטאָשו, ניו־יאָרק.

„אונדזער ליטעראַטור — שרייבט פּרץ מאַרקיש — וועט דאַרפן אונטערפירן אַ סך־הכל אויף דאָס ניי, איבערשאַצן דעם באַגריף קידוש־השם, ווי אַן אייביקע נאַציאָנאַלע קאַטעגאָריע, וואָס האָט פּראַקטיש געהאָלפן צו פאַרלייכטערן דעם פּאַשיזם ביים אומברענגען דאָס פאָלק. אין דער איצטיקער מלחמה איז געבוירן דער שלאַכטמאַן, דער ייִדישער פּאַרטיזאַן, וואָס האָט אויסגעבלוטיקט דאָס רעכט אויף איבערשאַצן י. ל. פּרצס ‚מתנות׳...״

...ווי שוין געזאָגט, — פאַררעכנט מען דאָס ליד „גיס זשע אָן״, דאַטירט יאַנואַר 1949, פאַר דאָס לעצטע ליד פון פּרץ מאַרקישן.

זאָל עס געמאָלט זיין, אַז פון דאַן אָן ביז זיין אומקום (12טן אויגוסט 1952?) זאָל פּרץ מאַרקיש שוין מער גאָרנישט געהאַט געשאַפן? אָט־דער 53־יאָריקער טיף־רעוואָלוציאָנערער דיכטער, וואָס האָט נאָך אַלץ געהאַלטן אין סאַמע מיט פון אַ באַנייטן שטורמיש־שעפערישן פאַרמעסט מיט די יסודותדיקע פּראָבלעמען פון מענטש־לעכן און ייִדישן פרייען גייסט?

עס ווערט דערציילט, אַז אויף דעם געהיימען משפט קעגן די סאָוועטיש־ייִדישע קינסטלערס זאָל פּרץ מאַרקיש האָבן ספּאָנטאַן אַרויסגעטראָטן קעגן די שופטים מיט ביטערע, שאַרפע, שמייסנדיקע

באַשולדיקונג־רייד. עס גייען שוין ביז איצט אַרום עטלעכע וואַר־יאַנטן און ווערסיעס פון יענע צער־און־צאָרנדיקע רייד. און אַלע וואַריאַנטן און ווערסיעס ברענען און בריִען אויף אַן עכט מאַרקיש־דיקן אופן. נאָך מער — זיי אַלע פאַרבינדן און פאַרקייטלען זיך מיט פּרץ מאַרקישס „לעצטע", פאַרלעצטע, און פריִערדיקע ווערק. און אויך און אַפילו מיט זיינע גאָר־ערשטע שרייבערישע פרוּוון.

אַט ליגט פאַר די אויגן אַ שולהעפט אין שוואַרצע צעראַטע־טאָוולען. מיט קליינע, פערלדיקע אותיות, האָט דער 15־יאָריקער פּרץ זאָרגעוודיק אַריינגעשריבן אַהין זיינע ערשטע לידער אויף רוסיש. אין איין ליד, וואָס הייסט „מאָנאָלאָג" ווערט געזאָגט:

זיי מוחל רוסלאַנד, גלות־ערד...
— — — — — — — — — — — — — —
מיך האָט פון סטעפּ דיינעם געוויגט דער ווינט
ניט ווי אַ טרייע מאַמע וויגט איר קינד —
שטיפפאַטעריש פאַרפּרעמדט, האָט ער מיט האַס,
געסוויסטשעט איבער מיר: ביסט דאָ אַ גאַסט!...

און מען דערשרעקט זיך כמעט ביים טרעפן אין דער פאָעמע „דער פּערציקיאָריקער מאַן" אָט די שורה:

...אַ פרעמדער ביי זיך און אין דרויסן — אַ גאַסט...

12טן אויגוסט 1973

# שלמה מיכאָעלס
(1948 — 1890)

# און מאַקס ריינהאַרד
(1943 — 1873)

א מאָל דאַכט זיך מיר, אַז איך איינער טראָג אויף זיך דאָס אחריות פאַר מיין גאַנצן פאָלק, שוין אָפּגערעדט פונעם טעאַטער.

מיכאָעלס (1937)

שלמה מיכאָעלס איז געבוירן דעם 16טן מאַרץ 1890. אפשר האָט מען אין סאָוועט־רוסלאַנד אָפּגעצייכנט די 80 יאָר פון זיין געבוירן־טאָג, אָבער לויטן אַנגענומענעם סאָוועטישן נוסח האָט מען, מן הסתם פאַרשוויגן, אַז יאַנואַר 1970 איז געווען די 22סטע יאָרצייט, נאָך דעם, ווי ער איז דאָרטן געוואָרן דערמאָרדעט.

אין משך פון צוויי יאָרצענדליקער האָט זיך איבער גאָר דער יידישער וועלט אָנגעזאַמלט אַן אַ שיעור יזכור־מאַטעריאַל וועגן מיכאָעלסן, פול מיט טיפן צער און פּראָטעסט. אומגעהייער וויכטיק איז די ליטעראַרישע ירושה פון מיכאָעלסן, דערשינען אויף רוסיש, אין צוויי ביכער (מאָסקווע, 1960 און 1965), מיט אַרטיקלען, גע־שפּרעכן און רעדעס פון מיכאָעלסן, וואָס זייער מענטשלעכער און קינסטלערישער באַדייט וואַקסט פון יאָר צו יאָר ; מיט פּערזענלעכע זכרונות פון זיין פרוי אַנאַסטאַסיאַ פּאָטאָצקי־מיכאָעלס (געשריבן אין

די יאָרן 1963—1964), וואָס פאַר דער געשיכטע פון די סאָוועטישע ייִדן ווערן זיי פון שעה צו שעה אַקטועלער און וויכטיקער.

וואָס מער מען לייענט זיך אַריין אין די צוויי מיכאָעלס־ביכער, דערפילט מען זיך נעענטער צו מיכאָעלסן דעם קינסטלער, דעם ייִד, און דער עיקר — דעם מענטש. און די אייביקע פראַגע: פאַר וואָס? לאָזט נישט צורו, עקבערט און בריט אַלץ מער און מער.

ווערן ווידער אויפגערודערט באַנייטע, און עס קומען צו נאָך און נאָך שפּאָגל־נייע אַסאָציאַציעס.

אַרויפגעשווומענע באַנייטע אַסאָציאַציעס ברענגען ווידער צונויף שלמה מיכאָעלס מיט מאַקס ריינהאַרד. עס לעבט אויף אַ פאַרלאַנג איבערדערציילן, ווען אַפילו בלויז אויבנאויפיק, ווי עס האָבן אַ מאָל זיך געקרייצט די אַזוי פאַרשיידענע סצענישע וועגן פון די צוויי גרויסע טעאַטער־פּערזענלעכקייטן, און ווי עס איז, אין תוך, געווען ענלעך דער פאַרשיידענער טראַגישער סוף פון די צוויי. פון שלמה מיכאָעלס, דעם פריִער רוסישן און צום סוף — סאָוועטישן ייִד; און פון מאַקס ריינהאַרד, דעם פריִער עסטרייכישן, שפּעטער דייטשן, און צום סוף — אַמעריקאַנער ייִד.

עס דאַקוטשען אויך נייע, אַקטועל־שטעכיקע אַסאָציאַציעס וועגן פרישע „ריינהאַרדס" וועגן פרישע „מיכאָעלסעס". אָבער וועגן זיי איז נאָך אַלץ שווער צו טראַכטן, שווער זיך פאַרצושטעלן, אַז מען קאָן איצטער, און אין גיכן, זיך טרעפן מיט זיי — אין מערב און אין מזרח, אין צפון און אין דרום...

צום ערשטן מאָל האָבן זיך די וועגן פון מיכאָעלס און ריינהאַרד געקרייצט אין בערלין. פון אַפּריל ביז דעצעמבער 1928, האָט דער מאָסקווער ייִדישער מלוכה־טעאַטער „גאָסעט"*) גאַסטראָלירט אין פראַנקרייך, בעלגיע, האָלאַנד, עסטרייך און אויך — דער עיקר — אין דייטשלאַנד. אויף אַלע דייטשע און עסטרייכישע בינעס האָט

*) גאָסעט — ר"ת פון „גאָסודאַרסטווענני יעווריעיסקי טעאַטער" — דער רוסישער נאָמען פון „ייִדישן מלוכה־טעאַטער".

צו יענער צייט געהערשט און געוועלטיקט — מאַקס ריינהאַרד. מען האָט שוין דעמאָלט זיך געגרייט צו מאַקס ריינהאַרדס יובל: 25 יאָר דירעקטאָר פונעם „דייטשן טעאַטער" אין בערלין. און ווען דער יובל איז געקומען (1930), האָט מען אים געפייערט ווי אַ גרויסן דייטשן קולטור־יום־טוב. צייטונגען, זשורנאַלן און ביכער האָבן גע־זונגען אַ פּאַטעטישן לויב צו ריינהאַרדן דעם דערהויבענעם בינע־קינסטלער; געזונגען טיפן לויב צו זיין „עכט־דייטשן" גייסט. עס האָט געהאַלטן דערביי, מען זאָל דעם נאָמען מאַקס ריינהאַרד אַריינשרייבן מיט גאָלדענע אותיות אין דער געשיכטע פון דעם דייטשישן טעאַטער.

נישט קיין סך האָבן עס געדענקט, גאָר ווייניקע האָבן דערמאָנט, אַז דער יובילאַר איז אייגנטלעך אַ ייִד פון עסטרייך. דאָרט, אין באַדען, איז ער געבוירן (1873); דאָרט, אין דער הויפּטשטאָט ווין, געענדיקט אַ טעאַטער־שולע; און דאָרט, אין די טעאַטערס פון זאַלצבורג און בראַטיסלאַווע, האָט ער אָנגעהויבן שפּילן. ווען ער איז, נאָך דעם, אַריבער אין דער טעאַטער־וועלט פון בערלין, האָט זיך געדאַכט: עס איז שוין אויף שטענדיק...

ווי עס פירט זיך אין דייטשלאַנד, פון אייביק אָן, — האָט מען לכבוד דעם ריינהאַרד־יובילײ צונויפגעזאַמלט און אָפּגעדרוקט אָן אַ שיעור סטאַטיסטישע ידיעות און סך־הכלען פון ריינהאַרדס ברייטער טעטיקייט אויף די געביטן פון טעאַטער און פון טעאַטראָ־לאָגיע. ידיעות וועגן ריינהאַרדן ווי אַן אַקטיאָר, רעזשיסאָר, דער־ציִער, טוער און אויפטוער, און אויך אַ סך אינטערעסאַנטע פּרטים וועגן זיין קינסטלעריש לעבן. אַ ריזיק בילד האָט זיך פאַנאַנדער־געוויקלט, איבערראַשט און געבלענדט סיי די וויטסטע, סיי די נאָענטסטע סביבה. אין משך פון אָט דעם פערטל יאָרהונדערט זענען אויף די ריינהאַרד־בינעס, בלויז אין בערלין, געשפּילט געוואָרן העכער 23 טויזנט פאָרשטעלונגען פון 452 פּיעסעס. צווישן זיי האָט 193 פאָרשטעלונגען אויפגעפירט ריינהאַרד אַליין. יעדע אויפפירונג

זיינע איז געווען אַ דרייסטער אָנגריף אויף דער פֿאַרעלטערט־נאַטו־ראַליסטישער פֿאָרעם און סטיל; אַ דרייסטער פֿאַרמעסט אויף נייע סצענישע וועגן.

אָנגעהויבן פֿון זיין שלאָס לעאָפּאָלדסקראָן, פֿון די אינטימע קאַ־מערשפּיל־טעאַטערס ביז ברייטע שטאָטסקווערן, צירקן און קלויס־טערס — האָט ער אויף באַנייטע, ניי־אויפגעשטעלטע און ספּעציעל געבויטע בינעס — צוליב טעאַטער־אילוזיע, צוליב סצענישער די־נאַמיק — אַרויסגעבראַכט אַ ריי חידושים אין דעקאָראַציעס, באַ־לייכטונג און מאַשינעריע. (דרייבינע און נאָך און נאָך). ער האָט געשאַפֿן אַ גרויסן קינסטלערישן און טעכנישן אַפּאַראַט. אָן אַ שיעור רעזשיסאָרן, דראַמאַטורגן, מאָלער, מוזיקער און בינע־לייט האָבן מיט פֿאַרברייטערטע פֿונקציעס געאַרבעט אין זיינע טעאַטערס, כדי שפּעטער צו ווערן אַרויסגעשיקט אין דער גרויסער וועלט, יעדער איינער אויסגעשולט אין זיין געביט. ווי מיט אַ צויבערדיק טאַקט־שטעקעלע האָט ריינהאַרד צונויפגערופֿן טעאַטער־ליבהאָבערס פֿון אַלע עקן דייטשלאַנד און האָט זיי פֿאַרוואַנדלט אין אַן אויסגעביל־דעטער אַרמיי פֿון אַקטיאָרן. צווישן זיי נישט ווייניק וועלטבאַרימטע „סטאַרס". דערצו האָט ער מיט זיין ביישפּיל אינספּירירט, אַרויס־גערופֿן צום לעבן נאָך און נאָך אַנדערע טעאַטערס. מיט איין וואָרט: ריינהאַרד האָט אין דעם מעכטיקן דייטשישן קעניגרייך אַרויסגע־כישופֿט אַ זעלבשטענדיקע טעאַטער־מלוכה.

ריינהאַרד האָט ביי פֿאַרשיידענע געלעגנהייטן ליב געהאַט צו אונטערשטרייכן: קינסטלערס זענען געשאַפֿן לויטן צלם אלהים: זיי פֿאַרמאָגן אַ פֿונק פֿון דעם געטלעך־שאַפֿערישן דראַנג, זיי טראָגן אין זיך אַ שטאַרקן פֿאַרלאַנג איבערצושאַפֿן די וועלט, צו געבן פֿון איר אַ ניי, קינסטלעריש בילד. מוז דערפֿאַר דאָס טעאַטער, באַזונ־דערס, פֿאַרמאָגן, נישט ווייניקער ווי די וועלט, אויב נישט נאָך מער, פֿאַרבן און קלאַנגען, קאָלירן און טענער.

ווי פּילפּאַרביק און פּילקלאַנגיק איז געווען דער אוניווערסאַלער צונויפשטעל פֿון ווערק, געשפּילט אין ריינהאַרדס טעאַטערס! צו

געבן בלויז אַן אויבנאויפיקן באַגריף וועגן דער אַמפּליטוד פון ריינהאַרדס רעפּערטואַר (פון די אַלט־גריכישע טראַגעדיעס און קאָמעדיעס ביזן לעצטן וואָרט אין דער מאָדערנער אייראָפּעישער דראַמאַטורגיע) — איז פאַלג מיך אַ גאַנג! קיין שום תקופה אין דער מענטשלעכער געשיכטע איז פאַר ריינהאַרדן נישט געווען צו אַלט אָדער צו ניי; קיין שום לאַנד, קיין שום פאָלק איז פאַר אים נישט געווען צו ווייט אָדער צו נאָענט, כדי אַרויסצוברענגען זיי אויף זיינע בינעס — אַחוץ איין און איינציק פאָלק: דאָס יידישע.

עכט־יידישע אויגן און אויערן, פון דער ווייטן און אין דער נאָענט, האָבן זיך געוווּנדערט: צווישן די 334 מחברים, וואָס זייערע ווערק האָט מען געשפּילט אויף ריינהאַרדס בינעס, האָבן זיך קוים געפונען צוויי צענדליק יידן. בשעת אַ היפּשער טייל פון זיינע רעזשיסאָרן, מוזיקער, מאָלער און, אַחרון אַחרון חביב, אַקטיאָרן — זענען געווען יידן. ריינהאַרדן האָט אַפילו נישט פאַרכאַפּט די מאָדע אויף יידישע פּיעסעס, וואָס האָט, אויף אַ ווייל אַ בליץ געטאָן אין אייניקע אייראָפּעישע לענדער. אַן אינטערעסאַנטער, פּילזאָגנ־דיקער פּרט: די עטלעכע יידישע דראַמעס, וואָס מען האָט שוין יאָ געשפּילט אין ריינהאַרדס טעאַטערס (שלום אַש — „גאָט פון נקמה" און „דער בונד פון די שוואַכע"; דוד פּינסקי — „דער אוצר"; אָסיפּ דימאָוו אייניקע פּיעסעס) האָבן געשטעלט זיינע געהילף־רעזשיסאָרן: אפרים הירש, פעליקס האָלענדער און היינץ הילפּערט. וואָס שייך ריינהאַרדן אַליין, האָט ער אויפגעפירט פּיעסעס מיט יענעם סאָרט יידישן אינהאַלט ווי „יעקבס חלום" פון בער האָפמאַן אָדער ווי „יהודית" פון פרידריך העבבעל. באַוווּסטזיניק אָדער נישט, האָט אויך ריינהאַרד, ווי דאָס רוב אַסימילאַטאָרן, געהאַלטן יידישקייט דערווייטערט פון זיך אויף אַ מהלך פונעם תנך.

ווי געזאָגט, האָט ריינהאַרד זיך געפונען אין דער העכסטער טעאַטראַלער מדרגה, ווען קיין בערלין איז אָנגעקומען פון מאָסקווע דער יידישער מלוכה־טעאַטער (גאָסעט), בראש מיט אַל. גראַנאָווסקי;

געקומען מיט אַן אויסגעשפּראָכענעם, אונטערשטראָכן — ייִדישן רעפּערטואַר: „200.000״ פון שלום עליכם; „ביי נאַכט אויפן אַלטן מאַרק״ פון י. ל. פּרץ; „מסעות בנימין השלישי״ פון מענדעלע מוכר ספרים. צוזאַמען מיט אַל. גראַנאָווסקי, האָט כמעט דער גאַנצער אַנסאַמבל אָפּט פראָקלאַמירט, אַז זיי האָבן גאָרנישט געירשנט פון דעם אַלטן ייִדישן טעאַטער און אַז זייער סצענישע עבודה איז מעשה בראשית. אָבער דערביי איז יעדער סצענישער קער און ווענד אין זייערע פאָרשטעלונגען געווען דער פולער היפוך פון אַלע דעקלאַראַציעס. ניי־געשטאַלטיקט און ניי־געפורעמט, האָט זייער בינע שע־מערירט און געפינקלט מיט אוצרות אויף אוצרות פונעם אַמאָליקן ייִדישן טעאַטער־גייסט. אָנגעזאַמלט און אָנגעהויפּט שוין פון לאַנג.

מען איז אין דייטשלאַנד נישט געווען געוווינט צו אַזאַ מין קאָלעקטיוון שפּיל, ווו עס ווערט געשטעלט אין קאָן דאָס לייב און לעבן פון פאָלק; ווו עס ווערט אַנטפּלעקט די נשמה און האַרץ פון אַ גרויסן כלל. ווי אַן אַלטער, לאַנג־אויסגעשטאַנענער, שטאַרקער וויין, האָבן די פאָרשטעלונגען פון „גאָסעט״ אַ זעץ געטאָן אין קאָפּ פון דעם קאַלטן ייִדישן און נישט־ייִדישן טעאַטער־עולם, פאַר־שיכורט אויך די ייִדישע און נישט־ייִדישע טעאַטער־קריטיק, טראָץ דעם, וואָס אַ גרויסער טייל, סיי פונעם עולם, סיי פון דער קריטיק, האָט נישט פאַרשטאַנען קיין ייִדיש. די הויך־געשעצטע און פיל־געפּייערטע ווערטער: „שוישפּיל״ און „שוישפּילער״ זענען אויף איין מאָל געוואָרן צו ענג, האָבן פּלוצעם מער נישט באַפרידיקט די דייטשע טעאַטער־מבינים. און זיי האָבן לכבוד דעם ייִדישן טעאַטער, און דער עיקר לכבוד שלמה מיכאָעלס און בנימין זוסקין, באַנייט און אָפּגעפרישט די אַלטע סצענישע באַגריפן פון כישוף־מאַכער, צויבערער און מאַג...

נאָך פאַרן מאָסקווער ייִדישן טעאַטער, האָבן אין בערלין שוין געהאַט גאַסטראָלירט: דער רוסישער קינסטלערישער טעאַטער און די העברעיִשע „הבימה״ פון מאָסקווע. און אויך „די ווילנער״ — דער ייִדישער טעאַטער פון פּוילן. אַזוי אַרום איז אויפן מאָסקווער

יידישן מלוכה־טעאַטער געפאַלן דער גורל צו דערגאַנצן, אונטער־צופירן אַ סצעניש סך־הכל פון די פיר טעאַטערס, וואָס זענען געקומען פון מזרח. ווי פאַרשיידן די טעאַטערס זענען נישט געווען, האָבן ערנסטע טעאַטער־קריטיקער דערפילט, אַז דער אידעיש־קינסטלערישער תוך איז ביי די „מזרח־טעאַטערס" — דער זעלבער; און אַז די אינדיווידועלע איבערלעבונגען פון איינצלנע מענטשן זענען אין זייערע פאַרשטעלונגען, שטענדיק און אומעטום, באַזירט סיי אויף נאַציאָנאַלע און סיי אויף סאָציאַלע גרונט־עלעמענטן.

...אַל. גראַנאָווסקי איז נישט צוריקגעפאָרן מיט דער טרופּע קיין מאָסקווע. ער איז דעמאָלט געבליבן אין בערלין. די קינסטלע־רישע אָנפירונג מיטן „גאָסעט" האָט איבערגענומען שלמה מיכאָעלס.

עס זענען אַוועק אַ פּאָר יאָר פונעם פאַשיסטישן באַרג־אַרויף אין אייראָפּע. אין 1935 האָבן די טעאַטער־לייט פון מערב זיך נאָך אַ מאָל געטראָפן, פנים לפנים, מיטן מזרח־טעאַטער — דאָס מאָל אין מאָסקווע, בשעתן דריטן טעאַטער־פעסטיוואַל — מיט 400 אויס־לענדישע געסט פון 25 לענדער, דאָס רוב אייראָפּעיִשע, צווישן זיי אויך דייטשלאַנד, אָבער שוין אָן ריינהאַרדן, אָן דעם מינדעסטן זכר פון אים. ווייל מאַקס ריינהאַרד האָט דאָך אין 1933 געמוזט פאַרלאָזן דייטשלאַנד און אַריבערפאָרן אין עסטרייך צו פּראַוווען דאָרט יידישן גלות...

צווישן די 14 פאַרשטעלונגען, פייערלעך דעמאָנסטרירט אויפן מאָסקווער פעסטיוואַל, איז געווען דער „קעניג ליר" פון שעקספּיר, געשטעלט דורכן יידישן מלוכה־טעאַטער. רעזשי ס. ע. ראַדלאָוו. קעניג ליר — מיכאָעלס. דער לץ — זוסקין.

ווידער און אויף ס'ניי זענען די טעאַטערלייט פון מערב בכלל, און פון דייטשלאַנד בפרט, אַוועקגעשטעלט געוואָרן פאַר אַן אויס־טערלישער דערשיינונג. מען איז אין דייטשלאַנד געווען גוט און נאָענט באַקאַנט מיט שעקספּירן. אין די ערשט־וואָס פאַרגאַנגענע ריינהאַרד־צייטן, האָט שעקספּיר יאָרנלאַנג פאַרנומען דעם אויבנאָן

אויף דער דייטשער בינע. מיט דער הילף פון זיינע שוישפּילער און סצענישע מיטאַרבעטער, וואָס זענען, פּונקט ווי ער, דערצויגן געוואָרן אויף דער אייראָפּעיִשער קולטור, האָט ריינהאַרד נישט אויפגעהערט צו באַנייען שעקספּירן, געגעבן אים איינציקווייז און ציקלווייז. באַלויכטן אים אין אַלע מעגלעכע סצענישע אַספּעקטן. אין יעדער נייער פאַרשטעלונג געשטעלט דעם טראָפּ אויף אַן אַנדער שעקספּיר־עיקר. אַריינגעגעבן אין שעקספּירן דעם אָטעם פון זיין, ריינהאַרדס, תקופה...

פון דער צווייטער זייט, איז עס פאַר קיינעם נישט געווען קיין סוד, אַז דער קאָלעקטיוו פונעם מאָסקווער ייִדישן מלוכה־טעאַטער האָט 15 יאָר נאָך אַנאַנד דער עיקר זיך אויסגעלעבט אין די סצע־נישע געשטאַלטן פון גאָלדפאַדען און שלום־עליכם, פון מענדעלע און פּרץ. איז עס געווען אַ גרויסער חידוש, וואָס דווקא דער נאַציאָנאַל־ייִדישער טעאַטער האָט אויף אַ נאַטירלעך־איבערצייגיקן, פולבלוטיקן אופן דערגרייכט צו יענעם מין אוניווערסאַלן פאַרנעם, וואָס דערצו האָט קוים זוכה געווען ריינהאַרדס בינע. אַ סך פון די איינגעלאַדענע צום מאָסקווער פעסטיוואַל האָבן דערנאָך דערציילט און געשריבן: אין משך פון כמעט 5 שעה, האָט די ייִדישע פאַר־שטעלונג „קעניג ליר" געהאַלטן דאָס פּובליקום אין אַ פאַרכישופטער שפּאַנונג און האָט נישט איין קאָלטן „אָביעקטיוון צושויער" דער־פירט צו השתפכות הנפש. דווקא שלמה מיכאָעלס, אַ קליינוואוקסיקער, מיט אַ גאַנץ שוואַכער שטים — דווקא און גראָד ער, האָט געבראָכן די איינגעשטעלטע רוטין ביים אינטערפּרעטירן דעם קעניג ליר. שלמה מיכאָעלס האָט דעם פראַכטפולן מיטלעלטערישן אייראָפּעיִשן קעניג אַרויסגעבראַכט מיט אַזאַ טיפער חכמה, מיט אַזאַ פלאַמיקער ליידנשאַפט, מיט אַזאַ אורמענטשלעכער קראַפט, וואָס האָט זיך ביי איינעקע אַסאָציִירט מיטן קעניג ליר פונעם געניאַלן נעגערישן שוישפּילער אירא אָלרידזש.

זענען די באַגייסטערטע אָפּרופן וועגן קעניג ליר פון מיכאָעלסן געווען אַ ריין־עמאָציאָנעלע גוזמא פון אַ דערהויבענער שעה?

אָבער אַפּילו גאָרדאָן קרעג, דער וועלט־באַקאַנטער ענגלישער רעזשיסער און שעקספּיר־קענער, האָט פריִער אין מאָסקווע און שפּעטער אין לאָנדאָן, געזאָגט און איבערגעחזרט : „נאָך מיין לערער, דעם גרויסן אירווינג (הענרי), האָט קיין איין איינציקער אַקטיאָר מיך אַזוי טיף נישט אויפגעטרייסלט, ווי מיכאָעלס מיט זיין שפּילן דעם קעניג ליר״.

אין דער אויבן דערמאָנטער ליטעראַרישער ירושה פון מיכאָעלסן געפינט זיך אַ גרעסערע אַרבעט, קינסטלעריש, אידעיִש און פילאָ־סאָפיש פּאַרטיפט, וועגן די וועגן, וואָס האָבן אים געפירט צו דער סצענישער געשטאַלטונג פון ליר, דעם מענטש, און אויך אַ גלענצנ־דיקע רעדע פון מיכאָעלסן וועגן זיינע נישט געשפּילטע, שעקספּיר־ראָלן. לייענט מען און בשעתן לייענען קלינגען אין די אויערן און אין האַרצן די פּאָר גורלדיקע ווערטער, וואָס מיכאָעלס האָט געזאָגט צו זיין פרוי אינעם שרעקלעכן סאָוועטישן, 1937סטן, יאָר : „ אַ מאָל דאַכט זיך מיר, אַז איך איינער טראָג אויף זיך די אחריות פאַר מיין גאַנצן פאָלק, שוין אָפּגערעדט פונעם טעאַטער״.

און עס ווערט קלאָר און קלאָרער, אַז דווקא מיכאָעלס, דער הייסער, פלאַמיקער ייִד, פּונקט ווי אירא אָלרידזש, דער הייסער, פלאַמיקער נעגער, האָט געקאָנט אַזוי הייס און פלאַמיק אַרויס־ברענגען דעם אוניווערסאַלן קעניג ליר.

1935—1941 — משוגע געוואָרענע יאָרן. דער נאַציזם האָט אַלץ שטאַרקער געווילדעוועט — ביז ס׳איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה. פון דער ווייטן האָט זיך געקאָנט דאַכטן, אַז אין דעם „רויקן״ ראַטן־פאַרבאַנד איז מיכאָעלס ברייט און וואַרעם אָנערקענט, ווי אַן אַקטיאָר און רעזשיסאָר, ווי אַ טעאָרעטיקער, לעקטאָר און פּעדאַגאָג פון דער סצענישער און דראַמאַטישער קונסט, און נישט ווייניקער — ווי אַ בולטע, דינאַמישע, אידעיִש־קינסטלערישע טרייבקראַפט אין דער אַלגעמיינער סאָוועטישער קולטור. צו דער אויסצייכענונג „פאָלקסאַרטיסט פון רספסר״ איז אויך צוגעקומען

דער טיטל — פּראָפעסאָר. אין זיין אייגענעם טעאַטער, אין „גאָסעט״, האָט ער געהאַלטן אין איין באַנייען די ייִדישע קלאַסיקער. מיט דער הילף פון נישט־ייִדישע און ייִדישע סאָוועט־שרייבער האָט ער גע־בראַכט צום סצענישן לעבן אַ סך אַקטועלע, טיפּע פּראָבלעמען פון דעם ראַטן־פאַרבאַנד בכלל און פון די סאָוועטיש־ייִדישע מאַסן בפרט.

אַ געזעלשאַפטלעכער טוער אין בעסטן זין פונעם וואָרט, איז שלמה מיכאָעלס געווען אַ מין מאָדערנער רבי, וואָס צו אים האָבן זיך געצויגן די געראַטעוועטע פון די נאַצי־און קריגס־זאַנעס, און אויך סאָוועטישע בירגער, געבראַכט צו אים זייערע שווער־אָנגע־לאָדענע ייִדישע הערצער. מיכאָעלס איז, בעל־כרחו, געוואָרן אַ פאָלקס־שתדלן אין די הויכע פענצטער פאַרן שרעקלעכן גורל פון די „פרעמדע״ און אויך די „אייגענע״, סאָוועטישע, ייִדן...

ווען די צווייטע וועלט־מלחמה איז אין יאָר 1941 אויסגעבראָכן אויך אין סאָוועט־רוסלאַנד, איז מיכאָעלס, אַקטיוו און קעמפעריש, גלייך צוגעשטאַנען צום אַלגעמיינעם גייסט־פראָנט אין ראַטן־פאַר־באַנד. אין סאַמע ברען פונעם קריג האָט שלמה מיכאָעלס, שוין צוויי יאָר פאָרזיצער פונעם אַנטיפאַשיסטישן ייִדישן קאָמיטעט, זיך געלאָזט אין דער ווייטער, ברייטער וועלט — אין די פאַראייניקטע שטאַטן, קאַנאַדע, מעקסיקע און ענגלאַנד — צוזאַמען מיטן סאָוועט־טיש־ייִדישן דיכטער, דעם סאָוועטישן פאָלקאָווניק — איציק פעפער. נאָמינעל שליחים פון די סאָוועטישע ייִדן, זענען זיי פאַקטיש געווען דעלעגירט מטעם דער סאָוועטישער רעגירונג. עס האָט זיך געקאָנט דאַכטן, אַז דעמאָלט, אין 1943סטן יאָר, איז שלמה מיכאָעלס געווען דער מאַן „אשר המלך חפץ ביקרו״ (וואָס דער מלך וויל אים אָנטאָן כבוד). האָט מען דאָך אין די סאָוועטישע הויכע ספערן גערופן שלמה מיכאָעלסן מיט רוסישן נאָמען פון שלמה המלך — סאָלאָמאָן מודרי...

גרויס זענען געווען די האָפענונגען, וואָס מען האָט געלייגט אויף די שליחים, דעם פּראָפעסאָר מיכאָעלס און דעם פאָלקאָווניק פעפער. נאָך גרעסער זענען געווען די רעזולטאַטן פון זייער שליחות. זיי זענען דורכגעפאָרן ביי 16 לענדער, באַזוכט 46 גרעסערע און

קלענערע שטעט, אַרויסגעטראָטן אויף מיטינגען פאַר אַ האַלבן מיליאָן מענטשן מיט אַ שאַרפן מאָנענדיקן אַנטיפאַשיסטישן רוף. בלויז אין ניו־יאָרק האָט זיך אויפן ריזיקן שטאָטישן סטאַדיאָן פאַרזאַמלט אַ 50.000 קעפּיקער עולם און צווישן זיי: פראַנצויזן און איטאַליענער; רוסן, אוקראַינער, פּאָליאַקן און טשעכן; נעגערס און ייִדן. און אַלע ווי איינער האָבן זיי זיך צונויפגעגאָסן אין איין דראַנג און פאַרלאַנג — צו באַפרייען די וועלט פון דער פאַשיס־טישער פּעסט.

אויב מיכאָעלס האָט פאַר די ריזיקע געמישטע מאַסן זיך אַרויס־געוויזן אַ פלאַמיקער פאָלקסטריבון, איז ער אויף די ייִדישע פאַר־זאַמלונגען געווען היימיש און האַרציק. אַזוי האָט מיכאָעלס פאַר אַ גרויסער עדה ייִדן — פאָרשטייער פון הונדערטער ניו־יאָרקער אָרגאַניזאַציעס — געזאָגט, גערירט ביז גאָר, אַז אים האָט געבוירן און אויפגעצויגן די מאַמע־ייִדיש און אַז זיינע אונטערפירערס זענען געווען אַזעלכע געהויבענע מחותנים ווי גאָלדפאַדען און שלום־עליכם, מענדעלע און פּרץ.

מיכאָעלס און פעפער האָבן בשעת זייער באַזוך אין אַמעריקע פאַרפלאַנצט אַ בוים אינעם פּרעכטיקן שעקספּיר־גאָרטן אין טשי־קאַגאָ און אָוועקגעלייגט אַ קראַנץ אויפן באַשיידענעם קבר פון שלום־עליכם אין ניו־יאָרק. ביידע — דער בוים און דער קראַנץ — אין נאָמען פון די סאָוועטישע ייִדן. אָבער סיי דעמאָלט און נאָך מער איצט טיילן זיך די צוויי מאָמענטן אויס ווי בולטע צייכנס אויפן פערזענלעכן וועג פון מיכאָעלס, דעם מענטש און דעם קינסטלער. אַ טיף סימבאָלישע באַדייטונג האָט געטראָגן די באַגעגעניש צווישן מיכאָעלס און ריינהאַרדן, פרי׳ער אין אַן ענגערן קרייז פון 65 אַמע־ריקאַנער קינסטלער, און נאָך דעם אויג אויף אויג.

פון איין זייט — שלמה מיכאָעלס, געבוירן און אויפגעצויגן אין דער פאַטריאַרכאַלער דווינסקער היים פון זיין פרומען פאָטער מיכאל וואָווסי, איז ער כל ימיו, פון תקופה צו תקופה, מיט זיין

ווערן מער מענטש און מער קינסטלער אויך געוואָרן מער און מער ייִד.

פון דער אַנדערער זייט — מאַקס ריינהאַרד. סיי אין לעבן און נאָך מער אין דער קונסט האָט ער אייביק זיך באַמיט צו זיין און צו בלייבן אַן עכטער דייטש. ריינהאַרד האָט זיך שטענדיק געצויגן צו געטע, געשטרעבט אַלזייטיק צו פאַרקערפּערן אים סצעניש. אָבער ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז ריינהאַרד געבליבן ביים שטרעבן. אַ גאַנץ לעבן האָט ריינהאַרד געוואַנדלט צווישן צוויי עקסטרעמע טעאַטער־פאָרמען: אינטימער קאַמערשפּיל און צירק, און איןביידע געביטן אויפגעטאָן אומגלייבלעך פיל, אָבער איינגעגעבן האָבן זיך אים דער עיקר די קאַמער־טעאַטערס, וואָס האָבן גערעדט צום האַרצן פון זייערע באַזוכערס — דער דייטשער אינטעליגענץ. ריינהאַרד האָט אויפגעלעבט אין דייטשלאַנד די מאַסן־טעאַטערס. אים טאַקע געהערט די אידעע פונעם טעאַטער־פעסטיוואַל אין זאַלצבורג. אָבער פאַרן דייטשן פאָלק (דאָס פובליקום פונעם מאַסן־טעאַטער און צירק) איז ריינהאַרד געווען נישט גענוג פאָלקסטימלעך; זיין נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער תוך איז געווען נישט גענוג קלאָר אויסגעשפּראָכן.

ווען די ערשטע וועלט־מלחמה איז אויסגעבראָכן, האָט ריינהאַרד צונויפגעשטעלט אַ דייטשלאַנד־ציקל פון פּאַטריאָטישע פּיעסעס; צוגעקליבן אַ פּאַסיקע טרופּע און מיט זיי אַרומגעפאָרן איבער די נייטראַלע לענדער מיט אַ קינסטלערישער פּראָפּאַגאַנדע פאַר דייטשלאַנד. ווען די צווייטע וועלט־מלחמה איז אויסגעבראָכן איז מאַקס ריינהאַרד שוין געווען אַ פּליט אין אַמעריקע, וווּהין ער איז, וויאַ עסטרייך און פאַריז, געקומען זוכן פאַר זיך אַ נייע גייסטיקע און קינסטלערישע היים.

וועגן די לעצטע טעג פון ריינהאַרדס פאַרברענגען אין זיין דייטשער היים, אינעם שלאָס לעאָפּאָלדסקראָן, דערציילט די פּראָגרעסיווע דייטשע שריפטשטעלערין אַננעטע קאָלב אין איר בוך „מעמענטאָ" (פישער־פאַרלאַג, 1960). ווי אַזוי מאַקס ריינהאַרד האָט

פאַר זיינע זעלטענע, שיטערע געסט, נאָך אַלץ געפירט טיש, נאָך אַלץ ביז שפּעט אין דער נאַכט אַנגעפירט מיט די גייסטרייכע געשפּרעכן וועגן דער קונסט פון שוישפּיל און שוישפּילער און דערביי מיט קיין איין וואָרט נישט דערמאָנט וועגן דעם „דריטן רייך", קיין מינדעסטע אָנדייטונג נישט געגעבן וועגן די אײדל געזאָגט, אַטריבוטן און קאָנסעקווענצן פון היטלערלאַנד.

מיט 10 יאָר שפּעטער, ווען מיכאָעלס האָט אין האָליוווד פאַר־בראַכט מיט ריינהאַרדן אַן אויפדערנאַכט, איז מיכאָעלס געווען שטאַרק איבערראַשט. אויך דעמאָלט האָט ריינהאַרד, בכלל און בפרט, נישט גערעדט וועגן פאַשיזם. עלעהיי ד'ער פאַשיזם, פון וועלכן ער, ריינהאַרד גופא, האָט זיך געראַטעוועט על פּי נס, איז לא היה ולא נברא.

אין אַמעריקע האָט ריינהאַרד, איצט אַן אַ קרוין, אַן אַ לאַנד, אַן אַ פאָלק און אַן אַ שפּראַך — זיך געפילט שטערבלעך אַנטוישט. אַלע זיינע ברייטע טעאַטראַלע פּרווון זענען דורכגעפאַלן; דאָס אַמע־ריקאַנער פּובליקום איז געווען פאַר אים ווילדפרעמד; דעם אַמערי־קאַנער טעאַטער האָט ער אין גאַנצן נוליפיצירט.

„איך בין אַלט 72 יאָר — האָט ריינהאַרד דעמאָלט געזאָגט צו מיכאָעלסן — עס איז מיר מן־הסתם נישט זייער פיל געבליבן צו לעבן. אָבער איך טרוים נאָך עפּעס־וואָס אויפצופירן. וואָלט איך געקאָנט אַרבעטן ווען איך קום צו אייך, אין ראַטן־פאַרבאַנד?" — האָט ריינהאַרד געפרעגט.

און געטרוימט האָט ריינהאַרד צו שטעלן די מוזיקאַלע נעגער־דראַמע „פאָרגי און בעסס" פון גערשווין.

אָבער ריינהאַרד איז געשטאָרבן גאָר אין גיכן, ערב מיכאָעלס' פאַרלאָזן אַמעריקע...

ווען מיכאָעלס, דער הייסער ייִד און הייסער אַנטיפאַשיסט, איז פון דער וויטער רייזע געקומען צוריק צו זיך, אין ראַטן־פאַרבאַנד, האָט גראָד נאָך די צווי עוואַקואַציע־יאָר אין טאַשקענט, זיך אומ־

געקערט קיין מאָסקווע דער מלוכישער ייִדישער טעאַטער. מען האָט פייערלעך אויפגעפֿירט דאָס טעאַטער מיט „טביה דער מילכיקער" פון שלום־עליכם, און ווען טביה דער מילכיקער (שלמה מיכאָעלס) האָט אויסגערופן: „כל זמן שהנשמה בקרבי — מאַכט רש״י: פּאַר וויטער, טביה!", האָט עס געקלונגען און אָפּגעהילכט ווי אַ מוטיקער, קעמפערישער רוף צום פֿאָלק, און דער פֿול־געפּאַקטער זאַל, וואָס צווישן זיי זענען געווען נישט ווייניק שלאַכטלייט, אָנגעהויבן פון רויטאַרמייער ביז גענעראַלן, האָט מיט שטורמישע אָוואַציעס אָפּ־געענטפערט אויפן רוף...

פון דער ווייטן האָט זיך געקאָנט דאַכטן, אַז שלמה מיכאָעלס, אַ הייסער ייִד און זייער אַ הייסער אַנטיפאַשיסט, דער פאַרשטייער און טרעגער פון אַ בולט קעמפעריש־אידעיִשער קונסט — איז אין זיין ייִדיש־סאָוועטישער היים ביז דער לעצטער רגע געשטיגן העכער פון הויך. אָבער אָט קומען עטלעכע שורות אין די זכרונות פון זיין פרוי אַנאַסטאַסיאַ פּאָטאָצקי־מיכאָעלס, און זיי מעקן אָפּ, איין מאָל פאַר אַלע מאָל, כלערליי אויסדוכטענישן.

זיין פרוי דערציילט: די חלומות פון מיכאָעלסן (ווען ער האָט שוין אַ מאָל יאָ געחלומט), זענען שטענדיק געווען פאַרבונדן מיט זיינעם אַ טיפן אומרו. די לעצטע יאָרן האָט ער אָפט געחלומט דעם זעלבן חלום: אַז הינט רייסן פון אים שטיקער. פלעגט ער זיך וואַרפן אין שלאָף און זיך אויפכאַפּן מיט אַ ווילדן געשריי. אָבער הינט, וווּנדערט זיך זיין פרוי, האָט מיכאָעלס פון קינדווייז אָן שטאַרק ליב געהאַט און געווען זייער צוגעבונדן צו זיי, און די ליבע איז געווען אַ קעגנזייטיקע. איז דער פיינלעכער חלום געווען פאַר איר אַ מאָדנער. ממש נישט צום באַגרייפן.

און נאָך דערציילט זיין פרוי: עס האָט זיך שפּעטער, צו שפּעט, אַרויסגעוויזן, אַז איידער מיכאָעלס האָט זיך געלאָזט אין זיין לעצטן וועג קיין מינסק, האָט ער זיך געזעגנט מיט אַלע זיינע נאָענטע פריינד, מיט יעדן איינעם באַזונדער, אויף אַן אויסטערלישן אופן.

און געפּאָרן איז ער דאָך אויף אַ קורצער צייט, נאָמינעל, אין אַ בכבודיקער שליחות פון אַן אָפיציעל־קינסטלערישער סטאַלין־קאָמיסיע.

זאָל עס זיין, אַז ערגעץ־ווו האָט שלמה מיכאָעלס אַרויסגעפילט, אַז מען שיקט אים צו דער שחיטה?...

מיכאָעלס און ריינהאַרד... אין 1936 האָט מיכאָעלס געשריבן וועגן ריינהאַרדן, אַז ריינהאַרד איז, אָן שום ספק, איינער פון די אינטערעסאַנטסטע געשטאַלטן אין דער טעאַטער־געשיכטע, אָבער קיין אייגענע טעאַטער־ריכטונג האָט ער נישט געשאַפן. ער איז גיכער געווען אַן עקספּערימענטאַטאָר, אַן עקלעקטיקער, וואָס האָט אין דער פּראַקטיק אויסגענוצט פאַרשיידענערליי טעאַטער־זשאַנערס און דערביי אָנגעווענדט כלערליי סצענישע פאָרמען. איז דעריבער קיין חידוש נישט, וואָס שווישפּילער פון פאַרשיידענע ריכטונגען האָבן זיך פּראָקלאַמירט ווי שילער פון ריינהאַרדן...

ריינהאַרד און מיכאָעלס... אין בערלין פון מזרח־דייטשלאַנד טראָגט דער דייטשער טעאַטער דעם נאָמען פון מאַקס ריינהאַרד. נו, גוט! אָבער אויך אין תל־אביב גרייט מען זיך איצט, אין 1970, אויפשטעלן אַ טעאַטער־צענטער אויפן נאָמען פון ריינהאַרדן.

אין מאָסקווע טראָגט קיין שום טעאַטער נישט דעם נאָמען פון מיכאָעלסן. נו, גוט! אָבער אויך אין תל־אביב פון 1970 הערט מען נאָך נישט וועגן פּלענער צו פאַראייביקן דעם לייבלעך־נאָענטן נאָמען: שלמה מיכאָעלס.

1970

# בנימין זוסקין
(1952 — 1899)

אין דער געשיכטע־אָפּטיילונג פונעם מאָסקווער רוסישן חודש־זשורנאַל „טעאַטער" (אויגוסט 1969) געפינט זיך אַן אַרטיקל פון פ. מאַרקאָוו, דעם טעאַטער־היסטאָריקער און הויפּט־רעדאַקטאָר פון דער סאָוועטישער „טעאַטראַלער ענציקלאָפּעדיע". דער אַרטיקל הייסט: „וועגן זוסקין. צו זיין 70־יעריקן געבוירן־טאָג".

פ. מאַרקאָוו איז בעצם אַ בן־דור פון ב. זוסקין. ווען זוסקין לעבט, וואָלט ער אין 1969 אַלט געוואָרן 70 יאָר און וואָלט געווען יינגער פון מאַרקאָוון קוים אויף צוויי יאָר. פ. מאַרקאָוו דערמאָנט זיך און רעדט וועגן ב. זוסקין, פּונקט ווי זוסקין וואָלט געלעבט, נאָך אַלץ אַ יונגער און ליבהאָרציקער, נאָך אַלץ אַן אויסשטראַלנדיקער און פיל צוזאָגנדיקער. וואַרעם און גערירט ביז גאָר, דערציילט פ. מאַרקאָוו וועגן דעם בלענדיקן קינסטלערישן אויפשטייג פון זוסקין און וועגן דעם פלאַמיקן, אָפט שאַרפן, סצענישן דיאַלאָג, אָדער דועט, צווישן דעם אָריגינעלן שוישפּילער־פּאָר: מיכאָעלס־זוסקין...

...און זוסקין, דער ווונדערלעכער שוישפּילער פון דעם מאָסקווער יידישן מלוכה־טעאַטער, באַלוינט מיטן הויכן טיטל „פאָלקס־אַרטיסט פון רספסר" (1939) און מיט דער „סטאַלין־פּרעמיע" (1946), — איז סוף 1948 אויף אַ געהיימען אופן פאַרשוווּנדן פון מאָסקווע אין עלטער פון 49 יאָר און איז געוואָרן אומגעבראַכט אין ראַטן־פאַרבאַנד אין יאָר 1952...

ווענן דעם איז לײדער נישטאָ קיין מינדסטע אָנצוהערעניש אינעם היסטאָריש־קינסטלערישן איבערבליק פון פּ. מאַרקאָוו. און אויך נישט אין דער סאָוועטישער „טעאַטראַלער ענציקלאָפּעדיע" באַנד 2. דאָרט ווערן שוין, אמת, אָנגעגעבן די דאַטעס: 1899—1952. און עס ווערט דערמאָנט זוסקינס, אַ פּנים, לעצטע ראָל פון אַ פּאַר־טיזאַן אין לינקאָוום סאָוועטישער פּיעסע (1947), רעזשי שלמה מיכאָעלס... עס ווערט דאָרט אויך אָנגערופן די מאָנאָגראַפּיע וועגן ב. זוסקין פון יחזקאל דאָברושין, דעם ליטעראַרישן עצה־געבער און דראַמאַטורג ביים מאָסקווער ייִדישן מלוכה־טעאַטער און די אַרבעט וועגן ב. זוסקינען פון דעם היסטאָריקער אהרן גורשטיין.*)

אָבער סיי־ווי, ווען און ווו עמעצער זאָגט נאָר אַ וואָרט וועגן אַ ייִדישן קינסטלער, דערמאָרדעט אין ראַטן־פאַרבאַנד, רופט עס שטענדיק אַרויס אַ געפיל פון אַ יאָרצייט...

קוים גיט מען אַ טראַכט, אַז בנימין זוסקין וואָלט איצט אַלט געוואָרן 70 יאָר, שטייען אויף אין זכרון, ווידער און אויף ס׳ניי, נאָך און נאָך זאַכן וועגן זוסקינען. זאַכן, וואָס מען האָט זיך וועגן זיי דערוווּסט פון אַנדערע, אָדער געזען און געהערט זיי אַליין, אָנגעהויבן פון אַ זומערדיקער נאַכט אין קיִעוו.

עס איז געווען די צייט פון בירגערקריג אין אוקראַיִנע (1920—1921), בשעת די שטאָט קיִעוו איז איבערגעגאַנגען פון מאַכט צו מאַכט. נאָך אַ טאָג, איבערפילט מיט אויפרייס־געשעענישן, פלעגט קומען אַ נאַכט, פול מיט פּחד און שרעק. ערגעץ־ווו האָט מען געשאָסן. ערגעץ־ווו האָט עמעצער פאַרצווייפלט געשריִען געוואַלד. גיין איבער די פינצטערע גאַסן, אַפילו מיט אַ דערלויבעניש פון מיליטער, איז געווען סכנות־נפשות.

---

*) זאָל דאָ דערמאָנט ווערן די מאָנאָגראַפּיע וועגן בנימין זוסקין פונעם מאָסקווער ייִדישן טעאַטער־קריטיקער יהושע ליובאָמירסקי. פראַג־מענטן דערפון זענען געדרוקט אויך אויסער ראַטן־פאַרבאַנד. זיי דינען ביז איצט ווי אַ וויכטיקער אינפאָרמאַציע־קוואַל פאַר יעדן, וואָס אינטע־רעסירט זיך מיט בנימין זוסקין, דעם מענטש און דעם קינסטלער.

אין איינעם אַזאַ אומרויִקן זומערדיקן בין־השמשות, האָט די קיִעווער חבריא יידישע קינסטלערס זיך פאַרזאַמלט אין דער דירה פון אַ יידישן קינדער־גאָרטן, אויף אַ גאַנצער נאַכט, פאַרשטייט זיך. צווישן זיי איז אויך געווען אַ גאַסט — אַ יונגער, שוואַרצער, נישט קיין הויכער בחור, מיט זייער אַ הויכן שטערן.

דער עולם איז געזעסן אויף די קליינע בענקעלעך אַרום נידער־ריקע טישלעך און האָט הייס דיסקוטירט. וועגן וואָס? וועגן ייִד אין קריג, וועגן ייִד אין דער רעוואָלוציע, וועגן דער יידישער קעמ־פערישער רעוואָלוציאָנער קונסט, — סיי ליטעראַטור, סיי טעאַטער, סיי מאָלעריי און מוזיק. און וועגן וואָס נישט?...

כדי צו אילוסטרירן זייערע רייד, האָט דער און יענער אין סאַמע ברען פון וויכוח אַריינגעפלאָכטן אַ ניי ליד, אַ נייעם פראַגמענט פון פּראָזע, וואָס זיי האָבן אין די לעצטע טעג אָדער שעהען געשאַפן. איינער האָט געשילדערט אַ בילד, וואָס ער האָט געהאַלטן אין מאָלן, אַ צווייטער, אַ דריטער — אַן אינטערפּרעטאַציע פון אַ ראָל, פון אַ פּיעסע, וואָס ער האָט געשפּילט, געשטעלט, אָדער ערשט געוואָלט שפּילן, שטעלן.

דוד בערגעלסאָן האָט מייסטעריש געוויזן, ווי אין אַ קאַלטן ווינטער־פרימאָרגן, שטייענדיק שמונה־עשרה אין קלויז, טרייבט איין ייִד קונציק אָפּ אַ צווייטן פון דער הרובע, נישט מפסיק זייענדיק די תפילה, פאַרנעמט ער יענעמס וואַרעמען פּלאַץ. דער נמשל איז פאַר אַלעמען געווען קלאָר.

נאָך דעם האָט מען גענומען זיך פאַרמעסטן, קעגנזייטיק זיך איבערשטייגן. מיט איין פאָלקס־מעשהלע נאָך דער צווייטער, איינע שענער אָדער קאָמישער פון דער אַנדערער. אין יידישער וויץ האָט זיך אַסאָציִירט, זיך געקייטלט מיט נאָך און נאָך אַנדערע. ווי פון זיך אַליין, האָט זיך ביי אַלע, וואָס האָבן געשטאַמט פון פאַרשיידענע געגנטן, געעפנט אַ געמיינזאַמער טיפער פאָלקסקוואַל פון מעשיות, לעגענדעס, אגדות און „אמתע״ פאַרלויפענישן...

עס איז שוין געווען זייער שפּעט, ווען אויפן פאָדערגרונט האָט

זיך אַרויסגערוקט דער גאַסט. ער האָט דערציילט איין ייִדישע מעשה און נאָך איינע, איין ייִדישן וויץ און נאָך איינעם. דערציילט? ניין, פאַרגעשטעלט מיט אַזאַ פילזאָגעוודיקן אויסדרוק פונעם פעסטוויליקן מויל, פון די פדעגנדיק־אַרויפגעהויבענע ברעמען, פון די קלוג־שמייכלענדיקע אויגן און מאָדנע רירעוודיקע הענט, אַז עס האָט זיך געגומען דאַכטן: זיינע מעשיות און וויצן האָבן אַ דירעקטע, לייב־לעכע שייכות צו דער אויפגערודערטער קיִעווער זומערנאַכט.

דער גאַסט איז געווען בנימין זוסקין. ער האָט זיך געהאַט אָפּ־געשטעלט אין קיִעוו אויף זיין שווערער רייזע פון ליטע קיין מאָסקווע. אַהין „קיין מאָסקווע", האָבן דעמאָלט פונעם גאַנצן אויפגעשטורעמטן לאַנד, דורך כלערליי וועגן און אומוועגן, זיך געצויגן, ווי פאַר־כישופטע, אַלע, וואָס האָבן נאָר פאַרמאָגט אַ קינסטלערישן פונק.

בנימין זוסקין איז געבוירן אין 1899 אין פּאָניעוועזש, קאָוונער געגנט. די גאַנצע סביבה אין זיין ליטוויש היימשטעטל איז געווען ווי געשאַפן פאַר זיין שוישפּילערישן וועג אין דער צוקונפט. וויפל האַרציקע פאָלקסלידער, טיפזיניקע פאָלקסמעשהלעך, און שפּעטער, אין 1905 — אויך קעמפערישע, פאַרבאָטענע לידער און רייד, האָט ער זיך אָנגעהערט פון די אַרבעט־געזעלן אין זיין פאָטערס שניידער־וואַרשטאַט. אַפילו אין חדר האָט אים זיין קינסטלערישער מזל צו־געשפּילט מיט אַ מלמד אַ וויצלער, אַ „לץ", וואָס האָט דעם קליינעם ביאַמקע צוגעגעבן חשק און מוט זיך „פאַרשטעלן", נאָכמאַכן, איבער־קרימען די מענטשן פון אַרום און אַרום.

אַזוי נאַטירלעך, אַז עס דאַכט זיך: אַנדערש האָט גאָרנישט געקאָנט זיין — קלינגען זוסקינס זכרונות וועגן דעם, ווי זיין פאָטער פלעגט אין אַ יום־טוב פאַרלייענען פאַר דער משפּחה און שכנים שלום־עליכמען; וועגן דעם ווי שפּעטער האָט ער שוין אַליין, אין דעם טאַטנס דרכים, פאַרגעלייענט שלום־עליכמען פאַר אַ קעכין און אַ באַלעגאָלע, פאַר אַ הינקעדיקן שוסטער, אַ גרויסן שלימזל, און פאַר אַ שניידער, אַ לאַטוטניק.

עס דאַכט זיך אַזוי נאַטירלעך, וואָס בנימין האָט אין משך פון יאָרן אַרויסגעהאָלפן דעם פּאָטער אין דער גבאישער אַרבעט ביים פּאָניעוויעזשער „לינת הצדק" און וואָס ער האָט זיך פאַרברודערט מיט אינטערעסאַנטע טיפּן פון די דאָרטיקע אָרעמע־לייט.

די פּאָניעוויעזשער צוהערער פון זוסקינס פאָרלייענען שלום־עליכם: די אָרעמע־לייט פון „לינת הצדק", די שטעטלשע קרעמער, קלויז־בטלנים, מאַרק־זיצערקעס און, פאַרשטייט זיך, די ייִדישע וואָנדער־אַקטיאָרן, — זיי אַלע צוזאַמען זענען געוואָרן פאַר בנימין זוסקין אַ מין אייביק־לעבעדיקער סאָציאַלער פאָלקסקוואַל. פון דאָרטן האָט זוסקין געשעפּט און קיין מאָל נישט אויסגעשעפּט דעם שפּרודל־שעפערישן שטאָף פאַר זיינע בעסטע ראָלן.

צווישן זיי: באָבע־יאַכנע אין גאָלדפאַדענס „כישופמאַכערין"; סאָלאָווייטשיק, דער שדכן, אין שלום־עליכמס „200.000"; סענדערל די ייִדענע אין מענדעלעס „מסעות בנימין השלישי"; יאָסעלע באָבצעס אין בערגעלסאָנס „דער טויבער"; די ליריש־ראָמאַנטישע און דערביי קעמפערישע געשטאַלט פון אַ ייִדן אַ ויעקרוט אין משה קולבאַקס „בויטרע"...

דער זעלבער אומאויסשעפּלעכער הײמקוואַל האָט זוסקינען טריי געדינט ביים פאַרקערפּערן אַ ריי געשטאַלטן פון בעלי־מלאכות, אַרבעטער, באָלשעוויקעס אין די נייע ייִדיש־סאָוועטישע פּיעסעס: דעם סטאָליאַר נפתלי האָז אין יחזקאל דאָברושינס „דער געריכט גייט"; דעם באָלשעוויק, דעם אַרבעטער, דעם זעצער, סטאַניסלאַוו בראָנאָווסקי אין מ. דניאלס „פיר טעג"; דעם וואַסערטרעגער מענדל און דעם באָלשעוויק מאָטקע אין פרץ מאַרקישעס „ערד" און „משפּחה אָוואַדיס", און נאָך און נאָך...

דער עיקר האָט די היים צוגעשטעלט זוסקינען דעם ייִדיש־מענטשלעכן יסוד פאַר זיין קינסטלערישער קרוין־דערגרייכונג: די אָריגינעלע אינטערפּרעטאַציעס פון דעם אייביקן בדחן.

אין זיינע פאַרשיידענע בדחן־ראָלן האָט זוסקין שטופנוויז אויפ־

געלעבט יענעם אורשפּרינגלעכן קלאַסישן בדחן, וואָס האָט אַ מאָל — אַ מאָל פאַרנומען אַזאַ אָנגעזען אָרט אין יידישן לעבן. אַ שפּאַס־מאַכער און אָפּשפּעטער, אַ קונצנמאַכער און לץ, איז דער בדחן געווען אויך דער טרעגער פון דורות־לאַנג אָנגעזאַמלטע דערפאַרונגען, געפילן און געדאַנקען און אויך דער פאַרשפּרייטער פון די נאַציאָנאַלע שטרעבונגען און געזעלשאַפטלעכע אידעען.

זוסקינס ערשטע בדחן־ראָל איז געווען אין י. ל. פּרצעס „ביי נאַכט אויפן אַלטן מאַרק". צונויפגעשטעלט פון פאַרשיידענע פּרץ־וואַריאַנטן, מיט אַריינגעפלאָכטענע שטעלן פון „די גאָלדענע קייט" — איז די פאָרשטעלונג (רעזשי — א. גראַנאָווסקי) געווען פאַרטראַכט ווי אַ מצבה פאַר דעם אַלטן יידישן שטייגער־לעבן. מערקווערדיקערהייט איז דער בדחן אין דער פאָרשטעלונג געווען אַ טאָפּל־געשטאַלט, געשפּילט פון צוויי שוישפּילער. איין העלפט פון דער געשטאַלט האָט געזאָלט זיין אַן ערדישע, וואָס לאַכט און מאַכט חוזק, רעאַגירט און רעזאָנירט גלייך אויפן אָרט; די צווייטע — האָט געדאַרפט געבן דעם בדחנס שאָטן און אָפּהילך, וואָס שוועבן אין דער לופטן, וואָס ווייזן זיין בענקשאַפט, שטרעבונג און אומרו. אַזוי האָט בשעת זייער אייראָפּעישן גאַסטשפּיל דערציילט אין בערלין ב. זוסקין, וואָס האָט געשפּילט דעם אומרויק־בענקענדיקן בדחן. דער ערדישער בדחן איז געווען שלמה מיכאָעלס. די צוויי קינסטלערס האָבן זיך געראַנגלט, דערגאַנצט איינער דעם אַנדערן, און געשאַפן יענעם צאַפּלדיקן נערוו אין דער פאָרשטעלונג, וואָס האָט פון דעם טויט־פאַרגליווערטן, פאַרמישפּטן אָרום אַרויסגעשלאָגן לעבן און האָפענונג.

אָט דער סצענישער צוזאַמענשטויס און די באַהעפטונג פון צוויי־ערליי בדחן־אַספּעקטן איז געווען דער הויכפּונקט אינעם גרויסן דערפאָלג פונעם מאָסקווער יידישן מלוכה־טעאַטער בשעת זייערע גאַסטראָלן אין אייראָפּע. דער צעבאַלעוועטער טעאַטער־עולם און די פיינשמעקערישע קריטיק איז דאָרט אומעטום, דער עיקר אינעם קאַלטן בערלין, געוואָרן פּשוט באַגייסטערט פונעם גאַנצן טעאַטער

בכלל און פון מיכאָעלסן און זוסקינען בפרט. דאָס איז געווען אין יאָר 1928.

שוין דעמאָלט האָט זוסקין סצעניש איבערראַשט מיטן אָריגינעלן ריטעם פון באַוועגונגען און רייד, מיטן אופן, ווי אַזוי ער האָט אַרויסגעבראַכט דעם ייִדישן זשעסט, דאָס ייִדישע וואָרט.

אין משך פון יאָרן און יאָרן האָט ב. זוסקין אַלץ מער פאַרטיפט און פאַרפולקומט דעם זשעסט און דאָס וואָרט. אין דער לעצטער בדחן־ראָל איז ער דערשינען אין זיין פולער ווירטואָזקייט. דאָס איז געווען גלייך נאָך דער מלחמה, אין דער אויפפירונג „פריילעכס". „פריילעכס" האָט אַרויסגעבראַכט אַ פּאָמפּעזע ייִדישע חתונה מיטן גאַנצן גלאַנץ און טשאַק, וואָס האָט זיך אויף דער בינע פאַרוואַנדלט אין אַ פייערלעכן פאָלקס־קאַרנאַוואַל. דעם טעקסט האָט געשריבן ז. שנייער (אָקון), די מוזיק — ל. פולווער, די דעקאָראַציעס — פון א. טישלער. רעזשיסירט האָט שלמה מיכאָעלס. יעדער איינציקער פון זיי האָט אַריינגעלייגט אין דער פאָרשטעלונג דעם שווערן ייִדישן צער מיט די ברעקלעך חיות פון דעם נאָכמלחמהדיקן יאָר 1945.

אויך אין דער פאָרשטעלונג „פריילעכס" דערשיינען צוויי בדחנים. איינער (דער שוישפּילער שטיימאַן) האָט מיט זיין איינגעגעסענעם שווערוואָגיקן און שווערמוטיקן פעסימיזם באַלאַסטיקט און באַדריקט אַלץ און אַלעמען אַרום זיך. דער צווייטער (ב. זוסקין) האָט פאַר־שפּרייט סיי אויף דער בינע און סיי צווישן פובליקום אַ חיותדיקן, טאַנצנדיקן און זיגגענדיקן אָפּטימיזם.

נישט ווייניק אַדאַנק אָט דעם „חיי־געלעבט" בדחן, האָט די פאָרשטעלונג „פריילעכס" אין יענע געווייִנלעכע טעג פאַרשאַפט דעם ייִדישן און אויך דעם נישט־ייִדישן עולם אַ ביסל נחת און טרייסט. די פאָרשטעלונג איז אין יאָר 1946 געקרוינט געוואָרן אַזש מיט דריי סטאַלין־פּרעמיעס. אין סטאַלין־פּרעמיע — שלמה מיכאָעלסן פאַר דער רעזשי, די צווייטע — א. טישלערן פאַר די דעקאָראַציעס, די דריטע — בנימין זוסקינען פאַר זיין בדחן־ראָל.

אייגנטלעך, האָט ב. זוסקין, מיט אַ יאָרצענדליק פריִער (1935),

שפּילנדיק דעם לץ אין שעקספּירס „קעניג ליר", אַרויסגעבראַכט דעם מהות פון אַ בדחן אין אַ נייעם אַלגעמיין־מענטשלעכן אַספּעקט.

ווי באַוווּסט, איז אין דעם זעלבן 1935 יאָר פאָרגעקומען דער גראַנדיעזער דריטער טעאַטער־פעסטיוואַל אין מאָסקווע, מיט מאַסן געסט פון אויסלאַנד. מיט טעאַטער־דעלעגאַציעס פון 25 לענדער. ווי אויבן דערמאָנט, איז צווישן די בעסטע סצענישע סאָוועטישע דערגרייכונגען געווען דעמאָנסטרירט אויך שעקספּירס „קעניג ליר" אינעם מאָסקווער יידישן מלוכה־טעאַטער.

מען האָט פאַר און נאָך דעם מאָסקווער פעסטיוואַל אַ סך גערעדט און געשריבן וועגן דער אַלט־נייע קאָנצעפּציע פון קעניג ליר און פונעם לץ — אין דער יידישער געשטאַלטונג. צווישן דעם ים באַגייסטערטע רייד בעל פה ובכתב, אין ראַטן־פאַרבאַנד און אין אויסלאַנד, טיילן זיך אויס די איינדרוקן פון דעם היסטאָריקער ד"ר ישראל צינבערג, לענינגראַד. ד"ר צינבערגס רייד דערגאַנצן און באַשטעטיקן פיל פון דעם, וואָס איז פריער געוואָרן געזאָגט וועגן דעם סצענישן פּענגאָמען מיכאָעלס־זוסקין. דערביי ווערט זיין הויכע אָפּשאַצונג פון די צוויי קינסטלערס אַרויסגעבראַכט אויף אַזאַ אינטערעסאַנטן אופן, — אַז עס גלוסט זיך ציטירן דערפון, זאָל זיין, בלויז אַ קליינעם טייל.

ד"ר ישראל צינבערג זאָגט:

„דאָ, אויף דער יידישער שעקספּיר־בינע, ווו עס איז מיט אַזוי פיל געשמאַק און גייסט אויסגעהאַלטן דער אמתער נוסח פון דעם אַלטן שעקספּיר־טעאַטער, באַקומט לירס לץ, אַ דאַנק זוסקינען, אַ וווּנדערבאַרן תיקון. דער לץ ווערט לירס דאָפּלט־בילד, לירס געוויסן און אינטימער, פאַרבאַהאַלטענער „איך". אַלץ, וואָס דרעמלט אין די טיפענישן פון לירס האַרץ אומ־באַוווּסט, פאַרשטיקט דורך פעאָדאַל־דעספּאָטישער גאווה, דורך די ווילדע קאַפּריזן פון דעם אַליינהערשער, וואָס האָט שוין פון לאַנג פאַרגעסן אין די צוימען פון מאָראַלישער אחריות — דאָס אַנטפּלעקט זוסקין דער לץ מיט אויסעראָרדנט־

לעכער פלאַסטיק און אומפאַרגלייכבאַרער פּקחות. עס אַנט־שטייט אויף דער בינע אַן אויסטערלישער וועטקאַמף צווישן די צוויי ריזן־קינסטלער, צווישן מיכאָעלסן און זוסקינען״...

...מיכאָעלס און זוסקין זענען פאַרשיידן ביז גאָר. אין כאַראַק־טער און אינטעלעקט, אין טעמפּעראַמענט און מײַסטערשאַפט. עס איז געווען אָנגענומען ביים פאַרגלייכן זיי ביידע צו זאָגן: מיכאָעלס איז קאָפּ, מוח, טריבון; זוסקין — האַרץ, נשמה, געפיל. אָבער יעדער איינער פון זיי האָט דאָך דערביי געהאַלטן אין איין אַריבער־טרעטן אויף דער בינע די צוגעטראַכטע פאַר זייערט וועגן „גרע־נעצן״. אַנדערש וואָלטן זיי דאָך נישט געוואָרן די פּאָר מיכאָעלס־זוסקין, וואָס זייערע נעמען האָט מען יאָרן לאַנג אַרויסגערעדט אין איין אָטעם. אַנדערש וואָלט דאָך זייער צוזאַמענשפּיל נישט פאַר־מאָגט יענעם שיִער נישט מאַגיש־שעפערישן סוד, וואָס האָט בליץ שנעל באַאיינדרוקט, באַווירקט און אָפט אָנגעצונדן די הערצער פון דעם עולם אין זאַל.

...אָנהייב 1948 (13טן יאַנואַר), לויט אַ פּחדניש געהיימען באַפעל פון אויבן, איז שלמה מיכאָעלס, בשעת זיינעם אַן אָפיציעלן טעאַטער־באַזוך אין מינסק, געוואָרן פאַרנאַרט אויסער דער שטאָט. אויף אַ פּוסטן פינצטערן וועג האָבן געהיים־אָנגעשטעלטע טויט־שלעגער אים דערמאָרדעט. לויט אַ באַפעל פון אויבן, איז פאַר דעם דערמאָרדעטן שלמה מיכאָעלס געוואָרן איינגעאָרדנט אַ מלו־כיש־גראַנדיעזע לוויה.

סוף 1948 (דעם 24סטן דעצעמבער) האָט מען בנימין זוסקינען, לויט אַן ענלעכן געהיים־פּחדנישן באַפעל פון אויבן, אַרויסגעכאַפּט פון אַ שפּיטאָל אין מאָסקווע. מען האָט אים געהיים „פאַרמישפּט״ און שפּעטער דערמאָרדעט. קיין שום לוויה האָט מען שוין פאַר דעם דערמאָרדעטן בנימין זוסקין נישט געמאַכט.

עס גייען אַרום עקשנותדיקע קלאַנגען, אַז אויך בנימין זוס־

קינען האָט מען אומגעבראַכט דעם 12טן אויגוסט 1952, צוזאַמען מיט די גרויסע ייִדישע דיכטערס און שרייבערס, צווישן זיי: דוד בערגעלסאָן, דער נסתר, פּרץ מאַרקיש, לייב קוויטקאָ, און מעגלעך, אַז אויך דוד האָפשטיין און יחזקאל דאָברושין. מיט זיי אַלע האָט דער יונגער ב. זוסקין אויפן שוועל פֿון זיין קינסטלערישן וועג, פֿאַרבראַכט אַן אומרויִקע, שאַפעריש־עלעקטריזירטע נאַכט אין קיִעוו, שוין נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע.

כמעט מיט זיי אַלע האָט ער נאָך ענג פֿאַרבראַכט אין אַ שאַפֿערישער צוזאַמענאַרבעט אין דער תקופה פֿון דער פֿאַרשטע־לונג „פריילעכס" אין מאָסקווע, שוין נאָכן נצחון איבער די דייטשע פֿאַשיסטן, ערב דעם פֿינצטערן סוף פֿון זייערע אַלע, אַלע וועגן...

...אין אַ ווינטערדיקן טאָג, אָנהייב 1959, איז אין מאָסקווע פֿאַרגעקומען די לוויה פֿון דער ייִדישער שוישפּילערין עדאָ בער־קאָווסקי, די פֿרוי פֿון בנימין זוסקין. מען דערציילט: ווי דורך שיִער נישט קיין מאַגישן רוף, האָבן זיך ביי דער לוויה פֿון עדאָ בערקאָווסקי ספּאָנטאַנערהייט פֿאַרזאַמלט טויזנטער מענטשן. עס איז געווען ביי אַלעמען אַ געפֿיל, אַז דאָס איז די לוויה אויך פֿון בנימין זוסקין.

1969

# צוויי ביכער אין איין אָטעם

פחד ופחת ופח עליך יושב הארץ
(ישעיה כד, י״ז)

אפשר איז באמת נישט געווען כדאי צו רעדן אין איין אָטעם וועגן די צוויי וויכטיקע רוסישע ביכער: וועגן דעם בוך „זכרונות״ פון נאַדיעזשדאַ מאַנדעלשטאַם *) און וועגן בוך „אַלץ שטראָמט״... פון וואַסילי גראָסמאַן **), ביידע ביכער ברענגען אַרויס די קאַטאַקליזם־עפּאָכע אין סטאַלין־לאַנד. פריִער האָבן זיי וויט און ברייט צירקו־לירט, נישט לעגאַל, אין ראַטן־פאַרבאַנד. אַזוי לאַנג, ביז זיי זענען צום סוף אַרויס גלייכצייטיק (1970): אין ניו־יאָרק און אין פראַנק־פורט/מיין, אויף רוסיש.

אַוודאי, זיי זענען פאַרשיידן אין דער אידעיִשער און עמאָציאָ־נעלער אָנלאָדונג; אַנדערש אין אַ באַליביקער קינסטלערישער וואָג און מאָס. און יעדעס בוך פון די צוויי פאַרדינט זיכער אַ באַזונדער וואָרט — פאַר זיך. נאָר פאַרפאַלן.

עס איז נישט וויכטיק, וואָסערס פון די צוויי ווערק מען לייענט פריִער, אַזוי צי אַזוי, בינדן זיי זיך, פלעכטן זיך איבער און קייטלען זיך צווישן אַנאַנדער. עס טרעפט אַ מאָל, אַז וואַסילי גראָסמאַן פאַר־טיפט און פאַרברייטערט אַ וויטאָגדיק פּראָבלעם, וואָס נאַדיעזשדאַ

*) נאַדיעזשדאַ מאַנדעלשטאַם: זכרונות, טשעכאָוו־פאַרלאַג, ניו־יאָרק, 1970, 416 ז״ז.

**) וואַסילי גראָסמאַן: אַלץ שטראָמט... פּאָסעוו־פאַרלאַג, פראַנק־פורט/מיין, 1970, 207 ז״ז.

מאַנדעלשטאַם רירט אָן פאַרבייגייענדיק. עס טרעפט, אַז אַן אויס־טערלישע דערשיינונג, וואָס איבערראַשט און פאַרוווּנדערט ביי וואַסילי גראָסמאַן, ווערט נאָענט און דורכזיכטיק קלאָר ביי נאַדיעזשדאַ מאַנדעלשטאַם. עס טרעפט אויך, אַז ערגעץ ווו, ערגעץ ווען, שטויסן זיי זיך אָן, ראַנגלען זיך און רייסן זיך אָפּ פון אַנאַנדער.

סיי ווי, בלייבן אין ביידע שאַפונגען, אומעטום און שטענדיק, די זעלביקע הימל און ערד. הימל און ערד פון עק וועלט, בשעת מיליאָנען סאָוועטישע בירגערס, גאָט די נשמה שולדיקע, זענען געווען געצוווּנגען ביי זיך, אין אייגענעם לאַנד, זיך דרייען, פאַר־דרייען אין אַ מין אַפּאָקאַליפּטישער טויט־קאַרוסעל.

די זעלביקע הימל און ערד שפּרייטן זיך אויס נאָך אין צוויי ביכער וועגן דער זעלבער תקופה. אין דער גיט צענזורירטער אויפלאַגע פון מיכאַיל בולגאַקאָווס פילטייטשיקער פאַנטאַסמאַגאָרישער שאַפונג „דער מייסטער און מאַרגאַריטאַ" און אין דעם בריוּעדיק־דאָקומענ־טאַרישן בוך „דער פאַל סאָלזשעניצין". אויך די צוויי ביכער האָט מען אַ סך און גיריק געלייענט, נישט לעגאַל, אין זייער פאָטער־לאַנד, אין ראַטן־פאַרבאַנד, אָבער אַרויס זענען זיי (אויף זייער שפּראַך, אויף רוסיש) אין דער דייטשער שטאָט פראַנקפורט/מיין, אין די יאָרן 1969—1970.

בעצם, זענען די פיר ביכער, ווי באַזונדערע בענד פון אַ ריזיקן, נאָך ווייט נישט פאַרענדיקטן ווערק, פון אומגעהייער גרויסן היסטאָ־רישן, סאָציאַל־געזעלשאַפטלעכן און ריין־מענטשלעכן ווערט. און עס דאַכט זיך אַלץ, אַז איבער זיי אַלע הייבט זיך דער ריז סאָלזשע־ניצין. מען פילט אים שטענדיק, — אָט ווי אַן אָנשפּאַר, אָט ווי אַ צוים און אָט ווי אַ הויכע וואַנט, וואָס שטעלט אָפּ דעם לייענער: עד כאן !...

עס איז נישט מעגלעך פאַרן לייענער, וואָס איז נישט מיטגעווען אויף יענער ערד, אונטער יענע הימלען, צו זיין יאָ אָדער נישט מסכים מיטן צוגאַנג פון דעם אָדער אַנדערן מחבר צו די געשעענישן, דערשיינונגען און דער עיקר, צו דער אויפפירונג פון מענטשן אין

יענע מוראדיקע טעג, מעג ביי דעם מחבר זיין שטעלונג קומען פון קאָפּ, פון האַרצן אָדער פונעם אינסטינקט. ווי זשע קאָן אַזאַ לייענער דערלויבן זיך מער ווי, העכסטנס, בלויז עפּעס וואָס איבערדערציילן פון אַל דעם געלייענטן?

אַזוי, און נישט אַנדערש, דאַרף טאַקע ווערן באַטראַכט דער איצטיקער פּרווו צו רעדן אין איין אָטעם וועגן די ביכער פון נאַדיעזשדאַ מאַנדעלשטאַם און וואַסילי גראָסמאַן.

ובכן — נאַדיעזשדאַ מאַנדעלשטאַם, פון דער היים כאַזין, איז געבוירן (1899) אין סאַראַטאָוו, געוואַקסן און געלערנט זיך אין קיִעוו. פונעם פאַך אַ קאַנדידאַט פון פילאָלאָגישע וויסנשאַפטן און אַ לערערין פון ענגליש, און דערביי אויסנעמיק באַהאַוונט אין פיל צווייגן און אָפּצווייגן פון קונסט. ווען עס וואָלט עקזיסטירט אויף דער וועלט אַן אויסצייכענונג פאַר פאַרשטיין, פאַר אָפּשאַצן און פאַר ליב האָבן דיכטונג, וואָלט נאַדיעזשדאַ מאַנדעלשטאַם געדאַרפט באַקומען די ערשטע, די אויסדערוויילטסטע פרעמיע. און אפשר, אין דעם טאַקע באַשטייט איר פרעמיע: צו זיין די פרוי און די נאָענטסטע נשמה פון דעם דיכטער אָסיפּ מאַנדעלשטאַם; צו זיין די בעסטע חברטע פון דער דיכטערין אַננאַ אַכמאַטאָוואַ; צו זיין אַ גוטע פריינדין פונעם דיכטער אַנדרעי ביעלי, און נאָך און נאָך...

נאַדיעזשדאַ מ. און אָסיפּ, אָסיאַ מאַנדעלשטאַם, אָדער אָ. מ. (ווי די מחברין רופט אים, אַזוי איינגעהאַלטן, אין אירע זכרונות) זענען זיך צונויפגעגאַנגען דעם 1־טן מיי 1919, און דעם ערשטן מיי 1938, (ווען מען האָט אים אַוועקגעשלעפּט אין לאַגער אַריין), האָבן זיי זיך לעצטגילטיק צעשיידט. אומגעקומען איז ער אין לאַגער דעם 1938.12.27, אין עלטער פון 47 יאָר.

אין זיין בוך, „אַלץ שטראָמט"... שילדערט וואַסילי גראָסמאַן, אויסגעהאַמערט — שטאַרק און דערביי מאָדנע איידל און צאַרט דעם ביטערן גורל פון טויזנטער סאָוועטישע פרויען, וואָס די מאַכט האָט זיי אַכזריותדיק גערודפט און באַשטראָפט בלויז און נאָר דערפאַר,

ווייל זיי זענען ביזן סוף, און אָפט שוין נאָכן סוף, געבליבן איבער־געגעבן און געטריי זייערע אומשולדיק־פאַרמישפּטע מענער. איינע פון די טויזנטער — איז נאַדיעזשדאַ מאַנדעלשטאַם. און זי האָט שוין נאָכן סוף זיך געשטעלט פאַר אַ הייליקן לעבנס־חוב אויפצוזוכן, צונויפזאַמלען די צעזייטע און צעשפּרייטע, די אויסבאַהאַלטענע און פאַרלאָרענע כתב־ידן, דערגאַנצן זיי לויט איר נישט־געוויינטלעכן זכרון, און אויפשטעלן, אויפבויען צוריק דעם גרויסן דיכטערישן פאַרמעגן פון אָסיפּ מאַנדעלשטאַם.

דערצו קומען אירע „זכרונות". אַ פּנים, אַן ערשטלינגבוך *). אָבער מערקווערדיק, ווי דער הייסבלוטיקער, האַסטיקער זכרונות־שטראָם, אַן אַ פּריִער און אָן אַ שפּעטער, גיסט זיך אַריין אין אַ בילדערישער־רייפער פאָרעם. ווערט שוין אויפגעריכט דער פּרוּוו פון דער מחברין צו דערהאַלטן ביים לעבן יעדן פּרט און יעדן שטריך, נישט לאָזן פאַרלאָרן גיין קיין איין קלאַנג און קיין איין פאַרב אין דער קאָמפּליצירטער, אָריגינעל טאַלאַנטירטער פּערזענלעכקייט — אָסיפּ מאַנדעלשטאַם, ווערט דורכלויכטיק איר געבענטשטער פּרוּוו צו באַווייזן אָ, מ., דעם קינסטלער, דעם מענטש און דעם חבר, ביי אַן אויפשטייג אין דער הייך און אויך ביי אַ דורכפאַל אין דער נידער.

ביים שרייבן דאָס בוך, האָבן זיך די ראַמען צערוקט פון זיך אַליין. זייט ביי זייט מיט אָ. מ. טרעט אַרויס, ווי נאָך קיין מאָל נישט ביז איצט, די גאָט־געבענטשטע דיכטערין אַננאַ אַכמאַטאָוואַ — געבענטשט ווי אַ דיכטערין, געבענטשט ווי אַ מענטש. דערביי הייבט נאַדיעזשדאַ מ. אַרויס זייער שאַרף דעם פּראָצעס פון שאַפן ביי זיי ביידע. און עס ווערט אַרויסגעבראַכט די דיכטונג ווי אַ

*) נאַדיעזשדאַ מאַנדעלשטאַם האָט פאַר איר בוך באַקומען די פּרעמיע בערגען־בעלזען פון יאָר 1971. די וועלט־פעדעראַציע פון גע־וועזענע קאַצעטלער אין בערגען־בעלזען האָט אויסגעטיילט די פּרעמיע נאַדיעזשדאַ מאַנדעלשטאַם און דעם דיכטער אַבאַ קאָוונער.

לעבעדיק־צאַפּלדיקע באַשעפעניש, וואָס האָט לייבלעך־אייגענע אויג, אויער, קאָפּ און האַרץ.

אינעם בוך גייט אַדורך אַ פּילקאָלירקע פּראָצעסיע פון שרייבערס, מאָלערס, מוזיקערס און שוישפּילערס. אויך אַ גאַנצע ריי טאַלענטירטע לייענערס פון לידער, הערערס פון מוזיק, און אחרון אַחרון — די וווּנדערלעכע מענטשן, די „געהיימע אינטעליגענטן". אַזוי האָט מען דעמאָלט גערופן יעדן איינעם, וואָס איז געווען און געבליבן אַ מענטש און וואָס האָט מיט לייב און לעבן בסתר אַרויסגעהאָלפן די פאַרשטויסענע און פאַריאָגטע. בראש פון זיי איז געשטאַנען אַננאַ אַכמאַטאָוואַ און אויך דער שרייבער קאָנסטאַנטין פּאַוסטאָווסקי, דער שוישפּילער וולאַדימיר יאַכאָנטאָוו, דער מאָלער ליאָוואַ ברונאַ, און נאָך.

זיי טאַקע, אָט די לעצטע, מאַכן נאָך פינצטערער די אַלגעמיינע אַטמאָספער אַרום די שרייבערס אין יענע חושכדיקע תוהו־ובוהו־טעג, וואָס די מחברין דערציילט וועגן דעם אין שפּאַנענדיק־לעבעדיקע בילדער.

„...עס איז געווען אויף מאָרגנס נאָך דעם ווי אַ. טוואַרדאָווסקי האָט זיך סוף־כל־סוף דערשלאָגן צו אַ דערלויבעניש אָפּצודרוקן אין מאָסקווער חודש־זשורנאַל „נאָווי מיר" סאָלזשעניצינס ערשטע דערציילונג „איין טאָג פון איוואַן דעניסאָוויטש". אַ טומלדיקע, פריידיקע חבריא האָט באַגלייט די מחברין צום צוג מאָסקווע—פּסקאָוו. שוין אין פולן גאַנג פונעם צוג האָט אַ שכן אין וואַגאָן־קופּע זי געפרעגט: ווער, וואָס, פון וואַנען איז אָט דער סאָלזשעניצין, וואָס איר האָט זיך פאַרכליניעט מיט זיין נאָמען? און וואָס איז אַזוי גרויס די שמחה אויף אייך? אויסגעהערט אירע דערקלערונגען, האָט ער קורץ און לאַקאָניש געפּסקנט: אַ שאָד וואָס מען דרוקט אים! מען מאַכט ווידער אַ גראָבן טעות, פּונקט ווי מיט יענעם, דעם פּאַסטערנאַק. ניין, ניין, ער האָט נישט געלייענט

און קלייבט זיך נישט לייענען נישט דעם און נישט יענעם.
און ווער וועט זיי דען לייענען בכלל ?..."

דאָס איז שוין געווען אין 1962, אין מאָסקווע. און מיט וויפל יאָרן צוריק איז געווען די מעשה מיט „ניע טרעבאַ", וואָס די מחברין גיט דעם אָפּ אַ באַזונדער קאַפּיטל אין איר בוך ? צוריק מיט אַ סך יאָרן, אין 1923, אין קיִעוו. אָסיפּ מאַנדעלשטאַם איז דעמאָלט אַריין אין דעם דאָרטיקן קונסטאַמט נאָך אַ דערלויבעניש פאַר זיינעם אַ לידער־אָוונט. דער באַאַמטער, אין אַן אויסגענייט אוקראַיִניש העמדל, האָט קורץ און שאַרף אָפּגעזאָגט. פאַר וואָס ? „ניע טרעבאַ", — האָט ער גלייכגילטיק געענטפערט.

פונעם „ניע טרעבאַ" (מען דאַרף נישט) האָבן יונג־בונטאַרישע דיכטערס פריִער פשוט אָפּגעלאַכט, זיך געוויצלט. שפּעטער איז אין די פּראָגרעסיווע שרייבערישע קרייזן „ניע טרעבאַ" געוואָרן אַ שפּריכוואָרט. און זיכער האָבן די שרייבערס אַליין נישט באַ־מערקט אַקוראַט ווען און ווי אַזוי האָט זיך „ניע טרעבאַ" פּלוצעם פאַרוואַנדלט אין אַ געבאָט, אין אַ געזעץ ביים אויסראָטן די פריי־דענקנדיקע קינסטלערס.

און נאָך אַ בילד פון די פיל שאַרפקאַנטיקע בילדער אין בוך :
1937. אין צענטער פון מאָסקווע שטייט אַ הויז פאַר שרייבערס. אויף די זעלבע טרעפּ, אויף די זעלבע שטאָקן וווינען אין נאָענטער שכנות שרייבערס און טשעקיסטן. ווי קומען אַהין טשעקיסטן ? — ווייסט איין גאָט. אפשר האָט מען זיי אַריינגעזעצט אויפן אָרט פון אַרעסטירטע שרייבערס ? און אָט זענען וואַנדער־זינגערס אַריין אין הויף. זיי האָבן געפילט דעם באַגער פון יענער רגע און גע־זונגען די בעסטע, קלאַסישע קאַטאָרגע־לידער : סיבירער, בייקאַ־לער, גנבישע... אויף די באַלקאָנען האָט זיך פאַרזאַמלט אַן עולם, נישט קיין שרייבערישער, פאַרשטייט זיך, מען האָט מיט די זינ־גערס מיטגעזונגען, מען האָט פאַר די זינגערס אַראָפּגעוואָרפן געלט. אַזוי האָט געדויערט אַ מין האַלבע שעה, ביז איינער פון

די אידעאָלאָגיש־סאָלידע איינוווינער האָט זיך אַ לאָז געטאָן אַראָפּ, אָבער עמעצער האָט באַוויזן אַ געשריי טאָן פון אויבן: מאַכט פליטה! און זיי האָבן געמאַכט פליטה...

אַ. מ. פלעגט האַלב ערנסט טענהן: „ראַטנמאַכט רודפט אַזוי שטאַרק פּאָעזיע — נישט סתם אַזוי זיך. די גרויסמאַכט האָט זיכער מורא, זי ציטערט פשוט פאַרן ריזיקן כוח פון אַ ליד. איז עס דאָך דער בעסטער סימן, אַז אין סאָוועטן־לאַנד ווערן לידער הויך גע־האַלטן, זייער הויך געשאַצט"...

האָט דער דיכטער מאַנדעלשטאַם באַנומען, אַז זיינע רייד זענען אַ בלוטיקער שפּאַס? מן־הסתם נישט. פונקט ווי דער עכט־רוסישער דיכטער ניקאָליי גומיליאָוו *), האָט ער אויך יונגערהייט געשריבן נביאישע לידער. אָבער זייביידע האָבן נישט געוואָלט גלייבן אין זייער אייגענע שוואַרצע נבואה. און ווען גומיליאָוו איז שוין לאַנג נישט געווען אויף דער וועלט, פלעגט אַ. מ. אָפט מורמלען פאַר זיך אַ שורה פון גומיליאָווס אַ ליד: „אַ צרה, אַ צרה, אַ שלייף און אַ גרוב"...

ווי באַוווּסט, האָט אַננאַ אַכמאַטאָוואַ, ווי זשאַרזש עליאָט אין איר צייט, ליב געהאַט זיך אַריינלייענען, אַריינטראַכטן, אַריינפילן אין תנך, טראַכט דעם, וואָס זי האָט זיך געשראָקן פאַר דער טאָ־טאַליטאַרישער מאַכט פונעם ביבלישן גאָט. אַזוי האָט זי געזאָגט — און געשאַפן וווּנדערלעכע לידער וועגן תנכישע פרויען־געשטאַלטן. איין מאָל האָט זי זיך אָנגעשטויסן אויפן פסוק כד י"ז, ישעיה:

פחד ופחת ופח עליך יושב הארץ.

(אַ גרויל און אַ גרוב און אַ נעץ אויף דיר, באַוווינער פון דער ערד — לויט יהואש).

*) ניקאָליי גומיליאָוו — אַן אָנגעזעענער רוסישער פּאָעט, דער מאַן פון אַננאַ אַכמאַטאָוואַ און דער פאָטער פון זייער זון, ליאָוואַ גומיליאָוו, איז אומגעקומען שוין אין 1921, אין עלטער פון פינף און דרייסיק יאָר. ווי עס אינפאָרמירט די „קורצע סאָוועטישע ליטעראַטור־ענציקלאָפּעדיע" פון 1962, האָט מען אים „דערשאָסן פאַר זיין אָנטייל אין אַ קאָנטררעוואָלוציאָנער פאַרשווערונג".

און זי איז געווען דערשטוינט צו דערוויסן זיך פון וואַנען עס שטאַמט יענע טראַגישע שורה אין גומיליאָווס ליד.

און נאָך אַ מערקווערדיקע זאַך: דער רוסישער עסטראַדע־אַרטיסט וולאַדימיר יאַכאָנטאָוו (אַ „געהיימער אינטעליגענט") האָט מיטגעגעבן מאַנדעלשטאַמען אין וועג אַריין צום לאַגער זיין איי־גענעם תנך. זאָל עס זיין מער ווי אַ צופאַל? יענעם תנך היט ביי זיך די מחברין ביז איצט.

...ווינטער 1933/1932. אויף מאַנדעלשטאַמס אַ לידער־אָוונט אין דער רעדאַקציע „ליטעראַטורנאַיאַ גאַזעטאַ", מאָסקווע, האָט פּרץ מאַרקיש פּלוצעם אַליין פאַרשטאַנען, און איבערפּראַזירנדיק מאַנדעלשטאַמס אַ ליד, אים געזאָגט: „איר נעמט זיך אַליין פאַר אַ האַנט און איר פירט זיך צום עשאַפאָט". אַזוי דערציילט די מחברין פון די „זכרונות". פּרץ מאַרקיש האָט געזאָגט זיינע נביאישע ווערטער פינף יאָר פאַר מאַנדעלשטאַמס און צוואַנציק יאָר פאַר זיין אייגענעם אומקום.

אין אַ צייט אַרום, צום פופצנטן יאָרצייט פון פּרץ מאַרקיש, איז אין מאָסקווע פאָרגעקומען אַן עפנטלעכער טרויער־אָוונט. אין זיינע אָנדענקווערטער האָט מאַרקישס זון שמעון, אויך איבערפּראַזירנדיק מאַנדעלשטאַמס אַ ליד, געזאָגט: „דער זכרון איז אונדזער פּיין און אונדזער פאַרמעגן".

ווי פון זיך אַליין, שטעלן זיך די ווערטער גלייך אָוועק ווי אַ מאָטאָ צוביידע ביכער, פון נאַדיעזשדאַ מאַנדעלשטאַם און פון וואַסילי גראָסמאַן.

וואַסילי גראָסמאַן (1964—1905), פון דער היים יוסף בן שלמה, איז געבוירן און ער האָט די ערשטע 21 יאָר פאַרבראַכט אין בערדיטשעוו. די דערציילונג „אין שטאָט בערדיטשעוו" (1934) וועגן אַן עפּיזאָד אינעם בירגערקריג, האָט אַרויסגעפירט דעם

אינזשעניער־כעמיק גראָסמאַן, וואָס האָט געאַרבעט אין דאָנבאַס, אויפֿן ברייטן שליאַך פֿון דער סאָוועטישער פּראָזע.

צווישן גראָסמאַנס דערציילונגען, ראָמאַנען, פּיעסעס און רע־פּאָרטאַזשן הייבן זיך איצט רעטראָאַקטיוו אַרויס: „דאָס פֿאָלק איז אומשטאַרביק" — דאָס ערשטע וואָגיק ווערק אין ראַטן־פֿאַרבאַנד וועגן דער צווייטער וועלט־מלחמה, וואָס וואַסילי גראָסמאַן האָט זי דורכגעמאַכט ווי אַ קריגס־קאָרעספּאָנדענט פֿון דעם „רויטן שטערן"; דריי טיילן „פֿאַר אַ גערעכטער זאַך" — אַ ברייט און טיף פֿאַר־טראַכט בוך וועגן דער היסטאָרישער באַדייטונג פֿונעם גרויסן פֿאָטערלאַנד־קריג; און אחרון אחרון — „טרעבלינקער גיהנום" (אין אַ יידישער איבערזעצונג: פֿאַרלאַג „דער עמעס", מאָסקווע, 1945). אַלע דריי ווערק, אַזוי פֿאַרשיידן לויטן קינסטלערישן פֿאַר־נעם, ווערן איצט אַ מין בשותּפֿותדיקע הקדמה צו דעם לעצטן געדיכט־קאָנדענסירטן בוך, וואָס דער מחבר האָט אָנגערופֿן מיטן טרויעריקן זאָג פֿונעם אַלט־גריכישן פֿילאָסאָף העראַקליט: „אַלץ שטראָמט...". דעם לייענער דאַכט זיך, אַז דאָס איז ביי גראָסמאַנען זיין שטאַרקסטע שאַפֿונג. אָבער דער וועג צו דעם בוך איז ווייט נישט געווען קיין גלאַטער...

יונגע מענטשן, וואָס קומען לעצטנס פֿון ראַטן־פֿאַרבאַנד, דער־ציילן: וואַסילי גראָסמאַן האָט יאָרן־לאַנג געזאַמלט אויטענטיש מאַטעריאַל פֿאַר אַ גרעסערן ווערק וועגן די איינוווינערס אין דער ריזיקער ממלכה פֿון סאָוועטישע טורמעס און לאַגערן. אין איין שיינעם פֿרימאָרגן איז זיין גאַנצע אַרבעט פֿאַרלאָרן געגאַנגען, אַוועק צו אַל די רוחות. ווי אַזוי? פּראָסט־פּשוט: אַ כאַפּטע פֿאַר־שוינען, געשיקט פֿון אַן אָפֿיציעלער אינסטאַנץ, האָבן מיט אַ צו־געקליבענעם שליסל געעפֿנט די טיר פֿון וואַסילי גראָסמאַנס פּריוואַטע וווינונג און אויסגעראַמט פֿון דאָרטן דעם גאַנצן אָנגעזאַמלטן קולטור־היסטאָרישן אוצר. זיי האָבן אַרויסגעפּירט אַלץ — פֿון די וויכטיקסטע דאָקומענטן און גרעסערע כתבֿ־ידן ביזן קלענסטן נאָטיץ־ביכעלע, ביז אַ פּיצל פּאַפּיר. גראָסמאַן איז דעמאָלט נישט

געװוען אין דער הײם. די פּרטים פֿונעם פּינקטלעך אָרגאַניזירטן פּאָגראָם אױף זײַנע כּתבֿים האָט אים איבערגעגעבן בסוד־סודות, אין גרױס פּחד, זײַנע אַ שכנה. אױב װאַסילי גראָסמאַן איז אַלײן נישט געװוען, אַזױ זאָגט מען, אין אַ סאָװעטישער טורמע אָדער לאַגער, איז זײַן אַרכיװ נאָך ביז איצט פֿאַרשפּאַרט הינטער זיבן און זיבעציק שלעסער ערגעץ װוּ אין אַ סאָװעטישער טורמע אָדער לאַגער פֿאַר גײַסטיקער שאַפֿונג — אפֿשר צוזאַמען מיט די לעצטע טײלן פֿון זײַן ראָמאַן „פֿאַר אַ גערעכטער זאַך", װאָס מען האָט זײ אַרױסגענומען פֿון דרוק, און מיט מאַנוסקריפּטן פֿון נאָך און נאָך יידישע און נישט־יידישע שרײַבערס...

װאַסילי גראָסמאַן האָט נישט מוותר געװוען. אַכט יאָר נאָך אַנאַנד, פֿון 1955 ביז 1963, האָט ער געאַרבעט אָן דעם אױטענטישן מאַטעריאַל און אױפֿן סמך פֿונעם קאָפּ, האַרץ און געפֿיל־זכּרון, אױפֿן סאַמע ראַנד פֿון זײַן לעבן, אױפֿגעשטעלט אַ װערק, אַ מין קאָנצענטראַט, װעגן די אײַנװוינערס פֿון די סאָװעטישע טורמעס און לאַגערן, און פֿון די באַװוינערס אױף דער אַזױ גערופֿענער פֿרײַ. די עטלעכע מענטשן, װאָס ער רופֿט זײ אינעם בוך מיט אַ נאָמען, זענען יעדער אײנער אַ זאַמלטיפּ, אַ מין סך־הכּל פֿון אַזעלכע מענטשן. ער פּרוּװט גראָבן אין די געשיכטלעכע, אידעיִשע און מענטשלעכע קװאַלן, פּרוּװט באַלױכטן דעם גאַנג פֿון פֿרײַהײט, געװיסן און גלױבן אין אַלע תּקופֿות און דורות פֿון רוסלאַנד. דאָס אַלץ, כּדי אױפֿקלערן זיך אַלײן, װי אַזױ האָט בכלל געקאָנט פּאַסירן, װאָס עס האָט אין סאָװעט־רוסלאַנד פּאַסירט. יעדער פּרוּװ זײַנער רופֿט אַרױס נײַע שאלות, און עס װערט אַ מין „שאלות און שאלות" בוך.

װאָס שײַך דעם לײענער, װײסט ער אַלײן נישט װען און װי אַזױ ער װערט אַזאַ נאָענטער און הײסער שותּף צו די שאלות און פּראָבלעמען; װען און װי אַזױ עס װאַכן אױף דערבײַ אײן אַסאָציאַציע נאָך דער אַנדערער, װאָס באַלײַטן אים אָפּט ביזן און אױך נאָכן סוף פֿונעם בוך. אַזױ טרעט פֿון אים, פֿונעם לײענער,

עקשנותדיק נישט אָפּ אַן עפּיזאָד פון מ. בולגאַקאָווס פּריִער דער־מאָנטן ווערק „דער מייסטער און מאַרגאַריטאַ" — אַ מין פאַנטאַס־טישע אילוסטראַציע צו גראָסמאַנס רייד וועגן די הויכע אינסטאַנצן פון דער מאַכט, וואָס זענען נישט מער ווי מאַקעטן פאַר דעקאָ־ראַציעס.

בולגאַקאָוו דערציילט: בשעת דער טייוול וואָלאַנד באַזוכט מאָסקווע, מישט ער דאָרט איבער און צעוואָרפט אַ גאַנצע ריי רעגירונגס־אַנשטאַלטן אין עפּעס אַ מאָדנער דעמאָניש־פאַרוויקלטער שפּיל. פון אַן אָנגעזעעענעם אַמט ווערט פּלוצעם פאַרשוווּנדן דער פאָרזיצער. אינעם גרויסן פאָטעל, ביי דעם ריזיקן שרייבטיש מיטן מאַסיוון טינטער, בלייבט זיצן דער אָנצוג מיטן שניפּס פונעם פאָר־זיצער, אָן אַ קאָפּ, אָן אַ האַלדז, אָן הענט. ער, דער אָנצוג, באַמערקט נישט די בהלה, וואָס הייבט זיך אויף אַרום אים. מיטן קול פונעם פאָרזיצער רעדט ער אין טעלעפאָן, שרייט אויף דער שיינער סעק־רעטאַרין, און הערט נישט אויף שרייבן און אונטערשרייבן נאָך און נאָך פּאַפּירן, וואָס ער רוקט צו מיטן פוסטן אַרבל. און דער סוף פון דער פאַנטאַסטישער מעשה? ביז גאָר אַ רעאַליסטישער. ווען די שדים זעצן אַריין דעם פאָרזיצער צוריק אין זיין גרויען אָנצוג מיט די פּאַסן, — באַשטעטיקט דער פאָרזיצער אַלע רעזאָלוציעס, וואָס עס האָט, אָן אים, געשטעלט דער ליידיקער אָנצוג...

פונעם שטראָם בייסיקע פּראָבלעמען אינעם בוך „אַלץ שטראָמט..." טיילט דער מחבר אויס די פאַרשאָלטענע פּראָבלעם: מוסרים.

ווער טראָגט די שולד? וואָס זאָל מען טאָן מיט דעם מסור? — פרעגט גראָסמאַן און פרעגט איבער, און טענהט איין, און זאָגט און וואָרנט דעם לייענער און דער עיקר, אַ פּנים, זיך אַליין: וואָרט אַ ווייליטשקע, באַטראַכט זיך גוט, איידער איר גייט וואָרפן אַ שטיין, איידער איר ווילט זאָגן אַ בייז וואָרט די אַלע, וואָס האָבן געמסרט אין ראַטן־פאַרבאַנד.

דער שטאַרקסטער מאָמענט פונעם בוך זענען די רייד פון די מוסרים אַליין אויף זייער אַ דמיונדיקן מישפּט: ...מיך האָט מען געשלאָגן און געצוווּנגען; מיך האָט מען פאַרהיפּנאָטיזירט; איך האָב אויסגעפּילט מיין פּאַרטייפליכט; און נאָך... און נאָך...

„...פאַר וואָס באַשולדיקט איר דווקא און גראָד אונדז, די שוואַכסטע רינג אין דער קייט? הייבט אָן פון אויבן... פון דער מלוכה... וואָס האָט איר זיך פּלוצעם דערמאָנט שוין נאָך אַלעמען? ענטפערט הויך, אויף אַ קול: ווו זענט איר געווען בשעת מעשה און ווו ליגן די סיבות פון אונדזער אַלעמענס שוואַכקייט, פון אונדז און פון אייך — פון אַלעמען אָן אויס־נעם"...

יאָ, יאָ — ענטפערט אָפּ דער מחבר אויף זייערע טענות — זיי זענען נישט שולדיק, אויף זיי האָבן געדריקט טריליאָנען פודן פון אַ מרה־שחורהדיקער בלייערנער קראַפט. נישטאָ צווישן די לע־בעדיקע קיין אומשולדיקע; אַלע זענען שולדיק: דער געמישפּטער, דער פּראָקוראָר, און דער שופט. און אויך איך, דער מחבר, וואָס טראַכט און וואָס רעדט און וואָס שרייבט וועגן זיי אַלע.

צום סאַמע סוף פון זיין בוך חזרט וואַסילי גראָסמאַן איבער, אַז מיליאָנען מענטשן האָבן מיליאָנען מאָל זיך אַליין איבערגע־פרעגט און געבליבן אָן אַן ענטפער: צוליב וואָס האָט מען דאָס אַלץ געמאַכט?

ביים סאַמע אָנהייב פון נאַדיעזשדאַ מאַנדעלשטאַמס „זכרונות" דערציילט זי: מען האָט נישט געטאָרט אין בייזיין פון אַכמאַטאָוואַ פרעגן: „פאַר וואָס האָט מען דעם אָדער יענעם אַרעסטירט, פאַר־שיקט?" „פאַר וואָס? — פלעגט אַננאַ אַכמאַטאָוואַ אַרויס פון די כלים און שרייען אויסער זיך. — וואָס הייסט פאַר וואָס? שוין צייט צו פאַרשטיין, אַז מען נעמט צו מענטשן סתם אַזוי, פאַר גאָר־גאָרנישט"...

אין גאַנג פון די זכרונות שטאַרקט זיך די רעוויזיע און נאָך

מער דער הייסער פּראָטעסט פון נאַדיעזשדאַ מאַנדעלשטאַם קעגן אַ וויכטיקן פּאַראַגראַף אינעם אייזערנעם, נישט־געשריבענעם סאָ־וועטישן קאָדעקס, וועגן דעם, ווי אַזוי עס דאַרפן זיך האַלטן און זיך פיין אויפפירן די פאַרמישפּטע און דער עיקר זייערע משפּחות אויף דער פריי. יאָ אָדער נישט צופעליק, האָט מען אַננאַ אַכמאַ־טאָוואַ נישט אַרעסטירט און נישט פאַרשיקט. אָסיפּ מאַנדעלשטאַם האָט אַ מאָל אָנגערופן אַכמאַטאָוואַ מיטן מיטאָלאָגישן נאָמען „קאַססאַנדראַ". קאַססאַנדראַן האָט דאָך אַפּאָללאָ געבענטשט מיטן כוח פון נבואה, אָבער דערביי האָט ער זי פאַרשאָלטן מען זאָל צו איר נבואה נישט האָבן קיין צוטרוי. האָט זיך שוין אַזוי גע־מאַכט, אַז אַכמאַטאָוואַ־קאַססאַנדראַ איז געוואָרן די אייביקע באַ־גלייטערין פון די נאָענטסטע מענטשן אין זייער לעצטן וועג. אַ הויכגעשטעלטער פּאָעט, אַ פּריווילעגירטער ביי דער מאַכט, האָט זי אַפילו געלויבט; אַננאַ אַכמאַטאָוואַ האַלט זיך ווונדערלעך! אָבער אָט איז מען געקומען אַרעסטירן ליאָוואַ גומיליאָוון צום צווייטן מאָל. אין בייזיין פון די פאַרשוינען, וואָס זענען געקומען צונעמען ביי דער גאָט־געבענטשטער רוסישער דיכטערין איר בן־יחיד, האָט די מאַמע אַננאַ אַכמאַטאָוואַ געבראָכן דעם סאָוועטישן קאָדעקס און האָט זיך צעשריִען, צעוואָיעט...

געבראָכן דעם סאָוועטישן קאָדעקס האָט אויך דער איידעלער אָריגינעלער רוסישער דיכטער אַנדרעי ביעלי (1880—1934). אים אַליין האָט מען נישט געטשעפּעט, מען האָט נאָר סיסטעמאַטיש אויסגערייניקט, אויסגעליידיקט אַרום אים זיין נאָענטסטע סביבה און דערמיט פאַוואָליע און זיכער געקירצט זיינע יאָרן. יעדעס מאָל, ווען מען האָט אַוועקגעפירט ווידער און אויף ס'ניי זיין פריי, פלעגט ער זיך וואַרפן, וערן ווילד פון כעס פאַר וואָס נעמט מען זי, און נישט אים...

אַזוי דערציילט נאַדיעזשדאַ מ. און האַלט אין איין דערוויַיזן: ווען אַלע אַמאָליקע באַגריפן פון כבוד גייען אונטער, ווי דורכ־געלעכערטע שיפן, ווען עס איז עק וועלט, ווען עס איז נישטאָ

קיין אַנדערער אויסוועג — דאַרף מען און מוז מען אומבאַדינגט שרייען און וואָיען. ווייל דאָס וואָיען פאַרמאָגט אין זיך די לעצטע רעשטלעך פונעם גלויבן אין לעבן און פונעם דרך־ארץ צו זיך אַליין. ווייל שווייגן איז דאָס גרעסטע פאַרברעכן קעגן זיין און בלייבן אַ מענטש.

דער גרויל קאָן קומען צוריק, אַזוי וואָרנט נאַדיעזשדאַ מ. אויב מען וועט ווידער שיקן אין די לאַגערן מיליאָנען, דאַרף יעדער איינער פון די מיליאָנען פאַר זיך באַזונדער וואָיען. עס דאַרפן און מוזן און זאָלן וואָיען זייערע משפחות, די פריינד, די שכנים, די גאַס, די שטאָט, דאָס לאַנד.

וואַרפט מען אַ צוריקבליק אויףביידע ביכער צוזאַמען, קומט אַרויף אויפן זינען די רגע, ווען אַפּאַללאָ 15 האָט זיך דערנעענטערט צו דער לבנה. דערזען די ריזיקע, גרויע, מידברדיק־זאַמדיקע, מוראדיקע רחבותן — האָט דער אַסטראָנאַוט דייוויד סקאָט אויס־געשריען: „עס מישט זיך אַזש אין קאָפּ. מיטן מענטשלעך־סענסי־טיוון מוח איז שווער דאָס אַלץ צו באַנעמען”.

יאָ, פונקט אַזוי מישט זיך אַזש אין קאָפּ ביים לייענער. ווי קאָן דען עמעצער אויף דער גאַנצער וועלט מיט אַ מענטשלעך־סענסיטיוון מוח באַגרייפן, וואָס עס ווערט דערציילט אין ביידע ביכער באַזונדער אָדער צוזאַמען? און וויפל און וואָס מען זאָל נישט איבערדערציילן פון דאָרטן — בלייבט עס סיי ווי ווי אַ טראָפּן אין אַ צעבויטעטן וואָיענדיקן אָקעאַן...

1971

# איציק קיפּניס

...איך האָב ליב מענטשן, מענטשיכעס און קינדער...
איך האָב ליב אַ שטוב... איך האָב ליב די אינעווייניקסטע
וואַרעמקייט, וואָס גיט זיך איבער פון מענטשן צו זאַכן,
פון זאַכן צו מענטשן... איך האָב ליב... *)

אַזוי רופט אויס קיפּניס אין זיך, בשעת ער שפּאַנט איבער גאַסן און געסלעך אין דער ריכטונג צום יידישן בית־עולם הינטער דער חרובער שטאָט קיִעוו. עס איז ביים סוף פונעם צווייטן וועלט־קריג, גלייך נאָכן צוריקקער פון דער עוואַקואַציע. זייערע הייזער אין קיִעוו האָבן די צוריקגעקומענע געפונען אויסגעקילטע, אויס־געליידיקטע. מיט אויסגעזעצטע שויבן און איבערגעדרייטע שלע־סער פון די טירן... און זיי אַליין זענען געווען פול מיט ביילן, אינעווייניקסטע און אויסערלעכע...

בעצם איז דער קורצער צעטל פון אויבן בלויז אַ מיליע־מיליאָסן־טייל דערפון, וואָס איציק קיפּניס האָט ליב. טאָמער וויל עמעצער וויסן וואָס און ועמען, וויפל און ווי אַזוי קיפּניס האָט ליב, וועט דער עמעצער דאַרפן איבערלייענען אַלץ, וואָס איציק קיפּניס האָט ווען־עס־איז געשריבן. און... און עס וועט זיין נישט גענוג!

*) פון י. קיפּניס' דערציילונג „ווען־נישט־ווען", אָפּגעדרוקט אין בוך „צום לעבן". פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל", מאָסקווע, 1969. (פון די 16 דערציילונגען אינעם באַנד זענען 14 געשריבן אין די יאָרן 1924—1946. און די צוויי איבעריקע — אין 1957 און אין 1962 יאָר.)

נו, און דער סוף? נישטאָ קיין סוף. כמעט אין אַלע זיינע שאַפונגען, אין די ערשטע און לעצטע, אין די יאָ־ און נישט־געדרוקטע, — קומט פאַר דאָס זעלבע: קוים כאַפּט קיפּניס איבער זיין דערציילערישן אָטעם, רייסט זיך ביי אים אַרויס אַ שפּאָגל נייער, פרישער, זאַפטיקער: „איך האָב ליב!"...

עס האָט זיך זייער געגלוסט אָנהייבן די רייד וועגן איציק קיפּניס מיט זיין צוויבערשפּרוך „איך האָב ליב!". האָבן די רייד וועגן אים זיך אַזוי טאַקע אָנגעהויבן. איצט קאָן מען שוין איבער־גיין צו קיפּניסעס בראשית, צו איציקס היים. פון דאָרט קומען דאָך אַרויס די געזונטע סאָציאַל־מאָראַלישע יסודות פון איציקס פערזענלעכקייט; פון דאָרטן שטאַמט דאָך די צאַרטפיליק־עמאָציאָ־נעלע אַטמאָספער פון קיפּניסעס שאַפונג.

און אויב שוין רעדן וועגן זיין היים, דאַרף מען פּרוּוון איבער־דערציילן, נישט טרוקן חלילה, אַ קליין ביסל דערפון, וואָס קיפּניס דערציילט אין זיינע זכרונות. דער עיקר אין „מיין שטעטעלע סלאָוועשנע"* וואָס ברענגט אַרויס איציקלס פרי־יאָרן: פון דריי ביז בר־מצוה. און אין „אונטערוועגנס"**), וואָס גיט צוויי תקופות אין איציקס פרי־דערוואַקסענעם לעבן: די ביטערע בהלה־טעג בשעת דער רעוואָלוציע אין די אוקראַינער ייִדישע שטעטלעך און קיפּניסעס ערשטע שרייבערישע טריט אין קיִעוו. זיכער, וועלן דערצו זיך אַסאָציאַטיוו אָנקייטלען נאָך און נאָך טיף־אייגענע, איינגעהיימישטע מאָמענטן פון איציקס יונג־לעבן, וואָס זענען, דאָ און דאָרט אָרגאַניש אַריינגעוועבט אין כמעט אַלע קיפּניסעס ווערק.

ובכן — איציק קיפּניס איז געבוירן דעם 12טן דעצעמבער 1896 אינעם שטעטל סלאָוועשנע.

---

*) „מיין שטעטעלע סלאָוועשנע" — געדרוקט אין פאָרזעצונגען אין דער וואַרשעווער „פאָלקס שטימע" (אין די יאָרן 1959, 1960). און אַרויס אין פאַרלאַג י. ל. פרץ, תל־אביב, (1971) מיט אַ פאָרוואָרט פון גיטל מייזיל.

**) „אונטערוועגנס און אַנדערע דערציילונגען". „איקוף־פאַרלאַג", ניו־יאָרק, 1960.

„אונדזער שטעטל צוזאַמען מיט סטאַרבעני און מיט סענ־
דעריווקע״, — אַזוי דערציילט קיפּניס אינעם קאַפּיטל אינס
פון „אונטערוועגנס״, — זענען דריי לייבלעכע שוועסטער.
אַלע דריי שטייען שוין נעענטער צו פּאַלעסיע, ווי צו וואָלין.
בעסער געזאָגט — זיי זענען שוין כמעט אַליין פּאָלעסיע״.

די הויפּט־מלאכה אין סלאָוועשנע איז געווען גאַרבעריי. אויך איציק האָט אַן אַכט יאָר אָפּגעאַרבעט אין עטלעכע גאַרבאַרניעס. ביי זיין פאָטער נחום קיפּניס, וואָס איז געווען אַ גאַרבער בן גאַר־בער, און ביי אַנדערע, אינעם אייגענעם און אין די שכנותדיקע שטעטלעך.

נחום קיפּניס, אַ מייסטער אין זיין פאַך, איז געווען אַ האַרע־פּאַשניק מיט יענע פּאָר קלוגע הענט, וואָס ווייסן ווי צו ביישטיין דעם מענטשן אין דער גרעסטער נויט. דערצו איז ער געווען געבענטשט מיט אַ מוזיקאַלישן און אויך מיט אַ עסטעטישן חוש. ער האָט ליב געהאַט אין אַ שבת צו נאַכטס אויסשפּילן אויף זיין פידל דעם „המבדיל בין קודש לחול״ און ער האָט מקפּיד געווען אויף זיין אויסערלעכן לבוש. אַ ייד אַ משכיל, האָט ער שטרענג אָפּגעהיט יידישקייט. ער האָט אַלץ געטאָן, כדי איציק, דער בכור צווישן זיינע פינף קינדער, זאָל זיין אַ געלערנטער מענטש, אַ גוטער ייד, אַ גוטער אַרבעטער, אַ געטרייער ברודער און זון. האָט ער ביז דער בר־מצוה געשיקט איציקן אין חדר, געהאַלטן פאַר אים פּריוואַטע לערער און אַליין געקנעלט מיט אים די תורה פון גאַר־בעריי. ער האָט איציקן פון קינדווייז אָן אומעטום מיטגענומען. אין קלויז, אויף אַ שמחה, אויף אַ יאַריד. אַ קליין יינגל נאָך, איז איציק שוין אַרומגעגאַנגען אין דעם טאַטנס אַ שליחות פאַר דער גאַרבאַרניע, אַרויסגעהאָלפן דער מאַמען אין דער שטובאַרבעט און אויך געזאָרגט פאַר די קליינע ברידערלעך און שוועסטערלעך. מיט איין וואָרט: דער פאָטער האָט געוואָלט מאַכן זיין בכור „פאַר אַ מענטש״ צווישן מענטשן.

נחום קיפּניס האָט זיכער געהאַט דערבײַ די בעסטע כוונות, אָבער ערגעץ־ווו האָט ער איבערגעטריבן אין דער פּאָטערשער שטרענגקייט, ערגעץ־ווו איבערגעכאַפּט די מאָס אין דער אָרויפּ־געצוווּנגענער אויטאָריטעטקייט. האָט זיך אין דעם זונס באַוואָרע־נישן קעגן פּאָטער אַרײַנגעכאַפּט אַ מיקראָב פון פּאַרדראָס און פון מורא.

יאָ, די באַציונגען צווישן טאַטן און זון זענען קיין מאָל נישט געווען און נישט געקאָנט זײַן גלאַטיק.

אין איציקס פרי־יִנגלשע יאָרן פלעגט דער טאַטע זײַן אין כעס, וואָס ער לויפט אַרום אַ גאַנצן שבתדיקן נאָכמיטאָג, ווי אַן איוואַנקע און נעמט נישט קיין יִדיש וואָרט אין מויל אַרײַן, בשעת איציקל האָט נישט אָנגעהויבן צו וויסן ווי אַזוי נעמט מען עס אַ יִדיש וואָרט אין מויל אַרײַן און ווי אַזוי איז עס אויפן טעם.

אמת, שלאָגן האָט אים דער טאַטע נישט געשלאָגן, אָבער דעם טאַטנס רייד האָבן אים געשטאָכן ווי שפּילקעס. נאָך מער — דער טאַטע האָט אויף אים געקוקט, דוכט זיך, ערגער ווי אויף אַ פרעמדן.

אַ פּשיטא שוין — מיט פיל, פיל יאָרן שפּעטער, ווען איציק האָט פאַרלאָזט דאָס משפּחה־פאַך און זיך אַ שאַרפן קער־און־ווענד געטאָן פון דעם דורותדיקן אײַנגעפונדעוועטן סלאָוועשנע־יִדישן לעבנס־שטייגער.

דעריבער בליצן בײַ אים אַזוי ליכטיק אויף אין זכרון די זעל־טענע מאָמענטן פון דער אויסגעבענקטער נאָענטקייט מיטן טאַטן:

...עס איז פרייטיק פאַר נאַכט. דער טאַטע מיטן גאָר קליינעם איציקל אויפן אַקסל שווימט אַוועק ווייט ביים באָדן זיך אין טייך נעבן דער מיל. זיי ווערן ביידע שיִער נישט דערטרונקען. אין אַ סך יאָרן אַרום לעבט בײַ קיפּניסן אויף יענע שעה פון סכנה, פונקט ווי דאָס וואָלט געשען ערשט נעכטן, דעם טאַטנס זײַן אַליין מיט אים און מיט גאָט, אונטער דעם פאַרכטיק־אָנגעדראָלענעם און אָנגעכמאַרעטן הימל, ערב אַ פלוצעמדיקן שטורעם. און דער עיקר — דאָס זײַן אַזוי נאָענט, איינס לעם איינס, איינס אַנטקעגן איינס...

אין אַ לאַנגער צייט אַרום. עס איז אַ חיי־שעה צווישן איין ווילדער באַנדע און אַ צווייטער, נאָך אַ ווילדערער. אין סלאָוועשנע, געשיקט און בריהדיק רופט דער טאַטע אַרויס, אויף דערווייל, צוריק צו אַ פּראָוויזאָריש לעבן זייער וויסט־פאַגראַמירטע היים. פול מיט קוואַליקן שאַפּערישן פאָלקס־חיות, ציט ער אַריין אין דער אַרבעט אויך איציקן, זיין דערוואַקסענעם זון, וואָס איז פונעם פאָטער שוין לאַנג דערווייטערט און אָפּגעפרעמדט. קיפּניס האָט אויף שטענ־דיק וואַרעם פאַרגעדענקט, ווי לייכט און גוט עס איז געווען אויפן האַרצן צו באַקומען פונעם טאַטן אַזעלכע קלוגע און קאָנסטרוקטיווע אָנווייזונגען. און ווי שטאַרק עס האָט זיך אים דעמאָלט געגלוסט פּשוט אויסקושן דעם טאַטן...

עס האָט זיך נישט איין מאָל געטראָפן, אַז איציק האָט באַ־וווּנדערט דעם טאַטן, וואָס איז אין זיינע אויגן געווען „אַרום און אַרום פול מיט אַ שיינעם, מאַנצבילשן חן”. אָבער עס האָט אים געאַרט, וואָס דער טאַטע פאַרקוקט זיך אויף אַ שיינער, פרעמדער פרוי, וואָס ער פאַרגינט זיך אַפילו אָנשרייען אויף דער מאַמען. אמת, עס איז אַלץ שטענדיק געבליבן ביי גאַרנישט. סיי ווי האָט אים קיינער נישט אָפּגעענטפערט, סיי ווי האָט זיך קיינער מיט אים נישט געקריגט אויף צוריק. און איציק האָט ביי זיך אין האַרצן געקלערט:

„גוט, כ׳וועל אַ מאָל זיין אַ טאַטע, אָבער צי וועלן מיינע קינדער האָבן אַזאַ מאַמע?”

„ליבקע — הייסט זי, די מאַמע מיינע” — אַזוי שטעלט זי פאָר איציק פאַרן לייענער, — „און אַז די גאַנצע שטאָט האָט זי ליב, וויס איך!”

די מאַמע, זי רעדט ווייניק, דאָ און דאָרט בלויז אַ וואַרעם וואָרט. העכסטנס טוט זי אַ גלעט איבערן קאָפּ פון אירס אַ קינד, און שוין.

אויך קיפּניס רעדט וועגן זיין מאַמע מיט געציילטע ווערטער, אָבער ער קוויקט זיך דערביי מיט אָט־די קורצע רייד זיינע, ווי מיט אַ מאַגישן עלעקסיר־געטראַנק. און אַזוי, צו ביסלעך, אומ־באַמערקט, וואַקסט אויס, אין דעם דערציילערישן גאַנג פון זיינע זכרונות, אַ וווּנדערלעך־לויטערע געשטאַלט פון איציקס מאַמע, וואָס הייסט ליבקע *).

...אָט קלייבן זיי זיך פאַר פרי, דער טאַטע מיט איציקן, אויפן גרויסן, וויכטיקן דעסיאַטעכע יאַריד (אין וועלעדניק). די מאַמע איז צוגעשטילט, נאָר זי איז אומעטום מיט זיי און לעם זיי. זי ענטפערט עפּעס זייער שטיל, נאָר ווער ס'דאַרף הערן — הערט...

...די מאַמע האָט ליב שיינע געזונטע מענטשן. און פריילעכ־קייט ביי מענטשן איז איר אויך זייער צום האַרצן. אָבער ווי גוט איז זי צו קראַנקע, פאַרקריפּלטע, אומעטיקע מענטשן, וואָס קומען אַריין צו איר נאָך אַ נדבה פרייטיק נאָך מיטאָג! זי הערט זיי אויס שטילערהייט און העלפט זיי נאָך שטילער, יעדן איינציקן אויף אַ נישט געוויינלעכן, באַזונדערן אופן... זי פלעגט דאָך זעלטן מיטגיין אויף שמחות. סיידן אויף אַן אָרעמער חתונה, אויף אַן אָרעמען ברית...

יאָ, דער פרייטיקדיקער טאָג. העלפנדיק דער מאַמען, קוקט זיך איציקל צו, שעה־איין און שעה־אויס, ווי די מאַמע פירט אַריין דעם שבת. די מאַמע, קיין עין־הרע, האָט אַ ברכה אין די הענט און האָט אַ ברכה אין דעם, וואָס זי טוט... איר פּנים איז פאַרפלאַמט און איר האַרץ איז פול מיט שטילן נחת פון דעם, וואָס אַלץ גייט, ווי עס דאַרף צו זיין, ביז... ביז זי צינדט אָן ליכט צום בענטשן און סיי די מאַמע, סיי די שטוב זעען אויס ווי פון אַן אַנדער צויבערוועלט...

---

*) דינע ליבקיס — איז דער ליטעראַרישער נאָמען פון דינקע, איציקס יינגערע שוועסטער, אַ יידישע דיכטערין. אויך איציקן, וואָס האָט געהייסן אין שטעטל „איציק, נחום דעם האָרבערס", — האָט מען אָפט גערופן „איציק ליבקעס".

ערשט אין יאָרן אַרום האָט קיפּניס פאַרשטאַנען: פאַר דער מאַמען איז די ערב־שבתדיקע אַרבעט געווען ווי פאַרן כהן די עבודה...

...וואָס איז דער טייטש פון „עטה אור כשׂלמה", — זאָגט די מאַמע איציקן, און דער קליינער זון פילט, ער שטויסט זיך אָן, וואָס עס ליגט אין דעם פרעגן. די מאַמע קוועלט פון דער שיינער שבת־זומערדיקער רו, פון דער גרינער פרישער שיינקייט אין דרויסן. איציקס שטוב שטייט דאָך אַ ביסל ווייטער און העכער פונעם שטעטל. זעט מען אַרויס פון זייער פענצטער אַ העל־בלויען הימל אַנטקעגן אַ גרויסער סאַמעטענער רחבות. אין וועלכער זייט מען טוט אַ קוק, איז דאָס ליכט פאַר דער גערוימער זומערדיקער וועלט, ווי אַ פּרעכטיק קלייד...

...און אָט איז חנוכה. מען בענטשט דאָס ערשטע ליכטל. שטייט זי, די מאַמע, אַ וואַרעם־שווייגנדיקע, מיט אַ סך לויטערע געדאַנקען, וואָס לייכטן אַרויס פון איר בליק...

...און נאָך... און נאָך... וואָס שייך דער מאַמען זיינער, ליבקע, איז ווידער די זעלבע מעשה, ווי מיט קיפּניסעס: „איך האָב ליב"! וויפל מען זאָל נישט איבערדערציילן, וואָס קיפּניס דערציילט וועגן זיין מאַמע, וועט זיין נישט גענוג...

...עס איז שוין נאָענט צו ימים־נוראים. און איציק דערציילט:

„דער מאַמען האָבן מיר געקויפט אַ נייעם מחזור. אַזוי ווי אַ גמרא די גרויס. נישט גראָב. נאָר דאָרט זענען דאָ אַלע תּפילות. מיט גרויסע ווערטער און מיט עברי־טייטש פון אונטן. ס'איז אַ צירונג, נישט קיין מחזור"...

און אָט איז שוין יום־כיפּור, נאָך נעילה. אויפן וועג אַהיים פונעם קלויז דעריאָגט איציק די מאַמע:

— „אַ גוט יאָר, מאַמעלע טייערע!"

„אַ גוט יאָר" — זאָג איך, און „מאַמעלע טייערע" — פּיל איך, ווען איך נעם ביי איר דעם גרויסן מחזור".

און שוין, נישט מער. אָבער פון די צוויי נישט אַרויסגעזאָגטע ווערטער: „מאַמעלע טייערע" גייט אויף אַ מאָדנע קוואַליקע צערט־לעכקייט...

יאָ, די מאַמע מיטן זון רעדן צווישן זיך נישט קיין סך. אָבער זיי ביידע פירן אַ שטראָמיק אינעווייניקסטן געשפּרעך, וואָס רייסט זיך נישט איבער אויך ווען קיפּניס איז שוין לאַנג און ווייט פון דער היים.

איציק האָט אַ מאָל, אַ מאָל פאַרלאָרן אין זאַמד אַ גריווינקע און זי שפּעטער געפונען. די מאַמע איז געגאַנגען מיט אים זוכן. „וואַרט נאָר, וואַרט" — איז איין מאָל ביי נאַכט, אויף אַ קיעווער געלעגער, פּלוצעם געוואָרן דעם זון, דעם בכור, קלאָר און ליכטיק אין קאָפּ און אין האַרצן — די מאַמע האָט דאָך, אַ פּנים, ספּעציעל מיטגענומען אַן אַנדער גריווינקע, כדי ער זאָל זי קאָנען געפינען. ס'איז דאָך געווען אַ פּעדאַגאָגיש־דערציערישער פּערל. און אפשר נישט קיין פּערל, נאָר אַ גאַנצער אוצר.

„וואַרט נאָר, וואַרט!", — זאָגט צו זיך דער לייענער און נעמט זיך דערמאָנען נאָך און נאָך זאָכן וועגן דער מאַמען, וואָס קיפּניס דערציילט זיי, איינציקווייז, אין זיינע זכרונות: זי האָט ליב געהאַט צו קוקן, ווי פרעמדע קינדער שפּילן זיך אין גאַס, איינקוקן זיך, ווי שטאַרק און ווי ערנסט זיי פאַרטיפן זיך אין דער שפּיל; זי האָט שטענדיק געהאַלטן וואַך איר אויער און אויג פאַר דער מינדסטער ענדערונג אין אירע אייגענע קינדער; זי האָט זיי, די קינדער אירע, דאָס רוב איינגענומען מיט אַ שטילן מאַך פון דער האַנט.

„אונדזער מאַמע האָט געקאָנט טרעפלעך אַריינזאָגן, ווען מען האָט באַדאַרפט", — האָט זיך איציק אין יענער קיעווער

נאַכט דערמאָנט, — „און זי האָט געקאָנט שווייגן דאָרט, ווו
אַן אַנדער מוטער וואָלט אָנמאָלן צען זעק רייד".

יאָ, די שפע פון צערטלעכקייט צו דער מאַמען האָט קיפּניסן געסטאַיעט אויף זיין גאַנץ לעבן, ביז איצט. גענוג און איבערגענוג אויף צו באַשענקען אויך אַנדערע מאַמעס אין זיין שאַפונג. באַזונדערס רירנדיק קלינגט עס ביי קיפּניסן, ווען די קריוודע פון די מאַמעס נעמען זיך אָן זייערע קינדער.

...פּרייטיק פאַר פרי לויפט אַרויס וויגדער דער שטערנזעערינס פון זיין פאַרשמאַכטער שטוב, דער אויסגעליידיקטער, דער אויסגעשאָבענער פון יעדן סימן, פון יעדן ברעקל עסן. די מאַמע, פריבע די לאַנגע, יאָגט אים נאָך מיט אַ שטעקן און, ווי דער שטייגער איז, מיט קללות אויף קללות. אין דרויסן איז די לופט זומערדיק־פריש. ווערט וויגדערן מיט אַ מאָל דווקא גוט אויפן האַרצן:

„דער דרויסן אָט דאָ, אין עק שטעטל, איז איטלעכנס.
דעם זומערדיקן לויטערן גאַנץ פרי פאַרשפּאַרט מען גיין אין
קלייט אַריין באָרגן".

וויגדער דער שטערנזעערינס, אָפּגעריסן און הונגעריק, דרייט זיך אַרום אין דעם וואַרעמען, ווילגענייגטן דרויסן און טראַכט זיך זיינע ייִנגלישע ווונטש־מחשבות:

„...און ווי ער שלאָגט זיך נאָר אויף עפּעס אַרויף, וואָלט
ער זיך געקויפט אַ פערד... ער וואָלט באַוואָרנט די מאַמע מיט
אַ שטיקל צושטאַנד, זי זאָל זיך פאַרשפּאָרן כסדר שילטן.
זי טוט עס נישט פאַר ראָסקאָש...".

(פון קיפּניסעס דערציילונג „צום נייעם לעבן")

... אין יאָר 1920, ווען דער סאָוועטישער רעזשים איז אין די וואָלינער קאַנטן געקומען צו דער ענדגילטיקער מאַכט, — האָט דער סלאָוועשנער לעדער־פאַראיין געשיקט, אָדער קאָמאַנדירט, איציקן זיך לערנען אין קיִעוו. אין קיִעוו האָט איציק געגעבן העברעיִשע שטונדן, אַ שטיק צייט געהאַקט האָלץ אין די שטאָטישע הייף, אין יעדער פרייער שעה זיך געלערנט; און דער עיקר: געשריבן און געשריבן...

אין יענע ווייטע טעג האָט אַ יונגע ייִדישע חברה, מיט דער שרייבערין פון די שורות צווישן זיי, געקאָנט שפּעט אין דער נאַכט, אויף אַ פּוסטער קיִעווער גאַס, טרעפן דעם יונגן קיפּניס. ער האָט אַרומגעשפּאַצירט, אָדער געזעסן אויף אַ גאַניקל, טיף פאַרטאָן אין זיך אַליין.

מען האָט שוין דעמאָלט געוווּסט, אַז ער האָט, אינעם היימ־שטעטל, פאַרלאָרן זיין יונגעטשקע פרוי, וואָס מען האָט זי גערופן: בוזי. יאָ, בוזי, ווי ביי שלום־עליכם אין זיין „שיר־השירים". איצט דאַכט זיך, אַז מען האָט דעמאָלט אויך געוווּסט, אַז ווו קיפּניס גייט און ווו קיפּניס שטייט, — גייט מיט און שטייט מיט — בוזי.

וועגן דער ווונדערלעכער, אויסשטראַלנדיקער מגילת בוזי, אין רעכטן פייער און בראַנד פון בירגערקריג און מוראדיקע פּאָגראָ־מען, — דערציילט די סלאָוועשנער כראָניק „חדשים און טעג"*) ווו איציק קיפּניס, דער מחבר, זאָגט אָן אַלעמען אַזוי טרויעריק־פייערלעך:

„...דערנאָך... האָט מיר בוזי געהאַט אַ שיינינק מיידעלע.
מיר האָבן געוויינט, מיר האָבן געלאַכט און מיר האָבן זי אַ נאָמען געגעבן חיהלע"...

---

*) „כאַדאָשים און טעג" — אי. קיפּניס. אַ כראָניק. קיעוו, פאַרלאַג „קולטור־ליגע" 1926. „הדשים און טעג און אַנדערע דערציילונגען" פון אי. קיפּניס, פאַרלאַג י. ל. פּרץ, תל־אביב, 1973. „חדשים און טעג" איז דערשינען אויך אויף רוסיש: „מעסייצי אי דני" — איסאַאַק נאַכומאָוויטש קיפּניס — אויטאָריזירטע איבערזעצונג פון יידיש ב. מאַרשאַק. רעדאַקציע און אַריינפיר־אַרטיקל י. נוסינאָוו. מאָסקווע, מלוכה־פאַרלאַג 1930.

חיהלע, — אַ נאָמען נאָך בוזיס מוטער, וואָס איציק האָט זי צערטלעך גערופן „מאַמע חײטשיק״. חיה הענדעלמאַן, 38 יאָר אַלט, אַ מאַמע פון זעקס קינדער, איז אַכזריותדיק אומגעבראַכט געוואָרן אין סלאָוועשנער פּאָגראָם פון 1919 צוזאַמען מיט נאָך פיל קדושים, צווישן זיי אירע צוויי יונגענקע זין: מלך, 12 יאָר און יאָסעלע, 7 יאָר אַלט...

פונקט ווי מען זאָל איבערבלעטערן אַ ווייטערדיקן, אַ נייעם וויי־קאַפּיטל אין דער כראָניק פון שטעטל סלאָוועשנע, קומט „כאַיעלע און פיניעלע״ *), וואָס הייבט זיך אָן מיט די עטלעכע, אַזעלכע מענטשלעך־רירנדיקע שורות:

„און מיין ווייב איז ביי מיר די ערשטע אויף מיין לעבן, און דאָס קינד איז ביי אונדז דאָס ערשטע אויף אונדזער לעבן, און אונדזער ביידנס לעבן אין איינעם גענומען באַטרעפט הלוואי, צוויי צי דריי און פערציק יאָר, און מיט חיהלען אין איינעם איז נאָך דריי חדשים...״.

דער חשבון האָט זיך ווייט נישט פאַרצויגן. דער פאַגראָמירט־אויסגעשעפּטער הויל־נאַקעטער, הונגעריקער טרויער־שטאָט איז באַפאַלן אַ טיפוס־מגפה. הינטן אַרום, קאַלט, גזלניש, האָט די מגפה טאָג־איין און טאָג־אויס אַרויסגעכאַפּט נייע קרבנות. אויך בוזי איז אַוועק: „אַזאַ יונגעטשקע, אַ שפּילעוודיקע, אַ באַחנטע״. אין עטלעכע מאָנאַטן אַרום איז איר נאָכגעגאַנגען דאָס קליין נפשל, דאָס פּיצינקע מיידעלע חיהלע...

מיט יאָרן שפּעטער האָט קיפּניס וועגן יענער צייט געשריבן:

*) „כאַיעלע און פיניעלע״ אינעם באַנד „דערציילונגען״ י. קיפּניס. מלוכה־פאַרלאַג כאַרקאָוו—קיעוו, 1930.

„מענטשן! ווער איז נאָך אַזוי שטאַרק ווי מיר? מען זאָפּט אַריין אין זיך אַזוי פיל צרות און אומדערטרעגלעכעליידן, און מיר טויגן נאָך אַלץ צום לעבן!".

ווען מען קוקט זיך אַרום וווייט אויף צוריק, דער עיקר, ווען מען קוקט אַריין נענטער אין די צוויי ביבליאָגראַפיע־בענדער וועגן יידישע פּובליקאַציעס אין ראַטן־פאַרבאַנד (אויף יידיש און רוסיש), דערשינען לעצטנס אין ירושלים*), — איז פּשוט שווער צו גלויבן. נישט בלויז דעם אייגענעם זכרון, נאָר אויך און אַפילו די ביבליאָגראַפישע ידיעות. ווייל עס איז באמת, צו באַוווּנדערן, ווי גרויס און שטראָמיק־ברייט עס איז געווען די שפע פון קיפניס־שאַפונגען, געדרוקט אין זאַמלונגען און אַלמאַנאַכן אויך אין באַזונדערע אויסגאַבעס, אָנגעהויבן מיט קינדער־מעשהלעך אין 1922 און מיט זיין ערשטלינגבוך „אָקסן", לידער, קיִעוו, 1923 — ביזן סאַמען שוועל פון דער סאָוועטיש־נאַצישער מלחמה אין 1941. אין משך פון די צוויי יאָרצענדליקער האָבן נישט אויפגעהערט צו דערשיינען: מעשיות און מעשהלעך, געגראַמטע פּאָעמעס און לידער, פּיעסעס און פּיעסקעס, דערציילונגען און ראָמאַנען — פאַר דער־וואַקסענע און דערוואַקסלינגען, און דער עיקר, פאַר קינדער און קינדערלעך. זיי זענען געוואָרן געדרוקט און איבערגעדרוקט אין פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע און מלוכה־פאַרלאַגן, בראש מיט דער „קולטור־ליגע" אין קיִעוו און מיט דעם „עמעס" אין מאָסקווע. ווייטער גייען די שטעט: כאַרקאָוו, אָדעס, מינסק און שפּעטער אויך לוואָוו.

ווי עס גיט אָן ג. א. רעמעניק אין דער סאָוועטישער קורצער

---

*) „פרסומים יהודיים בברית־המועצות, 1917—1960". רשימות ביבליו־גרפיות. ערך ח. שמרוק. סדרת „גלויות" החברה ההיסטורית הישראלית, ירושלים תשכ"א, 1961.

„פרסומים רוסיים בברית־המועצות על יהודים ויהדות, 1917—1967". ביבליוגרפיה. ערך מרדכי אלטשולר, אגודה לחקר תפוצות ישראל החברה ההיסטורית הישראלית, ירושלים תש"ל, 1970.

ליטעראַרישער ענציקלאָפּעדיע (1966), זענען איניקע שאַפונגען פון איסאַאַק נאַכומאָוויטש קיפּניס איבערגעזעצט אויף רוסיש, אוקראַיִניש, ווייסרוסיש, טאַדזשיקיש, פּויליש און עברית *) קיפּניס אַליין האָט איבערגעזעצט אויף יידיש: דזש. לאָנדאָן, דזש. סוויפט און פ. ראַבלע. עד כאן די סאָוועטישע ענציקלאָפּעדיע.

אין אַלגעמיין, האָט די יידישע ליטעראַטור, אין אַלע אירע היימען, זייער גוט אויפגענומען די פּראָזע־שאַפונגען און קינדער־מעשיות פון איציק קיפּניס. שוין אין 1923 האָט י. כעזין (דער פּעדאַגאָג ד״ר ישראל רובין) געשריבן וועגן אים אין דער וואַר־שעווער „ביכער־וועלט״ און זיך פּשוט געפרייט מיט איציק קיפּניסעס מעשהלע: „אַ קינד, וואָס האָט זיך פאַרבלאָנדזשעט אין טיפן וואַלד״, געדרוקט אינעם זשורנאַל „פריידל״ **). זאָלן אויך דערמאָנט ווערן, וויניקסטנס, נאָך דריי נעמען פון די אַלע, וואָס האָבן האַר־ציק באַגריסט די דערשיינונג „איציק קיפּניס״: ש. ניגער אין דעם ניו־יאָרקער „טאָג״, 1927; זלמן רייזען אין זיין „לעקסיקאָן פון דער ייִדישער ליטעראַטור״, ווילנע, 1929; און מערערע מאָל נחמן מייזיל, — פריִער אין וואַרשע און שפּעטער אין ניו־יאָרק.

אַ פילזאָגעוודיקע סאָוועטיש־ייִדישע פּרשה, אַליין פאַר זיך — זענען סיי די נעגאַטיווע און סיי די פּאָזיטיווע אָפּשאַצונגען אינעם סאָוועטן־לאַנד.

עס איז שווער אויסצורעכענען די שרייבערס און פּאָליטיקער, פּעדאַגאָגן און דערציִערס, וואָס האָבן דאָרט צווישן די צוויי וועלט־

---

*) איציק קיפּניס — „פון סניטקאָווקע קיין גרינשפּוליע״ (1936), איבערזעצט אויף עברית פון יהושע גלבוע, איז דערשינען אונטערן נאָמען: „נסיעה משונה״ ילקוט מספרות עברית ומספרות יידיש „גחלים לוחשות״ לוקט וסודר בידי יהושע גלבוע הוצאת ניומן תל־אביב תשי״ד.

איציק קיפּניס — „...והשוחט שוחט״ (מתוך „חדשים וימים״) עברית אברהם רגלסון. קובץ של כ״ד סיפורים מספרות יידיש בברית־המועצות „לא אמות כי אחיה״ ספרית פועלים, לכ״ל, 1957.

**) „פריידל״ — חודש־זשורנאַל פאַר קינדער. דערשינען אין דער קיעווער „קולטור־ליגע״ אין די יאָרן 1922—1925.

מלחמות געשריבן וועגן קיפּניסן. זאָלן זשע אויך דאָ דערמאָנט ווערן בלויז דריי אינטערעסאַנטע אָפּהאַנדלונגען: דער אַריינפיר (אונטערן נאָמען „אַ ווינקל אין יאָר 1919") צו קיפּניסעס כראָניק „חדשים און טעג" — פונעם קריטיקער און ליטעראַטור־פאָרשער י. נוסינאָוו; דאָס פאָרוואָרט צו קיפּניסעס „12 דערציילונגען" (1922—1932), דערשינען אין כאַרקאָוו־קיִעוו, 1933 — פונעם ליטעראַטור־היסטאָריקער מ. ווינער; און אַחרון אַחרון חביב — דער לענגערער וואַרעם־קינסטלערישער אַרטיקל פון דוד בערגעלסאָן, געדרוקט אין מינסקער „אָקטיאַבר" און אויך (27 מערץ 1927) אין ניו־יאָרקער „פרייהייט" אונטערן נאָמען „אַ נייער מאַלאַנטפּולער פּראָזע־שרייבער אין סאָוועטן־פאַרבאַנד...".

דער קינסטלערישער גורל האָט איציק קיפּניסן געבראַכט צו פירן קיין קיִעוו אין אַ צייט פונעם אייגנטלעכן בראשית אין דער סאָוועטיש־יידישער ליטעראַטור. דאָרט, אין קיִעוו, זענען דוד בערגעלסאָן און דער נסתר אין איין שיינעם נאָך־רעוואָלוציע־טאָג פלורצעם געוואָרן קלאַסיקער. דאָרט האָבן זיי זיך פּלוצעם געפונען בראש פון אַ גינגאָלדענער פּלעיאַדע פלאַם־פייערדיקע סאָוועטיש־יידישע דיכטער. צווישן זיי — פרץ מאַרקיש, לייב קוויטקאָ...

דעם 25סטן נאָוועמבער 1970 וואָלט פרץ מאַרקיש געוואָרן 75 יאָר. דעם 12טן דעצעמבער 1970 איז קיפּניס געוואָרן 74 יאָר. הייסט עס, אַז קיפּניס איז געווען יינגער פון מאַרקישן אין גאַנצן אויף איין יאָר און פון לייב קוויטקאָ, — בלויז אויף אַ פּאָר יאָר. און דאָך הייבט אָן נחמן מייזיל זיין הקדמה צו קיפּניסעס „אונטערוועגנס" (1960), אַזוי: „איציק קיפּניס איז געווען דער אָנגעלייגטער בן־זקונים, דאָס מוזיניקל, אין דער יונגער שרייבער־משפּחה פון דער סאָוועטיש־יידישער ליטעראַטור, וואָס האָט זיך ראַשיק אָנגעהויבן פאַנאַנדערוואַקסן אין 1917, גלייך נאָך דער באַפרייונג פונעם צאַרישן רוסלאַנד".

אין וואָס זשע איז פאָרט באַשטאַנען דער חידוש פון איציק

קיפּניס? האָבן אים דאָך אַ טייל ליטעראַרישע דעה־זאָגערס אין סאָוועטן־לאַנד באַשולדיקט, אַז אין אַ צייט, ווען יעדער טאָג ווערט פון זיך אַליין אַ באַנייטער, איז ער, קיפּניס, גאַרנישט מחדש. נאָך מער, אַז זיינע סלאָוועשנע־שאַפּונגען שטעקן אין מענדעלעס קאַב־צאַנסק און אין שלום־עליכמס קאַסרילעווקע. איז פּאַר וואָס זשע, טראָץ אַל די שאַרף־פּאָליטישע טענות פון די קעגנער און די פּאַר־זיכטיק־אידעאָלאָגישע באַוואָרענישן פון אַ טייל אָנהענגער, — האָבן גרויס און קליין אין סאָוועטן־לאַנד אַזוי גערן און געשמאַק געלייענט און נאָך אַ מאָל געלייענט קיפּניסן, שוין אָפּגערעדט פון זיינע פיל חסידים אין דעם ברייטן יידישן אויסלאַנד?

זאָל עס זיין דערפאַר, וואָס דאָס רוב יידישע שרייבערס פון אַלע צייטן, שטענדיק פול מיט שפּאַנונג און אומרו, האָבן אומעטום געהאַט אַזוי פיל צו געבן פאַרשטיין, פאַרענטפערן און באַרעכטיקן, פאַרריכטן, דערציִען און מוסרן, אָנקלאָגן, מישפּטן און אַנטשיידן און אָפּט זיך קעגנשטעלן, ווידערשפּעניקן און קעמפן — אַז זעלטן־ווער האָט זעלטן־ווען זיך געקאָנט דערלויבן צו זיין פּשוט ליב, פריינדלעך און גוט, ווי דאָס איז געווען, און איז ביז איצט, איציק קיפּניס?

אַוודאי און אַוודאי איז קיפּניס געגאַנגען אין שלום־עליכמס דרכים, אָבער געגאַנגען איז ער מיט אַן אייגענעם גאַנג. עס איז טשעקאַווע ביז גאָר: דוד בערגעלסאָן, דער גרויסער פּראָזע־מייס־טער, האָט גלייך איז אָנהייב דערפילט די עכטע קינסטלעריש־אַסאָציאַטיווע קרובהשאַפט צווישן דעם יונגן איציק קיפּניס און שלום־עליכם. אין דעם אויבן דערמאָנטן אַרטיקל פון 1927, האָט בערגעלסאָן געשריבן:

„ווי אַן אַראָמאַט דערמאָנט אייך אין אַ צווייטן, אַן ענ־לעכן, וועלכן איר האָט שוין אַ מאָל געפילט, פּונקט אַזוי דערמאָנט אייך דאָס בוך „חדשים און טעג" אינעם גרונט־טאָן פון אַ צווייטן זעלטענעם און גרויסן בוך. מאָמענטנווייז

גלויבט איר נישט אייערע אייגענע אויערן — אַזוי גערעטן איז די אינעווייניקסטע שטימע אין אָט דעם בוך צו דער שטימע פון אַ ליבן און האַרציקן באַקאַנטן. זיין נאָמען איז: — מאָטל פּייסי דעם חזנס...״.

זיכער און געוויס איז דעם לייענער זייער צום האַרצן, וואָס יעדע איינציקע פון איציקס מעשׂיות איז פאַר קיפּניסן, ווי אַ בת־יחידה. עס קומט אים אָן שווער זיך שיידן מיט איר. פאַרענדיקט ער, דאָס רוב, זיינע אַ שפּאַנונג ווי בעל־כּרחו, מיט אַ סוף, וואָס קלינגט אַ מאָל אומגעריכט, ווי אַ קינדערשע חכמה און טייל מאָל — פּילטייטשיק, ווי אַ רייפער זאָג פון אַלטיטשקע „מענטשן און מענטשיכעס״. ווי ווייך און צערטלעך איז אָפט דער נאָמען פון זיינער אַ שאַפונג, פונקט ווי ער זאָל איר מיטגעבן אַ גלעט איבערן קאָפּ איידער ער שיקט זי אַרויס אין דער וועלט...

פיר מאָל (און מעגלעך, אַז מער ווי פיר מאָל) איז אין פאַר־שיידענע צייטן געווען געדרוקט און איבערגעדרוקט איינע פון זיינע ערשטע רירנדיק־לויטערע קינדער־דערציילונגען, אָנגעשריבן אין 1924. פריִער האָט די דערציילונג געהייסן „לאָנע״, שפּעטער — „אונדזער מיידעלע לאָנע״ און צום סוף — „אונדזער קליינינקע דינסטמיידעלע לאָנע״ (ניו־יאָרק, 1960; מאָסקווע, 1969) *).

די לאָנע־געשיכטע פאַרענדיקט זיך מיט אַ פאָלקס־מעשׂהלע, וואָס דאָס צעניאַריקע דינסטמיידעלע דערציילט:

„ווי אַזוי דער זומער מיטן ווינטער האָבן זיך געקריגט צווישן זיך. זאָגט דער ווינטער צום זומער: זומער־זומער, וואָס טוסטו מאַכן אַזעלכע היצן? די יאַרעמעלייט וועלן דיר דיינע ביינער פאַרשמיצן. מאַכט דער זומער צוריק צום ווינ־

*) אין יאָר 1960, איז אינעם מאָסקווער מלוכה־פאַרלאַג פאַר קינדער־ליטעראַטור דערשינען אַן אילוסטרירטע רוסישע איבערזעצונג פון דער דערציילונג „דאָס מיידעלע לאָנע״, אין 90.000 עקזעמפּליאַרן.

טער: ווינטער־ווינטער, וואָס טוסטו מאַכן אַזעלכע קעלטן?
די יאָרעמעלייט וועלן דיר דיינע ביינער פאַרשעלטן.
און אַן עק״.

דאָס מעשהלע, דערציילט פון אַ קינד, ווי דער ווינטער מיטן זומער געמען זיך אָן, ביידע גלייך, די קריוודע פון די „יאָרעמע־לייט״; דער לאַקאָנישער סוף־פּסוק פונעם מחבר: „און אַן עק״. וואָס ווייזט, אַז די מעשה איז נאָך ווייט פון אַן עק, — וואַרפט אַ קלאָרן פאַרויסשיין אויפן ווייטערדיקן קינסטלערישן וועג פון קיפּניסן.

פון דער מעשה־לאַנע גלוסט זיך איבערגיין צו דער פּריזער דערמאָנטער דערציילונג „צום נייעם לעבן״ (1939). צווישן זיי ליגט אַ צייט־מהלך פון 15 יאָר. זעט מען בולט, ווי קיפּניסעס שרייבערישער גאַנג פעסטיקט זיך און שטאַרקט זיך. מען דערזעט, אָדער, ריכטיקער, מען דערפילט, ווי די ריי איינצלנע מעשיות אין דער לענגערער דערציילונג פון העכער 100 זייטן, ווערן, אויף אַ קיפּניס־שטייגער, אָרגאַניש פאַרבונדן אין אַן איינהייט־לעכער גרויסער מעשה.

איין קליינע מעשה בתוך דער גרויסער מעשה הייסט „ראש־השנהביי טאָג״. די יינגלעך פון שטעטל קלייבן זיך צונויף אין אַ ווייטן גוייִשן געסל. אָפּגעטרייסלט אַ סך באַרעלעך פון אַ פאַר־לאָזטן באַרנבוים, זעצן זיך די יינגלעך אויס אויפן גראָז און נעמען זיך טיילן מיטן גוטס.

— איר ווייסט, יינגלעך, — רופט זיך אָן מיטן דרינגען יוינע די ליפּ, — פון וואָס כאַים־כאַנע דער אַלטער פאַרדינט געלט?... פון געפּייגערטע פערד.

יעדער איינער פון די יינגלעך ווייסט אַקוראַט, — יעדער עפּעס אַנדערש, אַז חיים־חנא קויפט אויף אַלטע פערד און לאָזט

זיי פֿאַרהונגערן אין גרויסן הויף נעבן דער מיל, ביז זיי פּגרן. ניין, ער דערשטיקט זיי דאָרט. ניין, ער ברענגט זיי אום מיט אַן אַנדער מיתה משונה. און משה-בונים, דער „קהלישער מענטש", האָט מיט זיינע אייגענע אויגן געזען 12 אַלטע פערד פּאַשען זיך דאָרטן, אינעם פּוסטן הויף.

צייט איז פֿאַראַן, אויפּטאָן עפּעס גלוסט זיך — אַ שרעק! לאָזן זיי זיך אַלע אַוועק ראַטעווען די פערד פון דעם רוצח, דעם היצל, אַ כאָלערע אין זיינע ביינער! אויפֿן וועג באַגעגענען זיי חיים-חנא מיטן בלינדן אויג, מיט די הויכע אויסגעבויגענע פּלייצעס גיין פון דאָרטן — מיט די הענט פֿאַרלייגט פון הינטן, מיט נאַסע אָפּענע ליפּן איבער דער קאָזענער באָרד און מיט דער רויטער פּאַטשיילע אויפֿן האַלדז פֿאַרבונדן...

אינעם פּוסטן הויף געפינען זיי נישט 12, נאָר אין גאַנצן איין פערד, אַ ווייסער „משיח", אַ הויכער, אויסגעמאָגערטער, עפּעס אַזוי ווי אַ פֿאַרטשאַדעטער. פון גרויס רחמנות צום פערד, אַ שטומע צונג, נעמט די חברה זיך עסקען אַרום אים, ביז די „שטומע צונג" האָט עפּעס מאָדנע אונטערגעהויבן די הינטערשטע פיס און האָט דערלאַנגט וויגדערן, דער שטערנזעערינס. נאָך אַ נס, וואָס נישט אין די ציין, נאָר אין קני אַריין. וויגדער האָט, אמת, געזאָגט, אַז ס'איז אַ ליגן, ס'טוט גאַרנישט ווי, אָבער חברה האָבן זיך איינגעשטעלט פֿאַר וויגדערס און אויך פֿאַר זייער אייגענעם כבוד. און אַלע אין איינעם האָבן זיי אויסגעלאָזט דעם כעס און פֿאַרדראָס, וואָס האָט זיך ביי זיי אָנגעזאַמלט שוין פון לאַנג. זיי האָבן אים אָנגעלערנט, אַז נישט אַלע מאָל דאַרף אַ פערד זיך בריקעווען. דער עיקר ווען מענטשן קומען פון זיין טובה וועגן, און...

„...דאָס פערד איז אומגעקראָכן צווישן די ראש-השנה-דיקע ייִנגלעך אַ נאַקעטס, אַ הוילס, אָן אַ שטאַל, אָן אַ דראָ-בינע און אָן אַ וואָגן...".

שפּעטער האָט זיך חברה דערמאָנט, אַז זיי זענען געקומען ראַטעווען דאָס אָרעמע באַשעפעניש פונעם מערדערס הענט. האָט משה־בונים, דער „קהלישער מענטש״, אָפּגעזאָגט אַן אָפּשייד־הספד מיט אַ דאַוונענדיקן קול, ווי זיין זיידע טוט עס אויף אַ רייכער לוויה; יונה דער שפּרעכערינס האָט אונטערגעכאַפּט מיט אַ גאַר וואַזשנעם אָפּשייד־שפּרוך. אויסגעשפּיגן דריי מאָל, צעעפנט דאָס טויער, האָבן זיי פאַרטריבן דאָס פערד העט ווייט — ביז צום קאַמינער וואַלד.

נו, און דער סוף פון דער מעשה? דער סוף געפינט זיך שוין אין אַ צווייטער מעשה בתוך מעשה — אינעם קאַפּיטעלע: „נפתלי און זיינע שקאַפּעס״. לאָזט זיך אויס, אַז דאָס ווייסע פערד איז גאָר נפתליס. פאַרלאָרן די פענטע איז „משיח״ פאַרקראָכן אין פוסטן הויף און זיך דאָרט גענורעט, ווי עס פּאַסט פאַר אַ פערד אין טיפן עלטער.

בעצם קויפט אויך נפתלי אַן אַלט פערד, אַן אַלטע שקאַפּע. אָבער ער פּירט מיט זיי אַרום זאַמד אָדער ליים. טאָמער פאַלט ביי אים אַ פערד, פאַרקויפט ער די אָפּגעשונדענע הויט — און קויפט אַ נייע לעבעדיקע נבלה. דער וואָגן איז ביי אים אַ צעשאָ־טענער, די רעדער, פון פאַרשיידענע גרויס, זענען אָן שינעס, דער שפּאָן — צונויפגעשטוקעוועט פון בענדלעך און פון אַלטע ציצות. קורץ, ס׳גייט אים גוט, נפתלין דעם לץ און דעם וויצלער: אַ גילדן — אַ וואָגן זאַמד; אַ גילדן — אַ וואָגן ליים.

קוים דערזעען די קינדער פון דער ווייטן נפתלין מיט זיין געשפּאַן, — לויפן זיי זיך צונויף פון אַלע זייטן. נפתלי שרייט ביז לב השמים, און זיי קריכן דערווייל אויפן וואָגן. זיי רייסן ביי אים אַרויס אַפילו די ווישקעס פון די הענט און ליאַרמען, קריגן זיך פאַרן זכות אָנצוטרייבן מיטן פערד.

„שטילער ממזרים! — צעשרייט זיך נפתלי איבערן גאַנצן מאַרק. — אָט וואַרף איך אייך אין גאַנצן אַראָפּ צו אַל די שוואַרצע יאָר!

איציק קיפּניס

**נאָר ס'אַ ליגן, די קינדער ווייסן עס"...**

די דערציילונג „צום נייעם לעבן" האָט קיפּניס געשריבן מיט אַ לאַנגער שווערער קייט יאָרן פאַר „מיין שטעטעלע סלאָוועשנע", — אַט דער קרוין פון אַלע זיינע ווערק. אָבער דעם לייענער דאַכט זיך, אַז צווישן זיי איז כמעט נישטאָ קיין גרענעץ. עס דאַכט זיך אים אַפילו, אַז די צוויי קאַפּיטלעך, באריכות דאָ איבערדערציילטע, זענען אַ מין אַריינפיר צום „שטעטעלע סלאָוועשנע". די קורצע ראש־השנהדיקע קינדער־ממלכה, זייער צער בעלי־חיים, פאַרקערעוועט אויף קרומע קאַפּויר־וועגן, נפתלי, דער אוהב־קינדער, און דער עיקר: די זעלבע איינהייטלעכע אַטמאָספער, די זעלבע עמאָציאָנעלע הימל־און־ערד. און וואָס איז באַזונדערס אינטערעסאַנט: שוין דעמאָלט האָט קיפּניס געשילדערט, אָפּגעמאָלט אַ געשטאַלט מיט אַ פּאָר שאַרפע פּרעציזע שטריכן. חיים־חנא מיט די הויכע אויסגעבויגענע פּלייצעס, מיט דער רויטער פּאַטשיילע אַרום האַלדז, דאָס ווייסע פערד צווישן די „ראש־השנהדיקע" יינגלעך — אַ נאַקעטס, אַ הוילס, אָן אַ שטאַל, אָן אַ דראַבינע און אָן אַ וואָגן, די ליאַרעמדיקע חברה־קינדער אויף נפתליס צעטרייסלטער, צעשאָטענער פור — זיי אַלע בלייבן אָפּגעהיט אינעם זכרון פונעם לייענער, ווי בילדער פון זעלטענעם קינסטלערישן ווערט.

דאָס איז באַזונדערס אינטערעסאַנט, ווייל קריטיקער האָבן נישט איין מאָל, פריִער און שפּעטער, געזאָגט און איבערגעחזרט: קיפּניס דער שרייבער זשאַלעוועט נישט קיין דערציילערישע רייד. מעגלעך, אַז דעם־אָ איינדרוק האָט אַרויסגערופן די שטראָמיקע שפּע פון זיינע שאַפונגען. און אפשר נעמט זיך אַזאַ איינדרוק דערפון, וואָס טיר און טויער פון קיפּניסעס שאַפונג זענען פאַר גרויס און פאַר קליין שטענדיק ברייט און גאַסטפריינדלעך אָפן. וואָס די סיבה זאָל נישט זיין, דאַכט זיך דעם לייענער, אַז קיפּניסעס אַזוי גערופענע „באַרעדעוודיקייט" איז אַן אילוזאָרישע, אַ געדוכטע.

באַרעדעוודיק? סייווינטער, סיי זומער איז דאָך דער טאָג פאַר קיפּניסן צו קורץ; און די נאַכט קומט פאַר אים, שטענדיק, צו פרי. בלייבן שוין אָן אַ שיעור טיף־באַליידיקטע טאָג־איינדרוקן, וואָס קיפּניס באַוויזט נישט צו זאָגן וועגן זיי אַ וואָרט.

„ווינציק זאַכן פאַרשלאָפט אַ מענטש אין דער נאַכט, און דערנאָך טוט אים באַנג?", — האָט איציקן נאָך יינגלוויז פאַרדראָסן.

אין די זעלטענע פאַלן, ווען איציק איז דעמאָלט געווען וואַך אויך אין דער נאַכט, האָט ער געהאַט אַ שאַרפן געפיל, אַז די גאַנצע וועלט איז זיינע. עס האָט אים זייער געאַרט, וואָס די הענט זענען צו קליין און צו שוואַך, כדי ער זאָל קאָנען זי, די וועלט זיינע, אַרומנעמען. „ס'איז אַלצדינג אַזוי געשמאַק!" — האָט ער אויסגערופן, ווי ער האָט אָפט אויסגערופן און רופט אָפט אויס אין אַלע זיינע ווערק. אָט־די בליץ־אויסרופן, וואָס כוואַליען אַרי־בער מיט גוטסקייט אָדער פאַרדראָס, מיט פרייד אָדער טרויער, זענען אומעטום פול, איבערפולט מיט נישט אַרויסגעזאָגטע רייד. און בכלל — דערזאָגט נישט קיפּניס דער שרייבער, אַ סך מער ווי ער זאָגט. און ער פאַרלאָזט זיך דערביי אויף זיין לייענער, ווי מען פאַרלאָזט זיך אויף זייער אַ נאָענטן פריינד.

דעם לייענער איז אָפט אַ חידוש: פון וואַנען נעמען זיי זיך, אַזוי פיל ריינע ליכטיקע מענטשן, וואָס איציק באַגעגנט זיי אויף די פאַרשיידענע וועגן, אין די פאַרוואָרפנסטע ווינקלען? זאָל עס זיין, אַז אין איציקס אויג איז פאַרבאָרגן אַזאַ מין כישוף־לאַמטערן, וואָס זוכט אויס, אַליין פון זיך, איין מענטש שענער און בעסער פונעם צווייטן? זאָל עס זיין, אַז וואָס מער מענטשן ער טרעפט, ווערט זיין האַרץ אַלץ גרעסער און ברייטער? מן־הסתם איז דאָך אַ קלענערער אָדער גרעסערער טייל צווישן זיי געבוירן געוואָרן אין קאָפּ און אין האַרצן ביי אים, ביי איציקן טאַקע, אויפגעוואַקסן

אין קיפּניסעס געדאַנק און געפיל. ווער פון זיי? — דאָס איז שוין דער סוד פונעם מחבר. אָבער סיי־ווי, פון וואַנען זיין ליכטיקער העלד זאָל נישט שטאַמען, — טוט איציקן באַנג זיך שיידן מיט אים. גיט ער אים מיט אַן אינעווייניקסטע ברכה אויף שפּעטער: „אַז אַ־ווו ער זאָל זיך קערן און אַ־ווו ער זאָל זיך ווענדן, זאָל אים שטענדיק ווויל באַקומען!". און סיי ווי זענען זיי אַלע ווי איינער אויף פאַרן לייענער פונקט ווי גלייך פונעם צאַפּלדיקן לעבן אַרויס.

...אַט טרעפט איציק אין אַ ווייטן דאָרף אשרן פון זיין שטעטל *), וואָס פאָרט אַרום איבער די דערפער מיט אַ קאַסטן גלאָז אויף אַן אייגן פערד־און־וועגעלע. איצט איז שוין דער קאַסטן אויסגעליידיקט. נעמט ער מיט איציקן אויף זיין פור אַהיים.

אַ באָרד פאַרמאָגט אשר דער גלעזער אַ קליינע, נאָר זייער אַ פריילעכע. אויגן אויך זייער יונגע, האָטש ער האָט שוין אויס־געגעבענע קינדער און די אייניקלעך רייטן שוין ביי אים אויף דער פּלייצע. אויפן וואָגן צערעדט מען זיך, פאַרנדיק, וועגן גוטע און שלעכטע מענטשן. דערמאָנט זיך אשר אַ געשיכטע פון „צוריק מיט אַ יאָר פערציק אַוודאי", מיט מענדלען פון זאַמיסלאַוויטש. דאַכט זיך, אַ פּראָסטער דאָרפישער ייִד, אָבער פאַר אים מיטן ווייב און קינדער איז דער גרעסטער פאַרגעניגן אין לעבן, די גרעסטע פרייד און תאוה, שטענדיק געווען צו האָבן אַ גאַסט, ניין, אַ סך געסט ביי זיך אין שטוב...

...אין וועג האָט מען זיך אָפּגעשטעלט. צעלייגט אַ פייער און געפּראַוועט אַ סעודה אין וואַלד. געזעסן אויף קישנס פון גראָז, געגעסן אויף טישטעכער פון פּאַפּיר. דער שייטער פון דער זייט האָט געקנאַקט מיט זיינע בייטאָגיקע בלויע פייערלעך און אַלץ וואָס זיי האָבן אַריינגעפּאַמפּלט, האָט געהאַט דעם זיבעטן טעם...

---

*) „גאַסטפריינדשאַפט" (1938) — י. קיפּניס אינעם באַנד דערציילונ־גען „צום לעבן", „סאָוועטסקי פּיסאַטעל", מאָסקווע, 1969.

און באַלד זיצן זיי שוין צוריק אויפן וואָגן. מיטןליידיקן גלאָזקאַסטן הינטער די פּלייצעס. פון ביידע זייטן ציִען זיך גרינע זוניקעביימער; אין מיטן — אַ וועג, וואָס פירט דורך וואַלד, דורך פעלד, דורך דערפלעך... און נאָך אַ מאָל אַ וועלדל און ווידער אַ דאָרף... און אשר מיט זיין פריילעך־באַרעדעוודיקן בערדל, מיט זיין יונגן לעבעדיקן, פילזאָגעוודיקן בליק, רעדט ווייטער וועגן אַ קייט אויסטערלישע פּאַרלויפעניש, וואָס הייבן זיך אַלע אָן און לאָזן זיך אַלע אויס מיט דער ברייטער גאַסטפריינדלעכקייט פון מענדל דעם זאַמיסלאָוויטשער און זיין גאַנצער משפחה...

די הנאה פון דער סעודה אין וואַלד און פון דעם זוניק־גרינעם וועג; די הנאה פון אשר דעם גלעזער, וואָס דערציילט און פון קיפּניס דעם שרייבער, וואָס הערט, איז אַזאַ געזונטע, קרעפטיקע און זאַפטיקע, אַז דער מחבר איז זיך אַליין מקנא... און פאַרענדיקן פאַרענדיקט קיפּניס זיין דערציילונג, וואָס הייסט „גאַסטפריינד־שאַפט", אַזוי:

„...קיין פורגעלט וועט שוין ביי מיר אשר נישט נעמען, איך זאָל אַפילו טאַנצן פאַר אים אויפן דאַך. נאָר וואָס?... איין זאַך וועל איך ביי אים פועלן, ער זאָל ביי מיר צונעמען דאָס מעשהלע פאַר אַ מתנה. ווי איך דרוק עס נאָר אָפּ, אַזוי שיק איך עס אים גלייך צו, און זאָל ער לייענען".

געוויס, איציק האָט ליב געזונטע, פריילעכע מענטשן, אַזוי ווי די מאַמע. ווי דער טאַטע — האָט ער גרויס פּיעטעט פאַר בעלי־מלאכות, וואָס זענען קלוג אין זייער פאַך. אָבער, ווי זיי ביידע, האָט איציק אַ טיפע פאַרשטענדעניש פאַר מענטשן, וואָס זענען געקריוודעט פון גאָט און פון לייט, אָדער זיי האָבן סתם נישט קיין מזל און גיבן זיך נישט קיין עצה אין לעבן. פון שטענדיק אָן ציטערט אין אים דאָס האַרץ פאַר זיי אַלע מיט יענעם סאָרט געזונטן רחמנות, וואָס טראָגט אין זיך אַ געפיל פון מיטשולד, און נאָך מער: אַ געפיל פון אחריות פאַר יענעמס ביטערן גורל.

„איך ווייס נישט, ווי לאַנג וועט עס אַזוי זיין", — טראַכט יינגלווייז איציק, — „גרויסע שיינע הייזער און ווינציק קינ־דער; קליינע, נידעריקע שטיבלעך מיט אַ סך פאַרמורזעטע קינדערלעך אין שטוב און אַרום שטוב. און אַז מע דערלעבט דאָרטן אַ חתונה, איז עס אַ הונגעריקע, אַ קאַרגע, אַן ענגע און קיין מאָל נישט קיין אויסגעצאַלטע. דאַכט זיך, מען צאָלט און מען צאָלט און מען קאָן זיך אַלץ נישט אַרויסקאַראַבקען".

(פון „מיין שטעטעלע סלאָוועשנע")

ווי רייך, ווי ברייט, ווי טיף זענען שוין, דאַכט זיך, אויסגע־שעפּט די שטופּעס פון אָרעמקייט אין דער יידישער ליטעראַטור. און דאָך איז די אָרעמקייט פון „סלאָוועשנע און אומגעגנט" (אַזוי הייסט קאַפּיטל איינס אין „אונטערוועגנס"), — פון גאָר אַ באַזונ־דערן מין. די ווערטער: אָרעמער מענטש, אָרעמאַן, קבצן, אָרעמע קינדער, אָרעמע־לייט, אָרעמע שטיבער, אַן אָרעמע גאַס, אַן אָרעמע חתונה און אַן אָרעמער ברית — חזרן זיך איבער אַן אַ שיעור אין זיין שאַפונג. עס טרעפט אַפילו עטלעכע מאָל אויף איין געדרוקט זייטל. אָבער די אָרעמע מענטשן גיסן זיך נישט צונויף ביי אים אין אַן איינהייטלעכע מאַסע. און בכלל איז דער „אָרעמאַן" ביי אים קיין מאָל נישט קיין נעבעך. יעדער איינציקער איז אַן אינטערע־סאַנטע, אָריגינעלע געשטאַלט, מיט אַן אייגענעם, שאַרף אויסגע־שפּראָכענעם כאַראַקטער, מיט אַן אינעווייניקסטן בונטאַרישן, ווידער־שפּעניקן חלום און טרוים. מיט איין וואָרט: אין קיפּניסעס אַרמיי פון „אָרעמע־לייט", דערוואַקסענע און קינדער, האָט יעדער פון זיי אַ באַזונדערן הויכן מענטשלעכן ראַנג.

אויסגעטיילט צווישן זיי שטייען די משוגעים, וואָס האָבן ביי איציקן אין זיינע פרי־יינגלשע יאָרן אַרויסגערופן פיל אומרו. און בשעת קיפּניס, דער רייפער שרייבער, דערציילט וועגן זיי אין „מיין שטעטעלע סלאָוועשנע", וויל ער בשום אופן נישט זיי זאָלן בלייבן סתם משוגעים. אָט קומט פון ערגעץ־ווו אַ סלאָוועשנער

חסר־דעה אַהיים אויף אַ קורצער צייט. ער איז אַ שטילער, רירט קיינעם נישט אָן, לאָזט פון זיך נישט הערן קיין בייז וואָרט. פאַרן אַוועקפאָרן גייט ער אַריין אין בית־מדרש, שטעלט זיך אויף דער בימה און גיט אַ קלאַפּ אין טיש: „רבותי, איך בין אייך מכריז און מודיע, אַז איך פאָר אַוועק פון דאַנען, און איר זאָלט זיך זוכן אַן אַנדער משוגענעם!" ווער עס האָט געלאַכט, און ווער עס האָט אַ טיפן קרעכץ געטאָן. אַזוי פאַרענדיקט קיפּניס די מעשה, וואָס ער רופט זי אָן „דער ביטערער שפּאַס"...

און נאָך אַ משוגענער... קיינער פאַרשטייט נישט, וואָס ער רעדט. קיין אלף אין סידור קען ער נישט. אָבער דער מחבר באַוואָרנט זיך, אַז ער איז, חלילה, נישט קיין אומזיניקער. ער איז פּשוט אויסגעוואַקסן צו גרויס, טאַנצט ער אַרום באָרוועסערהייט אין די גאַסן. לסוף ווערט ער פאַרברענט צוזאַמען מיט דער שטוב. אייניקע סלאָוועשנער האָבן זיך שטאַרק געחידושט: „גיי, פרעג ביי גאָט, וואָס איז ער דאָ אויסן געווען?". אַנדערע האָבן געדרונגען, אַז אין דעם יינגל איז געזעסן די נשמה פון אַ גרויסן צדיק. כדי אַריינצוגיין אין גן־עדן ציכטיק און ריין, האָט דער צדיק געדאַרפט נאָך אַ קלייניקייט אָפּקומען אויף דער וועלט, ווער ווייס: אפשר איז די גאַנצע שרפה געווען, כדי רופן דעם צדיק אַרויף. נו, איז דען נישט מקנא צו זיין אַזאַ יינגל און אַזעלכע עלטערן? אַזוי ענדיקט קיפּניס די צווייטע מעשה מיט אַ משוגענעם, פּונקט ווי ער זאָל פּרווון דערמיט אויסקויפן די סלאָוועשנער זינד קעגן דעם אומגליקלעכן יינגל.

און אויב שוין אויסקויפן די סלאָוועשנער זינד, — טוען עס, מיט זייער ווערן אַליין, צוויי וווּנדערלעכע סלאָוועשנער געשטאַלטן: שמערעליכע און טוביה דער קעסלער. זיי זענען,ביידע, צווישן די פּרייטאָגדיקע אַריינגייער צו איציקס מאַמע, אָבער נישט נאָך אַ נדבה — ביידע קומען זיי נאָך צדקה־הילף.

מיט שמערעליכען האָט מען זיך געקאָנט טרעפן פריִער אין קיפּניסעס דערציילונג „צום נייעם לעבן"; אין שמערעליכע דער־

מאַכט מען זיך, שאַרף־אַסאָציאַטיוו, שפּעטער, ווען מען לייענט אַלעקסאַנדער סאָלזשעניצינס „דער הויף פון מאַטריאָנאַ" (1963) — וועגן דער אָפּגעלאָזענער, פאַרוואָרלאָזטער מאַטריאָנאַ, דער רוסיש־דאָרפישער למד־וואָווניצע. שמערעליכע איז אַן עלטערע ברייטלעכע יידענע מיט אַ פּאָר געשוואָלענע פיס. זי וווינט מיט איר איניקל אויפן שליאַך אין אַן אָרעמער, פון אַלטקייט שוואַרצער דירה. יעדן פרייטיק לאָזט זי זיך אַרויס אין שטאָט באַהאָנגען מיט סודותדיקע טאָרבעס און טאָרבעלעך: פּאָר חלה, פּאָר פאַרשיידענע סאָרטן פון שפּייז, פּאָר קליין געלט און אויך מיט אַ האַטשיק — פּאָר ליכט צום בענטשן. זי גייט אַרום פון שטוב צו שטוב, קלייבט צונויף אויף שבת און אויף אַ גאַנצער וואָך וואָס נאָר עס לאָזט זיך, פאַר זיך אַליין און פאַר אַ סך אַנדערע קבצנים. זיך נעמט זי, געוויינלעך, נישט מער ווי עס פאַלט אויס אויף איר חלק. דאָס רוב צעטראָגט זי, נאָך פרי פאַר נאַכט, אין באַשטימטע אָרעמע הייזער, ווו מען וואַרט, מען קוקט שוין אַרויס אויף איר מתן בסתר, צווישן זיי אויך די שטערנזעערין, פריבע די לאַנגע... איציקס מאַמע, מיט אַ פאַרבאָרגענעם חוש צו דערקענען מענטשן, איז גוט צו שמערעליכען. „דער מענטש, וואָס איז אַליין אָרעם" — זאָגט די מאַמע ליבקע —„אים מעג מען גלייבן. ביי אים איז דאָס האַרץ ערלעכער און ריינער"...

און טוביה דער קעסלער? אַ פּשוטער בעל־מלאכה ווייט אַריבער די זיבעציק, אַרבעט ער נאָך אין זיין פאַך. אָבער פרייטיק מאַכט ער זיך פריי, און גייט איבער דער שטאָט נאָך תלמוד־תורה־געלט. קיין תלמוד־תורה איז נאָך דערווייל אין שטאָט נישטאָ. האָט מען עטלעכע אָרעמע תלמוד־תורה־ייִנגלעך צעשטעקט ביי פּאָר־שידענע מלמדים. טוביה אַליין קאָן קוים אַ קאַפּיטל תהילים זאָגן, אָבער עס איז אים טייער, עס איז אים שטאַרק טייער, אַז יידישע קינדער זאָלן זיך לערנען, אָרעמע — נאָך בילכער פון רייכע. ער ווייסט אויפן קאָפּ וויפל קינדער ער האָט ביי די מלמדים.

ער ווייסט, אַז דעם מלמד מוז מען באַצאָלן. יענער קאָן נישט וואַרטן, ער איז אַליין אַן אָרעמאַן. און טוביה דער קעסלער, ביי אַזעלכע אַלטע יאָרן, איז גרייט אין אַ האַלבן טאָג אויסלויפן די גאַנצע שטאָט... „אַ קוק טאָן אויפן אַלטן פון דער זייט" — רופט קיפּניס אויס — „וועט פאַר אים קיינער קיין דריי גראָשן נישט געבן, אָבער אַ קוק טאָן צו אים אין זיין טייער יידיש האַרץ — אוי איז דאָרט ליכטיק און שיין".

אין אַ שאַרפער קאָנטראַסט־שיין צו שמערעליכע און טוביה דעם קעסלער — דערשיינט מאָשקע, דער וואָכערניק, וואָס לויפט אויך אַרום פרייטיק. אמת, נישט נאָך תלמוד־תורה־געלט.

ווען איציק פאָלגט דער מאַמעס אַ געמיטלעכן פרייטיקדיקן גאַנג, טרעפט ער אין מאַרק מאָשקע דעם סטאַראָסטע. יענער האָוועט אַרום נאָך וואָכער־געלט אין די אָרעמע שטיבער, וואָס שטעקן ביי אים מיט וועקסלען און משכנות. ער רייסט אַרויס ביים אָרעמען מענטשן „אַ שטיק לייב" אין איינעם מיטן בלוט, וואָס ער זויגט, ווי אַ שפּין, טראָפּנוויז. קיינער זאָגט אים דאָרט נישט קיין קרום וואָרט. מען באַגלייט אים בלויז מיט שטומע בליקן. און ווען די גוטע ברכות, וואָס מען שיקט אים נאָך, וועלן מקוים, — וואָלט ער, דער וואָכערניק, זיך גוט דערקוויקט...

משה דער סטאַראָסטע איז נישט דער איינציקער „בלוטזויגער" אין קיפּניסעס ווערק, וואָס ווייזן, אַז איציק איז גאָר נישט פון דעם מין ווייכע, וווילינקע באַשעפענישן, וואָס נעמען אָן פאַר ליב אַלץ, וואָס דאָס לעבן און די מענטשן טראָגן אים צו. איציק קיפּניס, דער געקרוינטער מייסטער פון ליב האָבן, קאָן זייער גוט די מלאכה פון האַסן. ווי ביטער און שאַרף, ווי הייס און ביטער איז זיין אָפענע שנאה צו די אוממענטשן אין די כלערליי פּאַגראָמען, וואָס איז אויסגעפאַלן אויף זיין גורל מיטלעבן און איבערלעבן.

אַ באַזונדערע פרשה זענען די נישטיקע, פריקרע פּאַרשוינען, וואָס קיפּניס פאַרטיקט זיך אָפּ מיט זיי זייער שנעל. אָבער ער

טוט עס אַזוי קונציק, אַז ביים לייענער בלייבן זיי איינגעקריצט אין זכרון אויף זייער לאַנג.

...איציקן איז אויסגעקומען איבערצוגעכטיקן אַ מאָל אינעם שטעטל סענדעריווקע ביים דאָרטיקן לערער, אַ געלן יונגערמאַנ־טשיק, וואָס זיין ווייב איז מיידלווייז געווען אַ פאָטאָגראַף. דער לערער איז געווען זיכער, אַז אים קומט עפּעס אַ סך העכערס און שענערס פון סענדעריווקע. די גאַנצע וועלט, האָט ער גע־טענהט, מוז שטיין אויף אמת. און אמת איז מאַטעמאַטיק, ווייל מאַטעמאַטיק איז פּינקטלעך. און פאָטאָגראַפיע איז דער שפּיגל פון דער וועלט, אין וועלכן די וועלט קאָן פון אַלע זייטן זען, — וואָס פאַר אַ פּנים זי האָט. האַלט זי זיך טאַקע, די וועלט, אויף מאַטעמאַטיק און פאָטאָגראַפיע. דערצו האָבן ביי אים די קאָמוניסטן געהייסן „קאָמוניסטלעך", פּאָעטן — „פּאָעטלעך" און מענטשן — „מענטשעלעך"...

קיפּניס דערציילט וועגן דעם סענדעריווקער לערער פאַרביי־רעדנדיק, אין „אונטערוועגס". און שויִן. עס דאַכט זיך, אַז מער דערמאָנט אים קיפּניס אין ערגעץ נישט. אָבער דער לייענער האָט אים סיי אין לעבן און סיי אין דער קונסט, נישט איין מאָל געטראָפן, אים אָדער זיינעם אַ נאָענטן קרוב, זיך אָנגעשטויסן אויף אַ „דובליאַר" פון יענעם מאַטעמאַטיש־ און פאָטאָגראַפיש־פּינקטלעכן יונגערמאַנטשיק, וואָס אים איז נישט אָנגעשטאַנען סענדעריווקע און וואָס פאַר יענעם האָבן אויך נישט געפּאַסט: קאָמוניסטן, פּאָעטן און בכלל מענטשן...

די שרייבערין פון די שורות האָט דאָ נישט צופעליק געמאַכט דעם פּרווו, אַרויסברענגען אַ גרעסערע צאָל פון קיפּניסעס פער־סאַנאַזש, ווי וויטאַלע, לעבעדיקע מענטשן. ווי פריִער געזאָגט, האָט מען טאַקע ביים לייענען קיפּניסן אַזאַ מין געפיל. עס איז געוווג, דאַכט זיך, גוט אַרומקוקן זיך, וועט מען זיי, די העלדן

זײַנע, אײנעם נאָכן אַנדערן דערזען, אָדער ריכטיקער, דערפֿילן נאָענט נעבן זיך.

דעם אויבנאָן צווישן זיי פֿאַרנעמען נאָך אַ מאָל און אויף ס׳ניי קינדער. אָפּט נישט דערוואַרט, איבערראַשנדיק. די חברה ייִנגלעך, וואָס זענען ביי קיפּניסן אומעטום פֿול, זענען די ריכטיקע בעלי־בתּים פֿון שטאָט און נישט סתּם בעלי־בתּים. זיי טראָגן אויף זייערע קינדערשע אַקסלען אַלטע, געניט־אויסגעפּרוווטע קעפּ פֿון זייערע טאַטעס און זיידעס. זיי פֿילן די גרויסע אחריות, וואָס ליגט אויף זיי און פֿירן אַ באַזונדערן ייִנגלישן חשבון מיט קהל. זעלטן־ווען דערוווּסט מען זיך ביי קיפּניסן ווי אַלט איז דער אָדער אַנדערער ייִנגל. 6—7, אָדער הונדערט יאָר? ער הייסט וויגדער, הערשל, בונים, אַזריליק... אַ מאָל הייסט ער „איך" און, פֿאַרשטייט זיך, — איציק. זיי זענען ביז גאָר פֿאַרשידן צווישן זיך. יעדער אײנציקער מיט זיין שאַרף־אויסדריקלעכן צונעמעניש. זיי קומען פֿון אַנדערע משפּחות, שיכטן, ווינ־ערטער. אָבער אין משך פֿון דער צייט הייסן זיי אַלע ביים לייענער אין זכּרון: איציק, וואָס איז אַלט 6—7 און גלייכצייטיק אויך 100 יאָר. אפשר גלייכט זיי אַלעמען אויס קיפּניסעס ליבע צום קינד, וואָס ער ווערט דערמיט קיין מאָל נישט פֿאַרטיק. פּרווּט ער זי פֿאַרטיילן צווישן זיינע דערוואַקסענע העלדן: זאָלן אויך יענע פֿילן דעם טעם, ווי גוט עס איז ליב האָבן קינדער.

עס דאַכט זיך, אַז ווו, ווען, ווי־אַזוי עס ווערט אין קיפּניס־שאַפֿונג דערמאָנט אַ קינד, זינגען שטענדיק אין דעם מחברס געמיט ביאַליקס פֿאָר ווערטער: „אוי! מיר זאָל זיין יידישע קינ־דערלעך פֿאַר אײערע כּשרע אייגעלעך"...

זומער 1966 האָט די שרייבערין פֿון אָט־די שורות, נאָך אַן איבעררייס פֿון 45 יאָר, פֿאַרבראַכט אין מאָסקווע קנאַפּע 17 טעג און נעכט. קוים 408 שעה. מער קיין צייט האָט זי אין איר רשות נישט געהאַט, און נישט באַוויזן צו פֿאָרן קיין קיִעוו, — איר גע־

בוירן־שטאָט, כדי דאָרט, נאָך אַ האַלבן יאָרהונדערט, אויפזוכן באַקאַנטע גאַסן און הייף, זיך זען מיט קרובים און פריינד פון אַ מאָל, טרעפן זיך דאָרט מיט איציק קיפּניס.

אין אַ מאָסקווער יידישער שטוב האָט זי זיך אָנגעשטויסן אויף קיפּניסעס אַ קינדער־מעשהלע: „דאָס קעצל, וואָס האָט פאַרגעסן ווי אַזוי מען דאַרף בעטן עסן". איבערגעזעצט אויף רוסיש פון דער וווּנדערלעכער דיכטערין רחל בוימוואָל *). די צעשאָטענע זייטלעך פונעם ביכעלע זענען געווען, וואָרעמהאַרציק און זאָרגעוו־דיק אונטערגענייט, פאַרלאַטעט, צונויפגעקלעפּט. אַ פּנים, אַ סך מאָל געלייענט, איבערגעלייענט און אויסגעלייענט.

„יאָ! — האָט שטאָלץ באַשטעטיקט די יידישע באָבע פון דעם האַלב־יידישן מיידעלע — דאָס איז איר אייניקלס ליבלינג־מעשהלע". אָבער די העכער אַ מיליאָן עקזעמפּליאַרן, דערשינען (1963 און 1964) אין צוויי מאָסקווער מלוכה־פאַרלאַגן פאַר קינדער־ליטעראַטור, זענען שוין לאַנג אויספאַרקויפט. קיין ניי ביכעלע קאָן מען אין ערגעץ נישט קריגן...

איציק קיפּניס ענדיקט זיין הקדמה צו „מיין שטעטעלע סלאָ־וועשנע" אַזוי:

„מיר הייבן אָן — זאָל זיין אין אַ גוטער שעה, כ״א אדר שנת תשי״ז, 24סטער מערץ 1957. באַיאַרקע (מיט דער עלעק־טרישער באַן אַ האַלבע שעה פאַרעכץ פון קיִעוו)...

---

*) קיפּניס איסאַאַק נוכימאָוויטש — „דאָס קעצל, וואָס האָט פאַר־געסן ווי אַזוי מען דאַרף בעטן עסן"; מעשהלעך. איבערזעצט פון יידיש ר. באַומוואָל, צייכענונג וו. סוטייעוו. מאָסקווע, „דיעטגיז", 1963, 24 ז״ז, 350.000 עקזעמפּליאַרן.

קיפּניס איסאַאַק נאַכומאָוויטש — „דאָס קעצל, וואָס האָט פאַר־געסן ווי אַזוי מען דאַרף בעטן עסן"; מעשהלעך. איבערזעצט פון יידיש ר. באַומוואָל, צייכענונג וו. סוטייעוו. מאָסקווע, „פּראַוודאַ", 1964, 24 ז״ז, 750.000 עקזעמפּליאַרן.

אָבער אָנגעהויבן צו שרייבן וועגן „מיין שטעטעלע סלאָוועשנע" האָט דאָך קיפּניס אַ סך, אַ סך פריִער און האָט נאָך, מן־הסתם נישט פאַרענדיקט ביזן היינטיקן טאָג. פון דאָרטן, פון סלאָוועשנע, און צוריק אַהין, ציִען זיך פון קיפּניסעס ווערק אָן אַ שיעור שעפעריש־אַסאָציאַטיווע שטעגן און וועגן.

איציק קיפּניס האָט מיט „מיין שטעטעלע סלאָוועשנע" זיך געשטעלט פאַר אַ ציל: „טאָמער וואָלט עס געווען כאָטש, אין אַבי וועלכער מאָס, אַ מצבה אָדער אַ סימן פון אַ מצבה פאַר מיין געבורטשטאָט"... אָבער דער פנקס־סלאָוועשנע האָט זיך צעוואַקסן אין אַ ריזיקער קינסטלערישער רעקאָנסטרוקציע און רעסטאַוו־ראַציע פון איציקס געבוירן־שטאָט, ווו יעדער נאָמען, פרט, איינצל־הייט פונעם טיפן ים נעמען, פרטים און איינצלהייטן, ווערט הייליק אָפּגעהיט פון שיכחה. לייענט מען „מיין שטעטעלע סלאָוועשנע" — און עס קלינגט דערביי אַ ווייט־ווייטער קול וועגן איציק קיפּניס, דעם „שומר סלאָוועשנע":

„זע, עס שלומערט נישט און שלאָפט נישט דער היטער פון סלאָוועשנע"...

1971

ווען דאָס בוך איז שוין געווען אויסגעזעצט, איז אָנגעקומען פון קיִעוו די טרויעריקע ידיעה, אַז איציק קיפּניס איז דאָרט געשטאָרבן דעם 16טן אַפּריל 1974.

1974

# י. פאַפּיערניקאָוו

(40 יאָר ארץ־ישׂראלדיקייט)

**א.**

און גוט איז מיר, אַז מײַנע אויגן זענען אָפן,
ווי צוויי בעכער פון קרישטאָל.

**י. פאַפּיערניקאָוו: „מזרח־נעכט"**

עס וואָלט אַוודאי געווען אַ יושר צו י. פאַפּיערניקאָווס 40 יאָר ארץ־ישׂראלדיקייט — שרײַבן וועגן די לידער און פּאָעמעס, וואָס גייען אַרײַן אין זײַן יובל־בוך „פון צווייטן בראשית" (פאַרלאַג י. ל. פּרץ, 1964). געוויס וואָלט מען באַדאַרפט מאַכן אַ מין קינסטלערישן און סאָציאַל־געזעלשאַפטלעכן סך־הכל פון י. פאַפּיערניקאָווס דיכטונג פאַר די לעצטע פיר צענדליק יאָר. אָנהייבן דערמיט, ווי מען האָט דאָ אין לאַנד ספּאָנטאַנערהייט געקרוינט י. פאַפּיערניקאָוון פאַר בעסטן ניי־ארץ־ישׂראלדיקן פּאָעט. נישט בלויז אין יידיש, נאָר אויך אין עברית, מיט דער הסכּמה פון ח. נ. ביאַליק; דערציילן, ווי מען האָט אייניקע מאָל, אין פאַרשיידענע תּקופות, געפּרוווט נעמען ביי אים צוריק די קרוין; און ענדיקן דערמיט, ווי פעסט די קרוין האַלט זיך, ווי פון זיך אַליין, אויף זײַן קאָפּ ביז דער היינטיקער שעה און ווי זײַן ליד „האָראַ" (1930) — בלייבט ביז איצט די אמתע „האָראַ פון די האָראַס"...

אָבער עס ווילט זיך, דווקא און גראָד אין דער היינטיקער, פייערלעכער שעה, רעדן וועגן פאַפּיערניקאָוון דעם „תימנער" (טיי־מאָנער), ווי ער אַליין רופט זיך.

ווען פּאַפּיערניקאָוו קומט אַריין צו זיינע פריינד, לויפט די בעל־הביתטע מיט דער גלאָז זודיקער טיי — די טיי זאָל זיך, חלילה, נישט אָפּקילן אויפן וועג פון קיך. און ווען ער גייט אַוועק, ווייל ער דאַרף, ווי ער זאָגט, נאָך ערגעץ ווו „מאַנען טיי" — הילכט אָפּ אין דער שטוב צו ערשט אַ מין מאָדנע טיף שווייגן. שפּעטער, צו ביסלעך, נעמען זיך אויסטיילן פון דער שווייגעניש אַרויס איין מעשה און אַ צווייטע, וואָס ער האָט שטילערהייט דערציילט ביי דער קאָ־כעדיקער גלאָז טיי. זיי בינדן זיך, די מעשיות, זיי קניפּן זיך אַזוי ענג מיט די געשריבענע לידער זיינע און זכרונות, אַז אָפּט ווייסט מען שוין נישט, — צי האָט מען די אַדער אַנדערע מעשה פון אים געהערט, ביי אים געלייענט, און אפשר וועגן אים צוגעטראַכט.

איינס איז זיכער: די נטיה אויפצוכאַפּן אויסטערלישע, אומע־טיקע געשטאַלטן און אַריינגעמען זיי צו זיך, אין זיין אייגענעם געמיט, איז ביי פּאַפּיערניקאָוון ביזן היינטיקן טאָג געבליבן פּונקט אַזוי שאַרף ווי אַ מאָל אין זיינע פריסטע קינדער־יאָרן. וואָכן טאָקע אין זכרון פון זיין האַרץ אַ סך אַזעלכע געשטאַלטן.

אָט איז מאירל דער „סוכאָטניק". די מאַמעס פון פּאַפּיערניקאָווס אַמאָליקן וואַרשעווער הויף האָבן אָנגעזאָגט זייערע קינדער נישט דערנענטערן זיך צו מאירלען, כדי זיך, חלילה, נישט אָנשטעקן. פלעגט פּאַפּיערניקאָוו, דאָס שטילע און אומעטיקע קינד (אַזוי האָט אים גערופן זיין מאַמע), שטיין פון דער ווייטנס און זיך צוקוקן ווי יענער זיצט אויף די טרעפּ ביי דער טיר פון זיין וווינונג, אָדער אין דרויסן, אויף אַ בענקל פאַרן הויז, שטענדיק אין אַ לאַנגער, טונקעלער טוכענער קאַפּאָטע, דער דאַרער האַלדז אַרומגעוויקלט מיט אַ וואַרעמער וואָלענער שאַל. אונטער דעם הויכן למדנישן שטערן פון זיין אויסגעצויגענעם פּנים האָבן זיך געשוואַרצט צוויי גרויסע אויגן, ווי אויסגעלאָשענע קנויטן.

אָט איז דער בעל־הבית פון דער אָרעמער וואַרשעווער דירה, ווו פּאַפּיערניקאָוו האָט אַ מאָל געוווינט. אַ געוועזענער זייגער־מאַכער. טויט־קראַנק, איז ער אייביק געלעגן אין בעט און זיך

איינגעהאָרכט אין דעם גאַנג פון די פאַרבליבענע ביי אים זייגערס. מיט אַ הייזעריקן כריפּ האָבן די זייגערס אויסגעשלאָגן די שעהען — קיין מאָל נישט צו דער ריכטיקער צייט. איין זייגער צו שפּעט, אַ צווייטער צו פרי. און דערביי איז דער שאָטן פון אַ זייגער־אומרו אַרומגעלאָפן, אויף דער וואַנט, הין און צוריק, ווי אַ פאַכנדיקע געפּויסטע האַנט.

מיט יאָרן שפּעטער האָט פּאַפּיערניקאָוו געוווינט אויף אַ תל־אביבער דאַך און זיך באַרימט, אַז גאָט צו דאַנק, ער האָט שוין „אַ דאַך אונטער די פיס"... נישט ווייט פון זיין דאַך־היים, האָט ער דעמאָלט יעדן טאָג געזען אַ מענטשן מיט אויסגעדרייטע הענט, וואָס איז געזעסן פאַר דער טיר פון זיין בלעכער־וואַרשטאַט. אַלע אַרבעטן אין ווערקשטוב האָט געמאַכט זיין קליינע, דאַרינקע פרוי, און ער, דער בלעכער אַליין, מיט דער אויסגעגייטער יאַרמלקע אויפן קאָפּ, האָט דורך אַ פאַרגרעסער־גלאָז, געלייענט אין אַ בוך. פּאַפּיערניקאָוו קאָן גאָרנישט פאַרגעסן, ווי דער מענטש, וואָס איז מיט עפּעס וואָס געווען ענלעך צו אַנאַטאָל פראַנסן, האָט איין מאָל פאַר אים פּאַטע־טיש גערעדט וועגן דעם, אַז דער עיקר אין לעבן איז דער פיזישער כוח, די שטאַרקע פויסט. און דערביי האָט ער געקלאַפּט אין טיש מיט זיין אייגענער פויסט — אויסגעקרימט, ווי אַ צעבויגענער לייכטער.

גאָר אַ באַזונדערן אָרט פאַרנעמען ביי פּאַפּיערניקאָוון די שטענ־דיקע אַריינגייער אין דעם „מטבח הפועלים", דער תל־אביבער אַר־בעטער־קיך. יענע אייביק־איינזאַמע, ווי ער רופט זיי, וואָס האָבן נישט געפונען פאַר זיך קיין היימישערן ווינקל אין לעבן. אָט איז אַ פרוי, וואָס קומט אַהין שטענדיק אַריין מיט אַ בוך אונטערן אָרעם. זי עסט אָפּ, גייט אַריבער צו אַ ווייטלעך, זייטיק טישל און דאָרט שרייבט זי בריוו. שוין יאָרן לאַנג, טאָג־איין טאָג־אויס, שרייבט זי עמעצן בריוו. ווער דער עמעצער זאָל נישט זיין, איז פּאַפּיערניקאָוו זיכער, אַז זי שיקט אירע בריוו קיין מאָל נישט אָפּ...

איינגעהאַלטן, קורץ, ווי יעדעס וואָרט זאָל זיין אַ רענדל, דערציילט

פּאַפּיערניקאָוו וועגן די מיטעסערס זיינע פונעם „מטבח הפּועלים" אין משך פון 25 יאָר; וועגן די מיטוווינערס פון אַלע זיינע היגע פּראָוויזאָרישע היימען; וועגן נאָך און נאָך מערקווערדיקע געשטאַלטן, וואָס ער האָט ערגעץ־ווו, ווען עס איז געטראָפן און טרעפט זיי ביז היינט; וועגן מענטשן, וואָס בלייבן ביזן סוף פון זייער לעבן אויפן שוועל פון זייער אייגענער אומבאַהאָלפנקייט; וועגן מענטשן, וואָס האַלטן אין איין אַרויסראַטעווען זיך פון אַ ים מיט עלנטקייט, אין איין בויען, צעוואַרפן און בויען אויף ס'ניי — אַ בריק און נאָך אַ בריק צום אייביק־פרעמדן אַרום און אַרום.

ווען מען הערט זיך איין אין זיינע שטילע רייד וועגן דעם אַלעם, טראַכט מען, אַז אַזוי נאָכגיין, אַזוי באַלייטן די אומעטיקע טריט פון אַן איינזאַמען מיטמענטש, קאָן נאָר אַ דיכטער פון פאַלק. און מען דערמאָנט זיך דערביי, וואָס ח. נ. ביאַליק פלעגט דערציילן וועגן צוויי קונצנמאַכערס: דער ערשטער נעמט צונויף ביי גאָר אַ גרויסן עולם זייערע טייערסטע זאַכן, באַהאַלט זיי אין אַ קליין כישוף־בעכערל, קריכט צום סוף אַליין אַהין אַריין און פאַרשווינדט,— צוזאַמען מיטן בעכערל. ערשט שפּעטער אין דער היים, הערט דער צווייטער קונצנמאַכער נישט אויף אַרויסנעמען פונעם בעכערל גאַנצע אוצרות און טיילט זיי פונאַנדער — אויף לינקס און אויף רעכטס.

ביאַליק פלעגט פאַרענדיקן: דער ערשטער כישופמאַכער איז דאָס פאַלק, דער צווייטער — דער קינסטלער.

עס דאַכט זיך, אַז בשותפות מיטן פאַלק, פאַרמאָגט אויך פּאַפּיערניקאָוו אַזאַ כישוף־בעכערל. און ער ווייסט גאַנץ גוט, וואָס אַזוינס עס האָבן אַהין אין דעם בעכערל אַריינגעלייגט — דער זיידע, דער טאַטע און דער עיקר — זיין וווּנדערלעכע מאַמע.

פּאַפּיערניקאָוו דערציילט:

דער זיידע (פון דער מאַמעס צד) איז געווען אין אַ שטענדיקן קאָנפליקט מיטן רבונו של עולם. דאָס בלויזע וואָרט „נגיד" האָט אים שוין אויפגערעגט. בטבע אַ גרויסער שתקן, האָט ער זיינע טענות צום אייבערשטן אין הימל געהאַלטן אין זיך. שווייגנדיקער־

היינט האָט ער שטרענג אָפּגעהיט אַלע דינים פונעם שולחן־ערוך און מיט גרויס געדולד געטראָגן דעם שווערן יאָך פונעם לעבן. אָבער בשעת ער האָט געלערנט זיין אייניקל פּאַפּיערניקאָוו לייגן תפילין, האָט ער אים דערביי אָנגעזאָגט: דער עיקר איז נישט די תפילה, נאָר די כוונה. דער עיקר איז זיין אַן ערלעכער מענטש און האָבן אַ ייִדיש האַרץ.

דער טאַטע און די מאַמע זענען געווען קצבים. זיי ביידע זאָלן ווערן קצבים — דערצו האָט זיי געקאָנט ברענגען נאָר זייער ביטער מזל. דער טאַטע, אין דער יוגנט אַ וואַנדערער, איז ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן געבליבן אַ טרוימער. שבת און יום־טוב ביים טיש האָט ער, אַנשטאָט זמירות, געזונגען העברעיִשע און ייִדישע ציון־לידער, וואָס האָבן געטריפט מיט אַ נאָגנדיקער בענקשאַפט, ווי ברענענדיקע ליכט.

און די מאַמע? די מאַמע איז געשטאַנען אין דער אָרעמער, וואַרשעווער יאַטקע — אַ ציכטיקע, אַ פיין־פאַרקעמטע, אין אַ שטענ־דיק־קלאָרער ווייסער שירץ. אַ גאַנצן טאָג האָט זי זיך געראַנגלט, געקעמפט פאַרן אמת. און ווען עס איז געקומען די נאַכט, האָט זי אירע גרויסע טענות צו גאָט — פאַר זיך און פאַר אַנדערע — אויס־געשריִען, אַרויסגעוויינט פונעם שלאָף. נישט קיין צופרידענע, אַן אייביק זוכנדיקע, האָט זי געקאָנט זיך לאָזן גיין נאָך די קלאַנגען פון אַ גאַסן־שאַרמאַנקע, גיין נאָך זיי פון הויף צו הויף, ווי אַ פאַר־כישופטע. פאַר איר טאַקע האָט פּאַפּיערניקאָוו דער שווייגער ייִנגל־וויִז געלייענט אויף אַ קול שלום־עליכם, געזונגען פאַר איר מיט זיין ריין קלינגענדיקן קולכל. ווייל אַזוי צו הערן, ווי די מאַמע האָט געהערט, האָט נישט געקאָנט קיינער אין שטוב, און נישט נאָר אין שטוב...

אַזוי דערציילט פּאַפּיערניקאָוו...

און אָט האָט אַ ייִדישער דאָקטער פון קאָוונע איין מאָל אין תל־אביב דערציילט וועגן די פינצטערע טעג און נעכט אינעם נאַ־

**צישן לאַגער דאַכאַו; דערציילט, וואָס אַזוינס עס איז פאַר זיי דאָן געוועזן דאָס אַלט־אַלטע פאָלקסליד:**

זאָל זיין, אַז איך בוי אין דער לופט מיינע שלעסער,
זאָל זיין, אַז מיין גאָט איז אין גאַנצן נישטאָ...

**מען האָט באַדאַרפט לאַנג אַריינרעדן אין דעם דאָקטער, דעם ליטוואַק, ווייזן אים באַשיימפּערלעך פּאַפּיערניקאָוון דעם „טיי־מאַנער", באַווייזן באותות ומופתים, אַז סיי דער טעקסט און סיי די מעלאָדיע פונעם „אַלטן פאָלקסליד" האָט געשאַפן דער דיכטער י. פּאַפּיערניקאָוו...**

**און אָט איז דער יובל־אָוונט לכבוד די פערציק יאָר ארץ־ישראלדיקער דיכטונג פון י. פּאַפּיערניקאָוו אין דעם פול־געפּאַקטן תל־אביבער ליעסין־הויז. אַ יידישער מאָלער, ערשט וואָס געקומען פון פּאַריז, האָט פון אַ באַגריסונג־רעדע זיך פלוצעם דערוווסט, אַז דער מחבר פון די ווערטער און אויך פונעם ניגון אינעם פאָלקסליד „זאָל זיין, אַז איך בוי אין דער לופט מיינע שלעסער" איז י. פּאַ־פּיערניקאָוו, דער מענטש, וואָס זיצט איצט אויבן אָן אויף דער פייערלעכער בינע. און דער פּאַריזער מאָלער איז דערפון געוואָרן אַזוי גערירט, פונקט ווי ער וואָלט זיך מיט איין מאָל דערפילט אָן אייגענער, אַ היימישער דאָ אין לאַנד...**

**יוני 1964**

# נאַך אַ פּאָר ווערטער

## צו י. פּאַפּיערניקאָווס 40 יאָר ארץ־ישראלדיקייט

### ב.

איך זיץ אָצינד און טרינק די רו אין שאָטן פון אַ בוים,
וואָס נעכטן, דאַכט זיך, איז ער נאָך געווען דער גרינער טרוים,
דער חלום פון אַ סך חלומות ווען ווען ווען ווען ווען ווען ...

**י. פּאַפּיערניקאָוו: „אין שאָטן פון אַ בוים"**

**י. פּאַפּיערניקאָווס טרייע לייענערס ווייסן: נאָך יעדן יובל זיינעם, ווען עס זענען שוין, וואָלט זיך געדאַכט, אונטערגעפירט אַלע מעג־לעכע סך־הכּלען, באַווייזט ער זיך מיט אַ נייעם לידערבוך, וואָס וועקט פרישן נייגער און אינטערעס. און עס ווייסן זיינע גוטע־פריינד, אַז דווקא נאָך זיינעם אַ יובל, קומט ער אַרויס מיט נאָך־נישט־דערציילטע מעשיות, וואָס פאַרווישן אויף ס׳ניי די גרענעצן צווישן פּאַפּיערניקאָוון אין לעבן און י. פּאַפּיערניקאָוון אין דיכטונג.**

**די מעשיות, וואָס ער דערציילט ביי אַ היימישן טיש פון פריינד, ווערן קיין מאָל נישט אַרויסגערופן דורך אַ דרויסנדיקער אַסאָציאַציע. זיי קלינגען על פּי רוב אומגעריכט. אָבער זיי זענען ווייט נישט קיין צופעליקע. עס דאַכט זיך, אַז געטריבן פון אַ טיפן דראַנג טיילן זיי זיך אָפּ פון אַן אינעווייניקסטער קייט, שווימען אַרויף און באַלייכטן אויף אַ וויילע: אָט אַן עטאַפּ פון פּאַפּיערניקאָווס לעבנס־געשיכטע, אָט די שעפערישע אַטמאָספער פון זיינעם אַ ליד, אָט די תקופה, אין וועלכער ער האָט געלעבט און לעבט, אין וועלכער ער האָט**

געשאָפן און שאָפּט. און דערביי קומט שטענדיק צום פאַרשיין אַ נייער אַספּעקט פון אַן אַנדער מין בענקשאַפט. און בענקשאַפטן פאַר־מאָגט פּאַפּיערניקאָוו — גאָר אָן אַ שיעור. צווישן זיי הערט קיין מאָל נישט אויף זיך צו באַנייען זיין **בענקעניש צום וואַלד.**

ער האָט שוין אַ מאָל געהאַט געשריבן, ווי שטאַרק און ווי פריידיק עס האָט אים געצויגן אין פעלד, צום טייך און אין וואַלד ווען ער איז נאָך געווען אַ קינד „אַ שוואַכס און אַן אומעטיקס״. ער האָט שוין פריִער געהאַט דערציילט: בשעת ער באַזוכט אַ הויפּטשטאָט אין דער פּרעמד, בעט ער זיך שטענדיק ביי די גאַסט־געבער: „פירט מיך אין וואַלד!״. איין מאָל האָט ער, זייער גערירט, זיך דערמאָנט ווי אַ דאָרפישער ייִד איז געקומען קיין וואַרשע מיט אַ הייסן פאַרלאַנג אָנצוקוקן און זען אַ לעבעדיקן ייִדישן שרייבער. עס איז געווען אין די בלי־יאָרן פונעם ייִדישן ליטעראַטן־פאַראיין אויף טלאָמאַצקע 13. אַריינגעפירט דעם ייִד אַהין — האָט יצחק מאיר וויסענבערג. דער דאָרפישער גאַסט האָט פאַרמאָגט אַ פעיִקייט ווונדערלעך צו פייפן. און דעמאָלט, אויף טלאָמאַצקע, האָט ער דורך זיין פייפן אַרויסגעצויבערט אַ דאָרפישן טאָג פון גאַנץ פרי ביז שפּעט ביי נאַכט, און אויך די העל־ליכטיקע און טונקל־פינצטערע שעהען פון אַ קיילעכדיקן מעת־לעת אין וואַלד — מיטן רוישן פונעם ווינט צווישן די צווייגן, מיט די קולות פון חיות און פייגל. די ייִדישע שרייבערס האָט זיך דעמאָלט געדאַכט: זיי האָבן פאַרבראַכט אַ פאַרכישופטן טאָג און נאַכט אין אַ טיפן געדיכטן וואַלד...

גלייך נאָך י. פּאַפּיערניקאָווס פייערלעכן יובּיליי פון 40 יאָר ארץ־ישראלדיקער דיכטונג, איז פּאַפּיערניקאָוו געקומען צו זיינע פריינד מיט אַ ניי פּעקל וואַלד־מעשיות. דאָס מאָל זענען די מעשיות געווען אַלע היגע, ארץ־ישראלדיקע, און איבערגעלאָזט נאָך זיין אַוועקגיין, האָבן זיי, דאָס מאָל, עפּעס אַ מין אומרויִקן ביימער־שאַרכנדיקן צוגאָב צו זיין ערשט־וואָס דערשינענער „וואַלד־ראַפּ־סאָדיע״.

פּאַפּיערניקאָוו האָט דערציילט:

מיט קנאַפּע דריי צענדליק יאָר צוריק, אין חדרה, האָט אַ יונג מיידל אים פֿאַרבעטן אויף אַ שפּאַציר אין וואַלד. זענען זיי געגאַנגען און געגאַנגען ביז פּאַפּיערניקאָוו האָט געפֿרעגט: ווי ווייט עס איז נאָך צום וואַלד? — איך זעט גאָרנישט דעם וואַלד? — האָט דאָס מיידל געלאַכט. ערשט דעמאָלט האָט פּאַפּיערניקאָוו באַמערקט: ריכטיק, אַרום און אַרום זענען ביימלעך. אמת, נידעריקע, קלענער פֿון קליין, אָבער וואָס איז דען וויכטיק? צוזאַמען מיטן לאַכנדיקן מיידל האָט פּאַפּיערניקאָוו פּלוצעם דערפֿילט, אַז ער געפֿינט זיך טיף־טיף אין אַ געדיכט־שאָטנדיקן וואַלד...

אַ צווייט מאָל, אויך מיט יאָרן צוריק, האָט פּאַפּיערניקאָוו געמאַכט אַ קילאָמעטער־ווייטן שפּאַציר. געשפּאַנט צו פֿוס פֿון איין קיבוץ צום צווייטן אַליין, אויף אַ פּוסטן וויסטן וועג, פֿול מיט היציק־הייסע, שפּיציקע שטיינער, וואָס האָבן ווי גליִענדיקע קוילן געשטאָכן, געברענט און געשרפֿהט זיינע איינזאַמע טריט...

עס דאַכט זיך, אַז פּאַפּיערניקאָוו האָט ביים דערציילן נאָך צו־געגעבן (און אפשר נישט?), אַז מיט יעדן ווייטערדיקן שווערן שריט, איז די בענקעניש נאָך גראָז אונטער די פֿיס און נאָך אַ שאָטן פֿון ביימער איבערן קאָפּ געוואָרן אַלץ שטעכיקער און ברענענדיקער...

אין די פֿייערלעכע טעג פֿון זיין 40־יאָריקן יובילײ האָט פּאַ־פּיערניקאָוו זיך ווידער געלאָזט שפּאַנען מיטן אַמאָליקן וועג צווישן די זעלבע צוויי קיבוצים. ווידער אַליין. און יענער וועג גייט, ציט זיך און פֿירט איצט דורך אַ וואַלד מיט וואַלדיקע הימל און ערד, מיט אַ ים גראָזן און ביימער, מיט אָן אַ שיעור פֿייגל, מיט אַזוי פֿיל, שיִער נישט אומגלויבלעכע פֿאַרבן און קלאַנגען, אַז עס וואָלט זיך געדאַכט: זיי האָבן שוין געקענט שטילן דעם דאָרשט און דעם הונגער פֿון פּאַפּיערניקאָווס בענקעניש נאָך וואַלד...

אָבער די בענקשאַפֿט איז ביי פּאַפּיערניקאָוון, ווייזט אויס, אַן אייביקע, זי ווערט נישט געשטילט. וואָס מער ער זעט איצט אַרום זיך ביימער, אַלץ מער בענקט ער נאָך זיי — אויך אויף צוריק.

ער בענקט און קאָן קיין מאָל נישט גענוג זיך אָנבענקען, פונקט ווי די אַלעביימערלאָזע צייטן אין זיין לעבן טוען אים איצט נאָך מער וויי.

לעצטנס, אַזוי דערציילט פּאַפּיערניקאָוו, קומען אים ביימער אָפּט צו חלום. עס חלומט זיך אים, אַז ער דרייט זיך אַרום אין אַ טיפן וואַלד איינער אַליין. די ביימער זענען אויסטערלישע, זיי ציִען עפּעס מאָדנע צו זיך, איינציקווייז, און עס פאַרקלעמט פון יעדן איינציקן בוים אַנדערש דאָס האַרץ, פונקט ווי יעדער בוים באַזונדער וואָלט געווען פּאַפּיערניקאָווס אַ לייבלעכע, נישט אויסגעבענקטע בענקשאַפט. און נאָך עפּעס: אומרויִק ביז גאָר בלאָנדזשעט אַרום איבערן וואַלד אַ מאָדנע מין שרעק: טאָמער באַווייזט זיך ערגעץ ווו, נאָענט אָדער ווייט, אַ מענטש...

די שרעק פאַרן מענטש, וואָס בלאָנדזשעט אַרום אין פּאַפּיערניקאָווס חלום, — איז אַ לאַנגער, אָנסופיק קאַפּיטל אַליין פאַר זיך. אָבער אויך איצט, שוין נאָך זיין ארץ־ישראלדיקן יובילײ, ווילט זיך רעדן דווקא און גראָד וועגן זיין „בענקשאַפט פון די בענקשאַפטן", — דעם ברענענדיקן צאַפּל און ציטער פאַר יִידיש.

ווען פּאַפּיערניקאָוו איז צום ערשטן מאָל אין יאָר 1924 געפאָרן אַהער קיין ארץ־ישראל, האָט ער מיטגעפירט מיט זיך אַ שרעק: טאָמער לויערט דאָ, ביי די טויערן פון לאַנד, אַ שנאה צו יִידיש.

אין 40 יאָר אַרום האָט י. פּאַפּיערניקאָוו געשריבן אין דער הקדמה צו זיין בוך „דער צווייטער בראשית", אַז דער ציקל לידער „צער פון יִידיש" וועט דערשיינען שוין נאָכן יובל, אין אַ באַזונדערער אויסגאַבע.

וואָס, אויב נישט די בענקעניש נאָך יִידיש, צוזאַמען מיטן צער, האָט געפירט די העברעיִשע לערערין פון עיר הקודש ירושלים צו פּאַפּיערניקאָוון קיין תל־אביב? זי איז געקומען צו אים אין זיין ענגער היים, הויך אין אַ הויז אויף דער רש"י גאַס, און געבראַכט מיט זיך אַ פּעקל אירע אייגענע לידער אויף יִידיש. אויף יִידיש,

ווייל — אַזוי האָט זי פּאַרטרויט פּאַפּיערניקאָוון — ווייל די חלומות אין שלאָף חלומען זיך איר אויף יידיש...

פאַרשיידן ביז גאָר זענען די מענטשן, אַלט און אויך יונג, פון אויסלאַנד און אויך פון דאָ־הי; פאַרשיידן־מיניק ביז גאָר איז זייער בענקשאַפט נאָך יידיש, זייער דראַנג צו יידיש, וואָס זיי ברענגען אַרויף מיט זיך צו פּאַפּיערניקאָוון. אָבער די יידיש־מעשיות, וואָס ער דערציילט איבער ביי זיינע פריינד, זיי אַלע צוזאַמען בילדן אַ קערנדיקן, אָרגאַנישן טייל אינעם גייסט פון ישראל, וואָס הייסט ארץ־ישראלדיקייט.

אין שייכות מיט דער ארץ־ישראלדיקייט פונעם דיכטער י. פּאַ־פּיערניקאָוו, וואָלט מען געדאַרפט איבערזאָגן די לעצטע שורות פון זיין ליד „אין שאָטן פון אַ בוים" — און דערמיט, דערווייל, פאַר־ענדיקן די „נאָך אַ פּאָר ווערטער" צו י. פּאַפּיערניקאָווס יובילייִ פון 40 יאָר אין ארץ־ישראל:

...און מיר — אַן עדות פונעם צווייטן בראשית —<br>
גלויבט זיך קוים,<br>
אַז דאָס וואָס כ'זע פאַר מיינע אויגן איצט, איז טאַקע וואָר,<br>
אַז ס'שניידט די זיסע פרוכט פון ביטערניש —<br>
דער צווייטער דור,<br>
וואָס קען מיך נישט און ווייסט נישט ווער ס'איז דער,<br>
וואָס גאַפט און שטוינט<br>
און רעדט עפּעס צו זיך אַליין: געלוינט זיך, יאָ, געלוינט!...

אָקטאָבער 1966

# יעקב פרידמאַן*)

וואָרעם וואָס וואָלט ער געווען, מיר מיינען אים, גאָט אַליין,
אַן אונדזער געזאַנג, אַן אונדזער געוויין...

יעקב פרידמאַן

עס איז שווער צו רעדן וועגן יעקב פרידמאַנען און נישט דערמאָנען פריִער, זאָל זיין אין קאַרגע ווערטער, ווי קאָנטראַסטיש עס זענען געווען די וועלטן, אין וועלכע פרידמאַן איז געוואַקסן און האָט געלעבט. ווען ער וואָלט געמאַכט נאָטיצן, פאַרשריבן וואָס־אַזוינס ער איז אַדורכגעגאַנגען אין זיין לעבן — און אַדורכגיין הייסט דאָך איבערלעבן, אַריינטראַכטן און פילן — וואָלט געווען, זאָגט פרידמאַן, געניג און איבערגעניג שטאָף פאַר אַ פּאָר מאַסיווע ביכער.

יעקב פרידמאַן איז געבוירן און האָט די ערשטע קינדער־יאָרן פאַרבראַכט אין מילניצע, גאַליציע. דאָרט איז זיין פאָטער, וואָס האָט געשטאַמט פון דער ריזשינער גזע, געווען רבי. דעם פאָטערס רבישער הויף איז אַריבער קיין טשערנאָוויץ, דער הויפּטשטאָט פון בוקאָווינע — ווען פרידמאַן איז אַלט געווען ניין יאָר. נאָך דעם האָט ער אַ פּאָר יאָר געלעבט ביי זיין זיידן, אַ רבי אין וואַרשע.

*) דער אַרטיקל וועגן יעקב פרידמאַן (1910—1972) איז געשריבן אין יאָר 1963.

אַזוי אַרום איז אים אויסגעקומען צו דערקענען די חסידישע סביבה פון עטלעכע לענדער, צו יענער צייט געדיכט באַזעצט מיט ייִדן.

פרידמאַן האָט באַקומען אַחוץ דער רעליגיעזער אויך אַ וועלטלעכע בילדונג. ער איז געווען לערער און אויך לייטער פון אַ ייִדישן טעאַטער אין רומעניע און געקומען אין נאָענטן קאָנטאַקט מיט ברייטערע קרייזן פון דער דאָרטיקער ייִדישער געזעלשאַפט. דער אויסבראָך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט אים פאַרוואָרפן אין דעם לאַגער טראַנסניסטריע, ווו ער האָט זיך געפונען צוזאַמען מיט פאַרשיידנסטע שיכטן פונעם ייִדישן פאָלק. זיין שרייבערשער פאַרמעגן איז דעמאָלט באַשטאַנען פון אַ דראַמאַטישער פּאָעמע „אויסגעשטרעקטע הענט" (וואַרשע, 1933); אַ פּאָעמע „אדם" (טשערנאָוויץ, 1935) און אַ ביכל לידער „שבת", וואָס דערפון איז אַ פּנים נישט געבליבן קיין איין־איינציקער עקזעמפּלאַר, אויך נישט ביים מחבר.

נאָך דער באַפרייונג האָט ער געלעבט צוויי „נאָרמאַלע" יאָר אין בוקאַרעשט. געווען מיטרעדאַקטאָר פון די „בוקאַרעשטער זאַמלביכער". דאָרט איז אויך אויפגעפירט געוואָרן זיין רעווי „אונדזער שטייגער".

שפּעטער זענען געקומען צוויי יאָר צווישן די אינטערנירטע אויפן אינדזל ציפּערן, אין סאַמע מיט פונעם משונהדיקסטן ערב־רב, וואָס דער ייִדישער גורל האָט ווען עס איז צוזאַמענגעוואָרפן אויף איין אָרט, אין איין צייט.

קיין ישראל האָט פרידמאַן מיט זיין משפּחה דערגרייכט אין 1949. אַ צייט האָבן זיי געלעבט אינעם דאָרף בית־דגון, צווישן די ניי־אָנגעשטראָמטע עולים. איצט וווינען זיי אין רמת־אביב, אין דער נייער פאָרשטאָט פון תל־אביב, וואָס האַלט אין איין בויען זיך און וואַקסן.

אין משך פון די ערשטע פערצן יאָר אין ישראל זענען אַרויס זיינע צוויי לידער־ביכער „פּאַסטעכער אין ישראל", געווידמעט זיין פרוי קניה, (תל־אביב, 1953) און „די לעגענדע נח גרין" (ניו־יאָרק,

1960), און שפּעטער — די דראַמאַטישע פּאָעמע „נפילים״ (תל־אביב, 1963) *).

פרידמאַן איז געבוירן אין יאָר 1910, —

נו, איז וואָס? — טענהט ער — אָט פילט ער זיך אָפּט ווי אַ חדר־ייִנגל, אַ שד און לץ, וואָס חוזקט אָפּ פון אַלץ און פון אַלעמען און גרויסט זיך נאָך, אַז פון אַלע רבישע הויפן איז ער אַרויס נישט פרום. און אָט איז ער, אפשר אָפּטער, אַ מין מתושלח, וואָס אין אים האַלט אין איין אויפגיין און פאַרגיין אַן אַלט־נייער רעליגיעז געפיל, אַ מאָל אַפילו אַן עקסטאַטיש־דערהויבענער.

און ווען עס טרעפט זיך, אַז דאָס חדר־ייִנגל און מתושלח ווערן ביידע אין פרידמאַנען איינס, דעמאָלט דערזעט שוין (ווער עס זעט), ווי קרעפּטיק עס איז פרידמאַנס גלויבן אין מענטשן, אינעם מענטשישן געדאַנק; דערפילט שוין (ווער עס פילט), ווי נייגעריק פרידמאַן האָט ליב לעבן און ווי אומרויִק ער איז פאַרליבט אין דעם שעפערישן גייסט פון דער וועלט.

מעג שוין פרידמאַן, זיך אַליין אויף צו להכעיס, נישט איין מאָל אָפּלייקענען אַלץ־אַלץ: סיי דעם גלויבן, סיי די ליבע און סיי דאָס זיין פאַרליבט.

אָבער פרידמאַן אַליין דערציילט דאָך:

אים איז שוין נישט איין מאָל אויסגעקומען זיך פאַרלירן אין אַ המון, אַן וועלכן עס איז פּרצוף, וואָס קאָן יעדע ווילע ווערן ווילד און אַכזריותדיק, אָבער קוים האָט איין מענטש, אַפילו דער ערגסטער, זיך געטראָפן, אויג אויף אויג, מיט אַ צווייטן, האָט זיך ביי זיי ביידע אַנטפּלעקט אַ ריינע לויטערע מענטשלעכקייט. אַזוי

*) אין די ווייטערדיקע יאָרן זענען פון י. פרידמאַנען אַרויס אין ישראל: דאָס לידער־בוך „ליבשאַפט״, 1967, און אַ זאַמלונג לידער, איבערזעצט אויף עברית „שלג במדבר״, תש״ל — 1970, געווידמעט זיין בת־יחידה חנהלע. יעקב פרידמאַן האָט ביז איצט באַקומען זיבן ליטעראַטור־פּרעמיעס. צווישן זיי: שלום־עליכם פּרעמיע; יעקב פיכמאַן־פּרעמיע און דעם איציק מאַנגער־פּרייז, צווייטע פאַרטיילונג, יאָר 1970.

האָט פּאַסירט אין געטאָ, אַזוי איז געווען אויך אין לאַגער...

שטענדיק, ווען פרידמאַן רעדט וועגן זאַכן, וואָס אַרן אים, וואָס טוען אים וויי, קלעטערן און רונצלען, אַרויף און אַראָפּ איבער זיין הויך־הויכן שטערן אָן אַ שיעור קנייטשן, ווי עפּעס אַ מין אומרויקער געדאַנקען־פּעכער. אָט שטרייכן זיי, די קנייטשן, אונטער, פאַרשטאַרקן, און אָט שוואַכן זיי אָפּ, פאַרלייקענען פרידמאַנס רייד.

...דאָס רוב מחברים, זאָגט פרידמאַן, ברענגען אַרויס פונעם געטאָ און לאַגער אַ מצב, אַ שטימונג, וואָס לאָזט זיך באַשרייבן מיט זעקס קרובישע ווערטער: אַנגסט, שרעק, בהלה, גרויל, שוידער, קאָשמאַר. און וואָס איז מיטן זאַפט, קראַפט און חיות פונעם דאָרטיקן לעבן? אַזוי זענען די עקזאַלטירטע מאָמענטן נאָך אַ נאַכטישער טויט־געפאַר, וואָס איז אומגעריכט פאַרביי? מען כאַפּט זיך אויף גאַנץ פרי. די זון שיינט. ווערט דער מענטש ביז איבער די ברעגן פול מיט ניט קיין אויסגעפּרוווטער פרייד פון אַ געשאָנקענער זון. הייגט די דערהויבנקייט פון אַ קאַרטאָפל־דינסט? אָט קומט מען נאָך אַ טאָג צוואַנגאַרבעט צוריק אַהיים אין געטאָ טויט־מיד און טויט־הונגעריק. פּלוצעם דערשמעקט מען: עס קאָכן זיך קאַרטאָפל. באַלד דערזעט מען די פּאַרע, נאָך דעם פאַרזוכט מען, מען דערפילט דעם טעם, און ערשט דעמאָלט דער־שפּירט מען אַ געגוס פון שטילן דעם הונגער...

פרידמאַנס רייד וועגן פריידיקע חיי־שעהען אין אַ נאַצישן געטאָ אָדער לאַגער זענען אין תוך שווער אָנגעלאָדן מיט אימה. אָט די רייד זיינע וואַכן אויף שאַרף־אַסאָציאַטיוו בשעת מען טרעפט זיך מיט אַלעקסאַנדער סאָלזשעניצינס „איין טאָג פון איוואַן דעניסאָ־וויטש" (1962). אומגעריכטע, שיִער נישט עקזאַלטירטע ליכטיקע מאָמענטן אין אַ גוטן, געלונגענעם טאָג פאַרן קאַטאָרזשניק איוואַן דעניסאָוויטש — מאַכן דאָך נאָך פינצטערער, נאָך תהומיקער דעם פינצטערן תהום פון אַ סאָוועטישן לאַגער.

געוויס, דער וועג צו פּאַרטייטשן די רייד פון אַ דיכטער, איז פּונקט אַזאַ גליטשיקער, ווי צו געבן פאַרשטיין זיין געזאַנג. אָבער וואָס קען מען טאָן ? עס דאַכט זיך פּאַרט, אַז אין פרידמאַנס רייד, פּונקט ווי אין זיין דיכטונג, באַהאַלט זיך אויס אַ פאַרהוילענער מיין, אַ פאַרבאָרגענער זינען. און אדרבא, זאָל עמעצער פּרוּוון רעדן וועגן פרידמאַנען און זיך נישט באַנוצן דערביי מיט זיין לייבלעך־אייגענער שפּראַך...

אין פרידמאַנס „אַ ליד וועגן כעלעמער מלמד, בית מכס און שבת שירה" („פּאַסטעכער אין ישראל", 1953) ווערט דערציילט :

ערב יענעם טאָג, ווען דער מלמד האָט אויף שטענדיק פאַר־לאָזט זיין היימשטעטל כעלעם, איז גראָד אויסגעפאַלן שבת שירה. פונעם ווייסן באַרג־אַראָפּ האָט אַ טשאַטע פייגל זיך אַ לאָז געטאָן נאָך קאַשע צום יידישן מאַרק... אָבער יידישע קינדער טיילן שוין נישט שבת־שירה פאַר פייגעלעך קאַשע אין כעלעם. נישטאָ דאָרטן מער קיין יידישע קינדער. וואָס זשע וועלן פייגעלעך טאָן אָן זיי ? האָט דער כעלעמער מלמד מיטגעבראַכט קיין ארץ־ישראל אַ זאַק, און אינעווייניק — אַ שטייג האָפּסלדיקע פייגל. אַראָפּ פונעם שיף, האָט ער גלייך אויפן חיפהער ־בּרעג אַרויסגעלאָזט די פייגל אויף דער פריי — זאָלן זיי פליען צו יידישע קינדער... און די פייגעלעך האָבן געפּאַלגט און געפלויגן...

צוזאַמען מיטן באַאַמטן פון „בית מכס", וואָס פאָרן כעלעמער זעט יענער אויס ווי אַ „יידישער שררה", ווערט פונעם יום־טובדיקן פויגלשן געפּיפּס זייער גערירט אויך דער לייענער. און עס דאַכט זיך אים : די פאָלקסטימלעך־דורכזיכטיקע ווערטער אינעם ליד לייכטן מיט אַ טיפזיניקן מיין וועגן פולע זעק און פּעק צאַפּלדיקן יידישן פאָלקלאָר, וואָס מען ברענגט מיט פון פּוסט־געוואָרענע יידישע שטעטלעך און שטעט. לייכט דען נישט אַרויס פונעם ליד דער באַפליגלטער יידישער פאָלקס־גייסט, וואָס פאַרשפּרייט זיך און דרינגט אַריין אין די ווייטסטע ווינקלען פון לאַנד ?

ווען יעקב פרידמאַן האָט אָפּגעדרוקט זיין ערשט ליד אין די „טשערנאָוויצער בלעטער" איז ער אַלט געווען 17 יאָר. אָנגעהויבן שרייבן האָט ער זיכער פיל פריִער. אָבער ביז איצט חידושט ער זיך, ווען די שעה פון שרייבן קומט צו פליסן, ווי אַ שטיל וואַסערל, און ברענגט מיט אַ סך פריִער ניט געאַנטע זאַכן. אין אַ האַלבער אָדער אין אַ גאַנצער שעה אַרום וואַקסט אויס אויפן פּאַפּיר אַ ליד, אַ פּאָעמע אָן שום האַרעוואַניע, ווייל דערצו, מיינט פרידמאַן, איז ער בכלל נישט פעיִק. רעדט ער זיך שוין איין, אַז אַזוי איז דווקא גוט. מען פירט אַריין אין ליד אַ ביסל פּראָזע, נישט קיין אָריגינעלן גראַם, אָדער סתם אַ רוישטיק און...

און נאָך צענדליקער יאָרן הערט ער נאָך אַלץ נישט אויף זיך צו וווּנדערן אויפן עצם נס פון שאַפן אַ ליד. „ליד" — אַזוי הייסט אינעם בוך „די לעגענדע נח גרין", די ערשטע און די פּאַרלעצטע שאַפונג. אין זיי ביידע קלינגט שטיל אַ לויטער־פאַר־בענקטער „שיר־השירים" צום דיכטערישן געזאַנג...

ביים לייענען און הערן יעקב פרידמאַנען, דערמאָנט זיך אַ מעשה פון ווייטע יאָרן צוריק, פון 1895. אויפן טומלדיקן שטאָטישן יאַריד אין ווערני (איצט — אַלמאַ־אַטאַ) איז פאָרגעקומען אַן אימפּראָוויזאַציע־פאַרמעסט צווישן צוויי קאַזאַכישע דיכטערס. דער אַריסטאָקראַטיש־אימפּאָזאַנטער סאַבראַ האָט געגלאַנצט און גע־פינקלט מיט מייסטערישע, גראַציעז־ראַפינירטע, ווירטואָזע „ליד צוליב ליד"־פערזן. דזשאַמבול דזשאַבאַיעוו האָט אָפּגעענטפערט מיט רירנדיקע לידער וועגן דער פינצטערער נויט און די ליכטיקע טר'ימען פון זיין אָרעמען וואַנדער־שבט; וועגן דער אייביקער שפּיל פון טרויער און פרייד אין דער האַרבער נאַטור. ער האָט געזונגען און „געזאָגט" פון פולן האַרצן אַרויס, צוגעשפּילט אויף אַ פּרימיטיוון סטרונע־אינסטרומענט און... האָט געזיגט. אין דער שפּעטערדיקער קאַזאַכישער שאַפונג ווערט אָט די געשעעניש אויפן ווערני־יאַריד באַזונגען ווי אַ וווּנדערלעכער נצחון פונעם פיל

געליטענעם קאַזאַכישן פאָלק און ווי דער זיג פון דער שטרענגער און פּרעכטיקער אַזיאַטישער נאַטור.

עס דאַכט זיך אויס דעם לייענער, אַז אַזאַ סאָרט דיכטערישער פאַרמעסט גייט שטענדיק אָן אין פרידמאַנס שאַפונג. אָבער דאָ ראַנגלט זיך דער דיכטער מיט זיך גופא. זענען דאָך ביידע צדדים, סיי דער באַזיגטער און סיי דער זיגער — יעקב פרידמאַן אַליין.

איין צד — דאָס זענען זיינע לידער פון „שפּיל צוליב שפּיל" אָדער פון „געדאַנק צוליב געדאַנק", וואָס אַלע צוזאַמען לאָזן זיי איבער דעם לייענער ערגעץ ווו אין דרויסן.

דער צווייטער צד — איז פרידמאַנס געזאַנג, וואָס שפּרודלט אַרויס פון אַ ייִדישן פאָלקסקוואַל און זיגט אויף יעדן זינגענדיקן שריט און טריט זיינעם. פאַר אַ שטיל ליד וועגן דער הכמה פון די ברונעמער, וואָס פאַרכאַפּן דאָס גאַנצע געשטערן צו זיך אין קוואַליקן געלעגער; פאַרן האַרציקן געזאַנג וועגן יונהלע שוסטער, וואָס צו אים קומען די לידער ווי פאַרהוילענע למד־וואָווניקעס און לערנען אים אָנרופן די זאַכן פון דער וועלט ביים אמתן נאָמען — טרעטן אָפּ באַזיגט און פאַרשעמט אַלע באַמבאַסטישע שפּילערייען פון פרידמאַנס שיינגייסט, פול מיט אַ סצענישן טריב פון אַמאָליקע יונגע יאָרן. גייען דאָך זיינע שפּיל־לידער אָפּט אַריבער אין אַ הוילן גראָטעסק, בשעת דער פלאָנטער־געפלעכט פון אוראַלטע חקירות מיט אַן אולטראַ־מאָדערנעם פייערווערק־לויב צו טעכנאָלאָגישע דערגרייכונגען פירן דעם מחבר צו אַן אויסגעליידיקטן קרייץ־פאַרהער מיט זיך אַליין.

ווי אַנדערש איז זיין געזאַנג פול מיט יענע געדאַנקען, וואָס מען רופט זיי „געדאַנקען פון האַרץ" און וואָס רעדן צום געפיל פונקט אַזוי ווי צום פאַרשטאַנד. אין פרידמאַנס האַרציק־קלוגן געזאַנג זענען אייביקע פראַגן אָרגאַניש איבערגעפלאָכטן מיט די אַקטועלסטע פּראָבלעמען פון אונדזער צייט. און נאָך — עס פעלן אין זיי פאַרטיק־געמאַכטע אויספירן. זיי טראָגן אין זיך אַ מין לויטער שליסעלע וואָס עפנט אויף טיר און טויער פונעם לייענערס

געמיט. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז פּונקט ווי דער מחבר, האָט אויך דער לייענער נישט געאַנט, אַז טיף איינגעבאַקן אין הארצן באַהאַלטן זיך ביי אים אויס שפּירענישן און קלערענישן, וואָס שטאַמען פון ערגעץ ווו זייער ווייט. און אפשר דערפאַר טאַקע איז די שעפעריש־לייענערישע איבערראַשונג באמת גרויס.

דער עיקר איבערראַשן פרידמאַנס שאַפונגען, וואָס אין זיי הערן זיך טריט פון למד־וואָווניקעס. למד־וואָווניקעס געפינען זיך, אַ מאָל נענטער און אַ מאָל ווייטער, אין כמעט אַלע חלומות, טרוימען און וויזיעס פון פרידמאַנען. זיין געזאַנג איז ווי אַן אויסגעבענקטע היים, ווו די שוועל וואַרט אויף זיי שטענדיק ציטעריק און וואַך. קוים באַווייזן זיי זיך אין פרידמאַנס דיכטונג, ווערט פאַר אַלעמען קלאָר, אַז אויף זיי, אויף די למד־וואָווניקעס אין די שאַפנע פעלצן, שטייט די וועלט. אויף זייערע געלייטערט־איינפאַכע „תשובות" אין די שווערסטע פאַרפלאָנטערטסטע „שאלות" קוקן ביי פרידמאַנען אַרויס אַלע אַן אויסנאַם: פון דעם ריזשינער צדיק, וואָס טראָגט דוד המלכס קרוין — ביז דעם לייענער פון פרידמאַנס געזאַנג. קלינגען שוין ביז גאָר נאַטירלעך פרידמאַנס לידער, וואָס קומען אין פולבלוטיקן באַריר מיט דער פאָלקס־פאַנטאַזיע. די פּאָעמע וועגן זיידע יונה, וואָס האָט געקענט די וואונדער־קונץ אַ לעבן לאַנג אַפּזיצן אין אַלקערל, גיט אַ ריר טאָן מיט אַ פּוס, און פון דעסטוועגן דורכפאָרן אַ גאַנצע וועלט אין אַ מין וואונדערלעכן שטערן־וואָגן — לייענט זיך ווי אַ מעשה, וואָס האָט זיך געטראָפן מיט עמעצן זייער אַ נאָענטן, אויב נישט מיט דעם לייענער אַליין...

וויזיע און רעאַלקייט, פאַנטאַזיע אוןווירקלעכקייט, חלום און וואָר. אַ לעבן לאַנג הערט פרידמאַן נישט אויף אין זיין שאַפן ווידער און אָבער צו געפינען און צו פאַרלירן די וואַקלדיקע גרענעצן צווישן זיי. מען זעט עס אַן באַשיינפערלעך אין זיינער אַ ישראל־דראַמע — קיין מאָל, דאַכט זיך, נישט געדרוקט און אין ערגעץ נישט אויפגעפירט — און טיילווייז אויך אין זיינע קורצע ישראל־

פאַרצייכענונגען, געדרוקט אין היגע צייטונגען אויף ייִדיש און עברית.

די ישראל־דראַמע איז אַ מין פורים־שפּיל (דער הויפּטהעלד — אַ לץ), וואָס קומט פאָר אין יאָר 1953 אין אַ געוועזענעם אַראַבישן דאָרף, איצט — די היים פון ישראל־קינסטלערס. דאָ וואַרפט מען זיך אַרום מיט די שווערסטע, וואַגיקסטע געדאַנקען, ווי מיט פּילפּאַרביקע פּילקעס. דאָ קריכט מען דראַסטיש און רעשיק גלייך אין די הימלען אַרויף. און ווען עס טרעפט: די וואָר ווערט צו שווער פאַר אַ קינסטלער, קלאַפּט ער אָן צום גוטן חלום און דורך דער שטענדיק אָפענער בלויער חלום־טיר פליט ער אַריבער אין דעם 30סטן יאָרהונדערט. אין דעם 30סטן יאָרהונדערט ציילט שוין די באַפעלקערונג פון ישראל 2.000.000.000. די ישראלים האָבן שוין אַנטדעקט מאַרס און... דער מענטש האָט נאָך אַלץ נישט אַנטפּלעקט זיך אַליין. דער דורות־לאַנגער געראַנגל צווישן מענטש און גאָט גייט אָן ווייטער. און דער עולם איז נאָך אַלץ אַ גולם. ווײַנט ישראלס פאַרהוילן געמיט און רייסט זיך פון דער מאַשינען־עפּאָכע צוריק צום אורקוואַל, צוריק צו גאָט. עס ווײַנט אויך דער קיסר פון ישראל עוזי דער עלפטער. דער קיסר וויל צוריק אין דעם 20סטן יאָרהונדערט, אָבער ער ווייסט נישט וואָס זאָל ער טאָן מיט זיין קרוין.

אויב אין דעם הויכקלינגעוודיקן פּאַטעטישן טעאַטער־שטיק געפינט פרידמאַן פראַוויזאָרישע גרענעצן צווישן חלום און וואָר, פאַרלירט ער זיי אין גאַנצן אין די וואָכעדיקע ישראל־רשימות, אונטערגעשריבן: י. נאָמדירף.

צו ערשט קאָן זיך אויסדאַכטן, אַז דאָס זענען בילדלעך פונעם לעבן, רעפּאָרטאַזשן — אַ מין זייטיק צווייגל אין פרידמאַנס שאַפן. אָבער אין תוך זענען אָט די „רעפּאָרטאַזשן" עכט פרידמאַניש. און דער נאָמען נאָמדירף, געליינט פאַרקערט, פון לינקס אויף רעכטס, איז דאָך — פרידמאַן.

אָנגעהויבן שרייבן די פאַרצייכענונגען, דערציילט פרידמאַן,

האָט ער אויף אַ טשיקאַווען אופן. אַראָפּגעבראַכט אויף דער ערד די העלדן פון זיינע יאַ־און נישט־געדרוקטע שאַפונגען, האָט ער זיי דאָ הי פאַרשפּרייט, באַזעצט איבערן לאַנד און זיי געלאָזט פריי אַראָפּרעדן זיך פונעם האַרצן, אויסגעלאָזט האָט זיך, אַז די אַלע מעשיות זענען גאָר וואָרהאַפטיק; קיין אויסגעטראַכטע זאַכן זענען אַ פּנים בכלל נישטאָ. אַזוי האָט זיך מיט זיינער אַ פאַרצייכענונג וועגן אַ וווּנדער־היילער פון מאַראָקאָ פּראַקטיש פאַראינטערעסירט די פּאָליציי; מענטשן האָבן געפּרוּווט דורך נאַמדירפן זוכן הילף ביי דער שטילער, סודותדיקער רביצין — פון אַ צווייטער פאַרציי־כענונג. צוויי ברידער זענען געקומען צו לויפן קיין בית־דגון זיך צו דערפרעגן ביי נאַמדירפן וועגן זייער פאָטער, וואָס זיי האָבן איםביידע גלייך דערקענט אין אַ דריטער מעשה — ווייל פונקט אַזוי האָט זייער פאָטער אויסגעזען, פונקט אַזוי זיך באַוועגט, פונקט אַזוי גערעדט.

סיי די מענטשן פון די מעשיות, וואָס פרידמאַן „קלערט זיי אויס אויף קאַטאַוועס", סיי די מענטשן, וואָס קומען צו נאַמדירפן נאָכן לייענען זיי — אַלע צוזאַמען שאַפן איין לעבעדיקע קייט פון יענער, איינזאַמער און עלנטער, טייל ישראל־באַפעלקערונג, וואָס די אַרומיקע וועלט איז צו זיי טויב. זיי זענען אַלע „געוועזענע" מענטשן, אַ מין „כותל מערבי פונעם אַמאָליקן לעבן". אָבער צווישן זיי געפינט זיך אויך חיים לייב, אַ פּיצל יידעלע, וואָס האָט מיט־געפירט אין לאַנד דעם זאָג פונעם אַלטן קאַסאַווער ז"ל: „אַז דו ווילסט אַ סך, האָסטו גאַרנישט, און ווילסטו ווייניק, האָסטו אַלצ־דינג!". און עס איז דאָ אויך רייזעלע, וואָס איז ווי אַרויסגעשפּרונגען גלייך פון אַ פאָלקסליד, און נאָך און נאָך...

פרידמאַנען אַליין דאַכט זיך אָפט, אַז סיי אין דער פאַנטאַזיע און סיי אין דערווירקלעכקייט וואַרפט ער אַראָפּ פון זיך איין עול נאָכן אַנדערן, רייסט און צערייסט אַלץ מער און מער פעדעם, וואָס בינדן אים מיט דער נעכטיקער און היינטיקער וועלט. אין דער

אמתן אָבער האָט ער אויף זיין ביזאַהעריקן וועג אין ערגעץ גאָר־נישט פאַרלאָרן אָדער איבערגעלאָזט.

אין דער אמתן האָט פרידמאַן מיט זיך און מיט זיין שאַפונג אַריינגעבראַכט אַהער אין לאַנד אַ גרויסן אוצר אַנגעהויפטע מענ־טשישע געפילן, אַ שלל מיט אַנגעזאַמלטן יידישן געדאַנק און אַ קנויל שטימונגען פון „בין אדם למקום״; ער האָט געבראַכט דעם יידישן אַספּעקט פון מלכות: אַז קרוין איז נישט לויך, נאָר שווערער אחריותדיקער עול; די אייביקע קנאה מצד דער קעניגלעכער גרויס־קייט צום פּראָסטן וואָכעדיקן גאַנג פונעם קלענסטן למד־וואָווניק; און דער עיקר — די געבענטשטע פאָלקס־פּשטות פונעם יידישן גייסט.

פרידמאַן האָט מיטגעבראַכט דעם אָפּשיין פונעם לאַמטערן, מיט וועלכן זיין זיידע דער נסתר פלעגט אין חצות גיין באַגעגענען משיחן און אויך דעם טעם פון אַ וואָכעדיקער המוציא, וואָס זיין פּראָסטער זיידע האָט געמאַכט איבער אַ שוואַרצן ראַזעווען ברויט.

אפשר דערפאַר טאַקע נעמט פרידמאַן אויף, נייגעריק און שאַרף, צוזאַמען מיט דער עלנטקייט פון אַ סך היגע מענטשן, אויך דעם חן און דעם טעם פונעם אויפגייענדיקן לעבן דאָ־הי. דווקא ער, דער דיכטער פון גלות, ברענגט אינעם יידיש־לשון אַרויס דעם שעפערישן חיות פון דער היגער אַטמאָספער, די קווינטעסענץ פונעם „קיבוץ גלויות״ מיטן פילקאָלירנדיקן קיבוץ־גלויותדיקן טאַנץ.

דווקא און גראַד אין זיין רייפן און זאַפטיקן יידיש, וואָס אַ גמרא־ניגון פלעכט זיך דאָרט איבער מיט דער מעלאָדיע פון אַ פאָלקסליד, קומען אַרויס אַזוי בלוי די טיפקייטן פונעם היגן הימל; אַזוי דורכזיכטיק די לייכטנדיקע שיין פון דער לופט.

צוזאַמען מיט יעקב פרידמאַן, וויל זיין לייענער איבערחזרן און זאָגן:

> וואָרעם וואָס וואָלט ער געוועז, מיר מיינען אים, גאָט אַליין,
> אָן אונדזער געזאַנג, אָן אונדזער געוויין?

(עד כאן די רייד וועגן יעקב פרידמאַן פון יאָר 1963).

## יעקב פרידמאַן

צום סוף אַ פּאָר ווערטער, וואָס האָבן געדאַרפט זיין אַן אַריינפיר צו אַ ווייטערדיקער קייט געשפּרעכן מיט יעקב פרידמאַן (1910—1972).

גאַנץ פרי דערהערט זיך אַ קלינג אין דער טיר:

— מי שם? ווער איז דאָרט?

— פרידמאַן.

— וועלכער פרידמאַן?

— וויפל פרידמאַנס האָט איר?

— איינעם!

— דאָס איז ער.

1972

# עלי שעכטמאַנס ראָמאַן „ערב״ *)

אונדזערע פּאָליעסער וועלדער זענען גרויסע, געדיכטע,
קאָנסט פאָרן, און פאָרן, און פאָרן, — און עס איז נאָך
אַלץ וואַלד...

**(טאַדעוש אין „פּאַראַקערטע מעזשעס״)**

די באַיאַרס זענען, קיין עין הרע, ווי ביימער אין די וועלדער...

**(ר׳ יצחק אין „ערב״)**

**עלי שעכטמאַן איז נישט קיין פּנים חדשות אין דער סאָוועטיש־יידישער ליטעראַטור. פון די קורצע ידיעות, וואָס זענען דאָ און דאָרטן פאַרעפנטלעכט געוואָרן וועגן אים, דערוויסט מען זיך, אַז ער איז געבוירן 1908, אינעם דאָרף וואַסקאָוויטשי (אוקראַינע); פאַרענדיקט דעם ליטעראַרישן פאַקולטעט פון פּעדאַגאָגישן אינס־טיטוט אין אָדעס; אַקטיוו אָנטייל גענומען אין דער צווייטער וועלט־מלחמה. איצט וווינט ער אין קיעוו.**

**וואָס שייך זיין שרייבערישן וועג, ווייסט מען — ער האָט זיך אָנגעהויבן דרוקן אין 1927. זיין ערשטלינגבוך „אויפן שיידוועג״ (דערציילונג) איז אַרויס אין יאָר 1930, אינעם מלוכה־פאַרלאַג**

---

***) אָט די ווערטער וועגן עלי שעכטמאַנס ערשטע צוויי ביכער פונעם ראָמאַן „ערב״ זענען געשריבן אין יאָר 1966. דערווייל אָבער האָט עלי שעכטמאַן עולה געווען קיין ישראל, און זיין „ערב״ — אין אַלע פיר ביכער — זענען נאָר וואָס אַרויס אין י. ל. פּרץ־פאַרלאַג אין תל־אביב.**

כאַרקאָוו־קיִעוו. דאָרטן טאַקע זענען, אין די יאָרן 1932—1941, דער־שינעןביידע בענדער פונעם ראָמאַן „פּאַראַקערטע מעזשעס״ (צוויי אויפלאַגעס) וועגן אָנהייב קאָלעקטיוויזאַציע אין סאָוו. רוסלאַנד, און אויך אַ בוך דערציילונגען „פּאָליעסער וועלדער״. און ווייטער: אין דער מאָסקווער „איינִיקייט״ פון יאָר 1947 געפינט זיך אַ ידיעה פון קיִעוו, אַז דער שרייבער עלי שעכטמאַן, וואָס האָט זיך צוריקגעקערט פון דער סאָוועטישער אַרמיי, שרייבט דעם צווייטן טייל פונעם ראָמאַן „פּאָליעסער וועלדער״. אין יאָר 1948 ווערט אין דער „איי־ניקייט״ געגעבן נאָך אַ ידיעה, אַז עלי שעכטמאַן אַרבעט איבערן דריטן טייל פון „פּאָליעסער וועלדער״.

נאָך אַ לאַנגער הפסקה, האָט דער מאָסקווער יידישער חודש־זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד״ אינעם צווייטן יאָר פון זיין עקזיס־טענץ, 1962, אָפּגעדרוקט עלי שעכטמאַנס ראָמאַן „ערעוו״ (ערב), צוויי טיילן, אין פינף המשכים.

פאַרן יידישן לייענער פון אומעטום איז אָט די שאַפונג פון עלי שעכטמאַן געווען אַן איבערראשונג. עס האָט זיך גאָרנישט געגלוסט ענדיקן דעם ראָמאַן. און אַוודאי און אַוודאי, איז גאָר קיין חשק נישט געווען זיך פאַרהאַלטן אויף די פעלערן. חסרונות? — האָט זיך אַליין נישט גערן איבערגעפרעגט דער לייענער. פאַראַן, אפשר געווען און איבערגענוג. חסרונות קלענערע, גרעסערע און אפשר גרויסע. אָבער סיי ווי סיי: דער ראָמאַן „ערב״ האָט אַרויס־גערופן אַ מאָדנע וואַרעם געפיל, פול מיט בענקשאַפט, וואָס האָט געדויערט אינעם לייענערישן געמיט — ביז...

ביז אין פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל״ (מאָסקווע, 1965) איז דערשינען דער ראָמאַן „ערב״ פון עלי שעכטמאַן, שוין אין אַ בוכ־פאָרעם, 236 ז״ז, מיט אַ נאָכוואָרט פון דער סאָוועטיש־יידישער קריטיקערין רבקה רובין. און עס איז געווען זייער אינטערעסאַנט און טשיקאַווע זיך טרעפן מיט דער זעלבער שאַפונג צום צווייטן מאָל.

ביים לייענען דעם ראָמאַן נאָך אַ מאָל האָט זיך, אמת, שטאַרקער

געוואָרפֿן אין די אויגן אַ מין איבערפֿלוס, אַן אומבאַגרענעצטער ווילן פֿונעם מחבר וואָס מער צו זאָגן, צו שילדערן, צו דערציילן. אָבער מערקווערדיק: דאָס רוב לייענערישע באַוואָרענישן זענען ווידער אָפּגעפֿאַלן, ווי אַליין פֿון זיך. אויך ביי דער נייער באַגעגעניש מיטן בוך, האָט מען איבערגעבלעטערט דאָס לעצטע זייטל מיט באַדויערן. נאָך מער — מען האָט דאָס מאָל באַשיימפּערלעכער, שאַרפֿער דערזען, אַז עלי שעכטמאַן האָט ביי קיינעם און אין ערגעץ נישט אַנטליִען זיין אופֿן פֿון שרייבן, זיין אופֿן צו ווייזן די נאַטור, ווי אַן אַקטיוון, אייביק־באַוועגלעכן פּאָן פֿאַר דעם סיפּור־המעשה. מען האָט בולטער דערזען, אַז דער קינסטלערישער וועג איז ביי אים, פֿון זיין בראשית אָן, אַ לייבלעך־אייגענער, אַ שורשדיק־אָריגינעלער.

די טעמע פֿונעם ראָמאַן „ערב״ איז פּאַלעסיע מיט אירע עכטע און טיפֿע פּאָלעסיער הימל און ערד; מיט דער ברייט פֿאַרצווייגטער יידישער אַלט־פּאָלעסיער משפּחה באַיאַר אין צענטער, ביים אָנהייב פֿונעם 20סטן יאָרהונדערט אין צאַרישן רוסלאַנד, בשעת יעדע שעה פֿון טאָג און נאַכט האָט מיטגעבראַכט נייע שרעק און געפֿאַר. עס איז געווען גלייך נאָך דער רוסישער מפּלה אינעם יאַפּאַניש־רוסישן קריג, ערב דער רעוואָלוציע פֿון 1905, אָבער שוין באַרג־אַראָפּ — צו דער ערשטער וועלט־מלחמה.

דער אַלטער דור באַיאַרס זענען צו יענער געשפּאַנטער צייט, על פּי רוב מוכסנים, יישוביניקעס, וואָס מען קאָן זיי טרעפֿן אין די דערפֿער און כוטאָרס, אַרום און אַרום די פּאָלעסיער וועלדער און זומפּן. אַ טייל פֿונעם יונגן דור באַיאַרס איז שוין מיט לייב און לעבן פֿאַרטאָן אין דעם אַלגעמיין געזעלשאַפֿטלעכן לעבן פֿונעם ריזיקן לאַנד, און אויך אין דעם אונטערערדישן רעוואָלוציאָנערן קאַמף, וואָס שטאַרקט זיך און וואַקסט.

אַ זייטיקער געהיימע משפּחה־צווייג, אַ היפּשע צייט פֿאַרבאָרגן פֿון דער וועלט, איז עקיבא — נישט קיין געזעצלעכער זון פֿונעם

רייכן אָקסן־הענדלער גבריאל באָיאַר. עקיבא איז אויסגעוואַקסן אין שטוב ביי לייזערן, דעם פאַרגרעבטן, אומגעלומפּערטן פאָלקסמענטש, וואָס אין זיין בעל־עגלהשער סביבה רופט מען אים צוליב זיין גבורה — אַשמדאי, אַ ווונדערלעכער מין „אַשמדאי" מיט אַ געמיט פון אַ שטילער טויב.

„עקיבא־חבר, עקיבא־פריינד" (אַזוי הייסט ער ביי זיינע נאָענטע) פאָרט אַרום מיט אַ יידישער וואַנדער־טרופּע איבער די פּאָלעסיער שטעטלעך. ער קלייבט זיך אַלץ, ערגעץ ווו, ערגעץ ווען, אַריינפאָרן אין אַ שיין לעבן, — און ער פאַרבעט יעדערן צו זיך אויף דער פור. דערביי איז דער טרוימערישער „ערגעץ ווו, ערגעץ ווען" פאַר אים אַליין נישט קלאָר ביזן סוף. אַ מאָל מיט אַ וויץ, אַ מאָל מיט אַ זיפץ, זאָגט ער אָפּט אויס, וואָס דער מחבר האָט פאַרטראַכט. עס טרעפט, אַז ער זאָגט אויך אַרויס, וואָס דער לייענער גיט אַ טראַכט.

— די באָיאַרס — טוט עקיבא אַ טרויעריקן שמייכל — די באָיאַרס... זייער אַ טשיקאַווער שבט. דער דרייצנטער שבט ביי יידן...

אַ דרייצנטער שבט ביי יידן?!... נו, יאָ, אַוודאי! דעם לייענער הייבט זיך אָן דאַכטן, אַז ער האָט זיי שוין פון לאַנג געקענט, אַפילו אין זיין אייגענער היימישער סביבה. נאָך מער: אין פאַרשיידענע עקן וועלט, אין די פאַרשיידנסטע תקופות, האָבן דאָך אַלט־איינ־געזעסענע משפחות פון אַזאַ מין „דרייצנטן שבט" באַשטראַלט און באַרייכערט דאָס יידישע לעבן און אַוודאי און אַוודאי — די יידישע ליטעראַטור, מיט זאַפט, קאָלאָריט, טעמפּעראַמענט און מיט אָן אַ שיעור פאָלקס־חן. מען קאָן דאָך ביזן היינטיקן טאָג, אַוווּ עס איז נאָר דאָ אַ יידישער יישוב, טרעפן ווונדערלעכע יורשים פונעם דרייצנטן שבט ביי יידן.

די באָיאַרס פון עלי שעכטמאַן זענען אַ נייער סאַמאָראָדנער רינג אין אָט דער אָריגינעלער קייט, מיט קערנדיקע פאָלקסמענטשן, מענער און פרויען. עס דאַכט זיך, אַז ווען מען וואָלט געפרעגט די באָיאַרס: אין וואָס, אייגנטלעך, באַשטייט אייער יחוס? וואָלטן זיי

מן־הסתם געענטפערט: אין די משפּחהדיקע מעשׂיות, מעשׂהלעך און לעגענדעס וועגן נסים און קידוש־השם, וואָס זיי היטן אַזוי ציטעריק אָפּ און גיבן עס איבער פון דור צו דור...

...יאָר־איין און יאָר־אויס, צום ערשטן סדר, נאָכן ערשטן כוס, דערציילט מען ביי די באַיאַרס זייער אייגענעם „יציאת מצרים". אַ מעשׂה וועגן אַ וווּנדערלעכן יידישן גאָלדשמיד אין איינעם פון די דייטשלענדער, וואָס פון זיין גאָלדענעם בעכער האָט דאָרט געטרונקען דער קיסר אַליין. אַ גרויס נס האָט אַרויסגעראַטעוועט דעם באַרימטן יידישן גאָלדשמיד מיט זיין ווייב פון אַן ערב־פּסחדיקן בלוט־בלבול. קוים מיטן לעבן, האָבן זיי ביידע פאַרלאָזט דאָס לאַנד פון די דייטשן און לאַנג געוואַנדערט ביז זיי זענען לסוף אָנגעקומען אין פּאָלעסיע. און דאָ איז ער געוואָרן אַ וווּנדערלעכער טעפּער. מיט דער הילף פון זיין ווייב, וואָס איז געווען בילד־שיין און דערצו נאָך קלוג ווי דער טאָג, זענען זיי בייגעקומען אַל די שווערקייטן פונעם רויען לעבן אינעם נייעם, פּוסטן און ווילדן לאַנד, און האָבן דאָ אויפגעשטעלט פיל דורות. אָט דעם ערשטן באַיאַר אויף דער פּאָלעסיער ערד, וואָס האָט פאַרמאָגט גאָטס געבענטשטע הענט און דערצו איז ער נאָך געווען אַ זעלטענער גבר, רופט מען אין דער משפּחה „עזרא אבינו" און זיין ווייב הייסט ביי אַלעמען — „די מוטער בת־שבע"...

...חנוכּה, נאָך דער שפּיל אין דריידלעך, אין קאָרטן, נאָך די לאַטקעס, ווערט אין די באַיאַרס היימען באריכות דערציילט די מעשׂה וועגן זייער עלטער־עלטער־פעטער טאָדרעס, אַ פּראָסטער ייִד, כּל ימיו אַ שניידער, האָט אין אים אָבער געטליִעט דער געטלעכער פּונק פונעם גרויסן בצלאל, און ער האָט געניצט פאַר פּריצים און שררות, אַזוי לאַנג, ביז ער איז געוואָרן קרוב צו שמונים. האָט זיך דעמאָלט געטראָפן, אַז ער האָט קאַליע געמאַכט אַ קלייד פאַר דער בת־יחידה פונעם אַלטן גראַף באָגושעווסקי. אַ קלייד פון דעם טייערסטן פּערסישן שטאָף. איבער טאָדרעסן איז שוין געווען פאַרמאָסטן אַ האַק, כּדי אָפּצוהאַקן די פינגער פון דער רעכטער האַנט, אָבער

דאָ איז אים געקומען צו הילף זיין מיזיניקל יאָנטל.

אָט דער יאָנטל טאַקע, וואָס האָט ביי טאָג געניט, ביי נאַכט געגנבעט פערד, טאָג און נאַכט זיך געקוויקט מיטן ביטערן טראָפּן, איז געווען אַ היפּשער, פריילעכער יונגאַטש. זינגענדיק און שפּילנ־דיק, האָט ער דאָס איבערגעפּירטע קלייד פאַרריכט, אָבער די יונגע שטאָלצע גריפּין, אַ זעלטענע שיינהייט, האָט זיך אין אים שטערבלעך פאַרליבט. אַזוי ווייט, אַז דער אַלטער גראַף האָט זיך געבעטן ביי יאָנטלען: נעם אָן דעם קריסטלעכן גלויבן, האָב חתונה מיט מיין בת־יחידה. טאָמער נישט — וועסטו באַצאָלן מיט דיין לעבן. און יאָנטל? יאָנטל, דער שניידעריונג, דער פערד־גנב, וואָס האָט קוים געקענט דאַווענען, איז בייגעשטאַנען דעם נסיון פון די גרעסטע עולם־הזהדיקע גליקן. שפּעטער איז ער אויסגעשטאַנען די גרעסטע פּייניקונגען און יסורים. די געראַטענע בת־יחידה איז פון גרויס ליבשאַפט און בענקשאַפט געשטאָרבן און יאָנטלען האָט מען באַ־גראָבן אין אַ גראַפישן קעלער — לעבעדיקערהייט... ביי די באַיאָרס אין דער משפּחה הייסט יאָנטל — „דער קדוש"...

אָט די לייבלעך־אייגענע הגדות און מגילות בעל פּה וועגן זייערע אבות, שאַפן, חוץ דער נאַטור, נאָך איינעם, אַ צאַפּלדיק־מענטשלעכן פּאָן פאַר דאָס רוב געשעענישן אינעם בוך. די מעשיות און מעשהלעך דינען די באַיאָרס ווי אַ געהיים געווער קעגן די כלערליי קאַטאַסטראָפעס פונעם כלל און פונעם פּרט. אַ באַיאָר, מעג ער זיין אַלט אָדער יונג, רייך אָדער אָרעם, פרום אָדער פריי־דענקעריש, — העלפט ער זיך אַרויס אין אַן עת צרה, אָפן אָדער באַהאַלטענערהייט, מיט אַן אַלט־משפּחהדיקער געשיכטע. נאָך יעדן פריש בייגעקומענעם נסיון, ווערט אין דער אַלטער מעשה אַריינ־געבראַכט אַ נייער ניואַנס און צום סיפור־המעשה קומט צו נאָך אַ שיין וואָרט. און באַיאָר? ער טוט אַ פייער מיט די אויגן, הייבט אויף אין דער הייך אַ ברעם און בלייבט אין תוך דאָס, וואָס ער איז געווען — אַ באַיאָר...

„— און אַ באַיאַר — זאָגט עקיבא — איז אַ ווילדער עקשן, ער האָט פיינט, ער האַסט יאוש, ער איז אַ גוואַלדיי־קער בעל־בטחון... מיר דוכט, אַז די תורה ביים באַרג סיני האָבן געגומען די באַיאַרס... און אַז משה רבנו אַליין איז, אין תוך, אַ גרויסער באַיאַר.

— אַ־האַ — ענטפערט אָפּ עקיבאן יצחק באַיאַר און שאָקלט צו מיטן קאָפּ — וואָס אמת איז אמת. מיר גלייבן מיטן גאַנצן האַרצן, מיט דער גאַנצער נשמה. גלייבן דאַרף מען קענען. מען דאַרף גלייבן ביזן סוף. טאָמער, חלילה, טוט זיך אין דיר אַ וואַקל דער גלויבן, — אויס, פאַרפאַלן, ביסט אַ לעבעדיקער מת...״

יצחק באַיאַרס ירושה־קרעטשמע שטייט אין מיטן דאָרף, כמעט אויפן שליאַך, טיף אין די פּאָלעסיער וועלדער. צוזאַמען מיט עקיבאן רופט אויך דער לייענער יצחקן דעם קרעטשמער — ר׳ יצחק. אַ הויכער, ברייטפּלייציקער, קנאָכיקער ייִד. מיט אַ לאַנגער שמאָ־לער שוואַרצער באָרד, אַ גבר, מיט אַ פּאָר גאָלדענע הענט, איז ער, ר׳ יצחק, אַ פּנים, מער פון אַלעמען אין דער משפחה ענלעך צו „עזרא אבינו״, דעם ערשטן באַיאַר אויף פּאָלעסיער ערד. און נישט אַנדערש, ווי נאָר מיט יענעמס כוח שטייט ר׳ יצחק אויס די צרות, וואָס דאָס צאַרישע רוסלאַנד טיילט אין אַ ייִדישע היים מיט אַזאַ ברייטער האַנט און ער טראָגט אַנטקעגן אַלע קלעפּ יענע עקשנותדיקע מינע, וואָס זאָגט: „אומזיסט די טרחה, — מיך ברעכט מען נישט!״.

עס איז אָרגאַניש־קלאָר, אַז גראָד זיין טאָכטער, וואָס הייסט כיירוס („חרות מיט די נייע לוחות״, ווי ער רופט זי), קאָן מיט אַזאַ איינגעשפּאַרט־באַיאַרישער מסירות זיך מקריב זיין פאַר דער קומענדיקער רעוואָלוציע, און צוזאַמען מיט זיך אויך איר ייִדישן גלויבן, די עלטערן און אַפילו איר אייגן קינד. און מען איז גאָר נישט אַזוי שטאַרק איבערראַשט, וואָס דווקא דער פאָטער, דער

פרומער ר' יצחק, פאַרשטייט און באַנעמט ערגעץ ווו זיין ווידער־שפעניקע טאָכטער — אפשר מער, ווי אַלע אַנדערע.

אַן עכטע באַיאַרין איז אויך ליבע, די אָרעמע שוועסטער פון גבריאל, דעם גביר. ווי די „מוטער בת־שבע" פון אַ מאָל — אַ מאָל, איז ליבע אַ שיינע, אַ קלוגע און דערצו אַ גוואַלדיקע בריה. דער דלות אין דער דאָרפישער שטוב איז גרויס. די עלטערע קינדער זענען זיך צעלאָפן אין דער וועלט. שמריה, איר מאַן, אַ ווילדער פרומאַק, קלאַפט אין די טויערן פון הימל, בעט פרנסה און פאָדערט דאָרט יושר. אַ ווילדער כעסן, לאָזט ער אויס זיין צאָרנדיק האַרץ צו די הונגעריקע קינדערלעך. שטעקט זי, ליבע, איבערן קאָפּ אין שווערער אַרבעט, דאגות און האַרצווייטיק פאַרן גרויסן הויזגעזינד און פאַרן נאָך נישט געבוירן עופעלע, וואָס איז שוין אין וועג. אָבער צו להכעיס די שטענדיקע זאָרגן, אויף צעפּוקעניש דעם אייביקן דלות, האַלט זי, ליבע, אין איין איינהערן זיך: אפשר קלאַפּט שוין די מזלדיקע שעה? טאָמער קומט שוין אָן דער נחת? וואָס עס זאָל זיך נישט טרעפן, וואָס ביטערער עס ווערט איר דאַליע, אַלץ געשמאַקער און זאַפטיקער האָט זי ליב דאָס לעבן.

„— נאָר אַ טיפּש וויל אַוועקגיין פונעם לעבן!... גאָטעניו, זיסער, איין מאָל אין אַ טאָג אַ שטיקל ברויט עסן, און אַרומגיין, אַ באָרוועסע, זומער איבערן גאָרטן..."

דאָס זאָגט זי, די מומע ליבע, זייער און זייער פאַרחידושט, גלייך נאָכן זעלבסטמאָרד פון אַבנר, דעם יונגן רייכן בעל־תשובה אין שטאָט, וואָס האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ בלוטיק פאַרטריקנט קוויטעלע מיט די פּאָר ווערטער: „אין דער היים איז קיין וועלט נישטאָ און אין דער וועלט איז קיין היים נישטאָ..."

„מומע ליבע" — אַזוי רופן זי קרובים און פריינד, נענטערע און וייטערע. צו איר, צו דער מומע ליבע, קומען אַלע מיט זייערע

שווערע הערצער און זי, די חכמה, הערט זיי שווייגנדיק אויס, זאַפּט אין זיך טיף אַריין, וואָס זיי האָבן צו דערציילן און זאָגט יעדן איינעם אַזוי וואַרעם און געטריי: „ווייך, פון צייט צו צייט מוז אַ מענטש זיך אויסוויינען, דאָס האַרץ זאָל נישט דערטרונקען ווערן אין טרערן...״ און דערביי, עפּעס ווי דרך־אגב, דערציילט זי זיי אַ משפּחה־מעשהלע.

פול מיט רירנדיק־מענטשלעכן, ליכטיקן חן זענען די מעשׂיות פון דער מומע ליבע. זי דערציילט זיי נישט אין אַ יום־טוב, ביי אַ פּייערלעכן טיש, נאָר שטענדיק אָפּגעזונדערט מיט עמעצן, וואָס איז אין אַ קלעם.

למשל, אַ מעשׂה וועגן אַן עלטער־באָבע שוין אַריבער די ניינציק, וואָס פלעגט אַרויסגיין מיטן בענקעלע און זיך אַוועקזעצן אין מיטן זומערדיקן טאָג ביי דעם בינשטאָק — די בינען זאָלן הודיען אַרום איר. און ער, דער עלטער־זיידע זרחל, וואָס איז דעמאָלט געווען נישט וויט צו דער צווייטער בר־מצווה, פלעגט פאַרקאַטשען די אַרבל, אַריינרוקן די הוילע האַנט אין דעם בינ־שטאָק, אַרויסנעמען פון דאָרטן אַ שטיק סטעלניע און איר דער־לאַנגען: נאַ, ברכהניו סערדצע, דו ביסט דאָך ביי מיר אַ נאַשערין...

און סיי אַט דער עמעצער און סיי די מומע ליבע אַליין, ווייסן נישט, פאַרשטייען נישט, מיט וואָס אייגנטלעך האָט דאָס פּשוטע מעשׂהלע אַזוי געווירקט און געטרייסט. ערשט ווען זי בלייבט אַליין, זוכט די מומע ליבע אָפּ ערגעץ ווו אַ זייטיק ווינקעלע און וויינט זיך דאָרט שטיל, נאָר גוט, אויס — איר אייגן איבערגעפולט האַרץ זאָל נישט דערטרונקען ווערן אין טרערן...

די מומע ליבע... דעם לייענער איז שווער זיך שיידן מיט איר. אָבער נישט ווייניקער גלוסט זיך אָפּשטעלן אויף נאָך איין ווונדער־לעכע פאָלקסגעשטאַלט אינעם ראָמאַן: אויף רבקה, דאָס ווייב פון ר׳ יצחק, וואָס איז גראָד וויט פון דעם באַיאַר־שניט. און ווי עס טרעפט אָפט ביי ייִדן פונעם דרייצנטן שבט, זענען די מאַן־און־ווייב־באַציִונגען צווישן יצחק און רבקה — שיר־השירימדיקע.

שיר־השירים אין אַן אייגענעם, אַ פּאַלעסיער־ייִדישן נוסח.

רבקהס שווערע אָבער שטילע טריט אין הויף, אין שטאַל און אין גאָרטן פון דער דאָרפישער קרעטשמע, קלינגען אָפּ איבערן גאַנצן בוך. אין שטוב רופט מען זי: „דער שטילער זומער"...

„— ווי איר ווילט זיך, — רעדט זי ווייך און מילד צו אירע קינדער, — אַז איך זאָג אָפּ אַ שטיקל תחינה, גייט מיר אָפּ דאָס האַרץ... און איר, האָט קיין פּאַראיבל נישט, לייענט ביכלעך. איר לייענט און לייענט, און וואָס מער איר לייענט, אַלץ מער קרעכצט איר."

פּונקט אַזוי ווייך און מילד פּרוווט זי זיך אויסטענהן מיטן איבערשטן. בשעת אַ סכנה בעט זי פרום אין האַרצן: „גאָטעניו, האַרציקער, שרעק מיך, נאָר שטראָף מיך נישט". אָבער גאָט שרעקט זי און שטראָפט זי, שרעקט און שטראָפט. און ווען אַ נייע בייזע צרה דערלאַנגט איר ביז דער זיבעטער ריפּ, פּאַרלייגט זי דאָס ווייסע טיכל הינטער די אויערן און זאָגט שטילערהייט: „גאָטעניו, האַרציקער, איך קלאָג זיך דען, חלילה? פאַר וואָס אָבער קומט עס מיר?..."

שווערע, אומדערטרעגלעכע אומגליקן: טויט, פּאָגראָם, שמד, טורמע, עטאַפּ אין סיביר, כאַפּן ביי איר אויס, איינעם נאָכן אַנדערן, דריי קינדער. די שטוב ווערט פול מיט פאַריתומטע אייניקלעך.

און זי?

„וואָלט זי כאָטש עפּעס געזאָגט! גאָרנישט!... זי רעדט מיט די אויגן... ער האָט זי אַפילו איין מאָל געבעטן: רבקה, שטיל איין דיינע אויגן... פון דעמאָלט אָן, דרייט זיך „דער שטילער זומער" אַרום, וואַרפט זיך צו אַלע אַרבעטן און אַלץ מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן. אַז די אַראָפּגעלאָזטע אויגן זענען נאָך שרייענדיקער..."

אַזוי רעדט זיך ר׳ יצחק אַראָפּ פונעם האַרצן פאַר דער מומע ליבע, זיין קרובה. זיי פאָרן ביידע מיט ר׳ יצחקס שקאַפּע־און־שליטן פון דאָרף אין שטאָט אַריין צו זייערע קינדער און זיי אַנען נישט — וואָס פאַר נייע נישט־געדאַכטע אומגליקן עס וואַרטן זיי אָפּ אין דער גרויסער שטאָט, יעדן איינעם פון זיי באַזונדער. דערווייל פאָרן זיי. דער טאָג איז אַ זוניק־קאַלטער. די אייביק גרינע צווייגן טרייס־לען אַראָפּ פון די ביימער דעם שניי. אין לופט שמעקט מיט ערב־פרילינג. די מומע ליבע איז אָנגעטאָן אין שמריהס, איר מאַנס, אויסגעטראָגן געלאַטעטע שטיוול; די הענט טיף פאַרשטעקט אינעם מאָל־צעפרעסענעם בורנעס; די געליַענע גרוי־געקעסטלטע שאַל אויפן קאָפּ. און אין קאָפּ צינדן און צינדן זיך פייערלעך פון האָפע־נונג און פרייד. און אין האַרצן פאַרשפרייט זיך, אַלץ מער, אַ לוי־טערער ערב־נחת. נחת פון דער געראָטענער, שיינער טאָכטער אין שטאָט.

ביי ר׳ יצחק איז, ווי שטענדיק, אָנגעשטעלט דער האַריקער אויער און אָנגעשטעלט דער רוקן — אויפצונעמען אַן אומגעריכטן קלאַפּ. אין וועג רעדט זיך פרייער. פירן זיי צווישן זיך אַן אָפענעם עכט באַיאַרישן שמועס. ווי זאָגט ר׳ יצחק: זיי טרייסלען אָפּ דעם בוים מיט אַ מאָל. די בייכיקע, גוואַלדיק נייגעריקע שקאַפּע, וואָס שלעפּט דעם שליטן, הערט זיך צו. אַלץ וויל זי וויסן. זי פריכעט, פאָכעט מיטן איינגעשניטענעם, געשפּאָלטענעם אויער, גרייט יעדע מינוט זיך אַריינמישן אין די רייד. די ערד פון אונטן און דער הימל אין דער הייך טרעטן אָפּ, רוקן זיך אויף צוריק. און צוזאַמען מיט זיי בלייבט העט פון הינטן יעדעס אַרויסגעזאָגט וואָרט...

דער לייענער טראַכט זיך:

„דער שטילער זומער" און די „מומע ליבע", — וועגן די צוויי וווּנדערלעכע פּאָלקספּרויען, וואָלט מען געקאָנט פייערלעך זאָגן: די יידישע ליטעראַטור האָט ברייט צעעפנט אירע טויערן און זיי גלייך אַריינגענומען אין דער גינגאָלדענער קייט פון יידישע פרויען־

געשטאַלטן. און דאָס געזאָגטע וואָלט גאָרנישט געווען איבערגעטריבן. מען קאָן אויך זאָגן וועגן זיי פשוטער און היימישער: אין יעדער גרויסער יידישער משפחה איז פאַראַן אַן אייגענער „שטילער זומער״, וואָס אירע קנאָפּע רייד זענען אָנגעלאָדן מיט אַ טיפן איבערמענטש־לעכן פּראָטעסט. צו איר טאָקע ווענדט מען אין אַן עת־צרה די אויגן, כדי אָראָפּצונעמען פאַר זיך אַ מוסטער. און עס איז אויך דאָ אַ ליב־נאָענטע „מומע ליבע״, וואָס אין אַ שווערער ביטערער שעה קומט מען צו איר, זי זאָל הייסן זיך גוט און געשמאַק אויסוויינען. אין דעם אַליין שוין, וואָס מען קען זאָגן וועגן די צוויי פרויען אַזוי און אויך אַנדערש — ליגט אַ גרויסער קינסטלערישער פאַרדינסט פון עלי שעכטמאַן...

עלי שעכטמאַן האָט קרעפטיק געשילדערט אויך אַן אַנדער סאָרט פון די באַיאָרס בראש מיט גבריאל דעם גביר. גבריאל איז דער לעגאַלער פאָטער פון דער אומגליקלעכער און פאַרלוירענער שטאָטישער איווע, וואָס איז אייגנטלעך די פאַרמעלע הויפּט־העלדין פונעם ראָמאַן. אין די יונגע יאָרן, שוואַרץ ווי אַ ציגיינער, פלעגט גבריאל נאָך אַ גוטן טרונק בראָנפן אַריינפאָרן אין דער גרויסער שטוב, אינעם „זאַל״, רייטנדיק אויף אַ פערד — אַ זכר פון יאָנטלען דעם „קדוש״ אין יענעמס פריילעכער הפקר־צייט. איצט איז גבריאלס באָרד שעמערירנדיק ווייס, אָבער זיין געמיט איז נאָך אַלץ הייס און דינאַמיש. זיין שטול אויבן אָן ביים לאַנגן רחבותדיקן טיש, געהאַקט און געשניצט פון איין שטיק פאַליעסער דעמב, איז ברייט און הויך, כמעט ביז דער סטעליע. „דער כסא־המלכות פון גבריאל דעם פערצגטן״, זאָגט עקיבא, גבריאלס נישט געזעצלעכער זון. גבריאל איז אַ הערשער איבער זיין שניר און אַ וועלט מיט אייניק־לעך, גרויסע, קלענערע און גאָר ברעקלעך, וואָס טראָגן די נעמען פון די זיידעס און באָבעס, פון אַן אַ שיעור פעטערס און מומעס. גבריאל באָדט זיך ממש אין אַ שפע פון רייכקייט, פון עסן און טרינקען — און שטאַרבט שיער נישט פון אַן אייביקן פנימיות־

דיקן דאַרשט. און ווען עס טרעפט זיך אַ מאָמענט, אַז ער געפינט זיך אין זיין גרויסן הויף אַליין, אין אַ פינצטערער סוף־האַרבסטיקער נאַכט, קרעכצט ער, ווי דער נאַקעטער סאַד אין ווינט...

עלי שעכטמאַן גיט נישט אַפּ גבריאלן דעם גביר צו פיל פּלאַץ אין די צוויי ערשטע ביכער „ערב". דאָך שטעלט ער אויס יענעם אין דער גאַנצער צעוואַקסן־קאַלירפולער גרייס. אָבער צום האַרץ, צו דער פאַנטאַזיע פון דעם אָדער אַנדערן לייענער רעדן פאַרט שטאַרקער די נאָענט־געוואָרענע: ר' יצחק, רבקה („דער שטילער זומער") און די „מומע ליבע". אַזאַ מין לייענער דאַכט זיך אַפילו, אַז צו זיי הערט זיך נייגעריק, ווילגענייגט צו, אין מיטן פון איר נאַטירלעכן, מעכטיק־זעלבשטענדיקן גאַנג — אויך די נאַטור.

און די נאַטור איז דאָך אין „ערב", פונקט ווי אין אַלע שעכט־מאַנס שאַפונגען, די קינסטלערישע גרויסהערשערין. אַ פאַרעקשנטע, אַ ווילדווילדיקע, ווי עס פּאַסט פאַר אַ פּאַליעסער נאַטור, רייסט זי זיך אָפּט אַריין מיט געוואַלד, אין דער סאַמע מיט פון געשעעענישן און מענטשן. און אַ מאָל גליטשט זי זיך אַריין דורך אַ שפּאַרונקעלע און באַהערשט ווייך און צאַרט דאָס אימאַזש־לעבן פונעם ראָמאַן. דער עיקר יובלט ביי שעכטמאַנען די נאַטור בשעת ער געפינט זיך מיט איר אַליין אויף דער פריי... דערביי טוט שעכטמאַן אַפּ דעם לייענער אַ מין כישוף: צוזאַמען מיטן מחבר, קאָן שוין אויך דער לייענער זיך גאָרנישט אַנזעטיקן.

מעגלעך, אַז ווען מען דערציילט, נאָר און בלויז, וועגן די פּאַליעסער פאַרטאָגן און טעג, וועגן די פאַרנאַכטן און נעכט אין די ערב־צייטן און צייטן פונעם יאָר, אָט אַזוי ווי זיי ווערן געשילדערט אין „ערב", — וואָלט מען, דורך דעם אַליין, שוין, דערפילט די שפּאַנענדיקע אַטמאָספער פון דער קרעפטיקער שאַפונג. דערפאַר נעמט זיך מן־הסתם וואָס די רירנדיקסטע מאָמענטן אין אַלע שעכטמאַנס שאַפונגען קומען פאָר אין וועג: אין וואַלד און אין פעלד, אין ווינט, אין שניי און אין שטורעם, אונטער אַ ברענענ־

**דיקער זון און ביי אַ כוואַליענדיקער לבנה־שיין. אין וועג טאָקע פאַרוויקלען זיך און וויקלען זיך אויף דאָס רוב סיטואַציעס פון זיינע ווערק. אין דעם טאָקע ליגט אַ פּנים דער דראַמאַטישער, אָפּט סצענישער מאַטאַר פון עלי שעכטמאַנס אָריגינעל באַוועגלעכן סטיל.**

**אונטער וועגס, אויף דריי פאַרשיידענע שטעגן, אַלע אין דער ריכטונג צו באַיאַרס ירושה־קרעטשמע — הייבט זיך אָן דאָס ערשטע בוך „ערב"; אין וועג — ענדיקט זיך דאָס צווייטע בוך פונעם ראָמאַן און... דער סיפּור־המעשה רייסט זיך איבער אין מיטן...**

**עד כאן וועגן די ערשטע צוויי ביכער פון עלי שעכטמאַנס ראָמאַן „ערב".**

**1966**



**אין „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 4, יאַר 1967, איז געדרוקט דאָס דריטע בוך פון עלי שעכטמאַנס ראָמאַן „ערעוו". איבער אַלע 91 זייטן קלינגען דאָרט אָפּ די לעצטע ווערטער, אויפן בלוטיק־פאַרטריקנטן קוויטעלע פון אַבנר דעם זעלבסטמערדער:**

„אין דער היים איז קיין וועלט נישטאָ, און אין דער וועלט איז קיין היים נישטאָ".

**אינעם הונדערטסטן נומער פון „סאָוועטיש היימלאַנד" (נומ. 7, 1971), איז אָפּגעדרוקט דאָס פערטע בוך פונעם ראָמאַן „ערעוו" (69 ז"ז). לייענט זיך דאָרט:**

**...ר' יצחק און די מומע ליבע פאָרן (מיט יצחק באַיאַרס שקאַפּע, פאַרשטייט זיך), אַלץ ווייטער מיטן אָפּגעבלעטערטן רוישנדיקן וואַלד אין דער נאַכט אַריין. אינעם וויכערדיקן אַרום רעדט זיך יצחק אַראָפּ פונעם האַרצן:**

„— איך, ליבע, דער הי־געבוירענער, דער ווינט האָט מיך דאָ געוויגט אין וויגעלע, איך, ליבע, דער וואַלד־תושב, וואָס בין דאָ מיט יעדן וועג געקניפּט און מיט יעדער סטעזש־קעלע געבונדן, פאַר דאָ איבערן וואַלד ווי אַ פרעמדער, ווי איינער, וואָס איז אַהער בגנבה אַריינגעפּאַרן... ליבע, איך קען דאָך דאָ אין וואַלד אַלע שטערן אין הימל, איך דערקען דאָך דאָ אין יעדער זמן פון יאָר דעם בוים נאָך זיין רוישן, יעדער מין בוים האָט דאָך זיין קול און זיין אייגענעם ניגון... איך, ליבע, פאַר איבער אָט דעם וואַלד, ווי אַ פרעמדער, איך האָב דאָ נישט קיין גואל... אַ פרעמדער... גר אנכי בארץ!...

— ליבע, דו הערסט מיך?

— אוי, הער איך אייך, רב יצחק, הלוואי וואָלטן אייך אַלע אַזוי געהערט.

— ליבע, נישט דעם מצב, נאָר דעם גורל דאַרף מען ענדערן!..."

## ב

הן דמה בדמי זורם,
הן קולה בי רן —
רחל הרועה צאן לבן,
רחל — אם האם...

רחל, תרפ״ו

(אין מיין בלוט פליסט דאָך איר בלוט / אין מיר זינגט דאָך איר קול — / רחל, זי פאַשעט ביי לבן די שאָף, / רחל — פון מאַמעס די מאַמע...)

די ערשטע 4 שורות פונעם ליד, וואָס די דיכטערין רחל האָט געשריבן צו רחל־אמנו, פריי איבערזעצט פון עברית.

# מרים אולינאָווער

**(געבוירן אין לאָדזש, 1890 —**
**אומגעקומען אין אוישוויץ, 1944)**

...נאָר כ׳וויים שוין, כ׳וויים, ווען רופן כ׳וועל
ווען ס׳וועט דער ווײ מיך כאַפּן,
כ׳וועל מיט מײן האַרץ צום גרויסן גאָט
אַ טעלעגראַמע קלאַפּן.

**(פון מרים אולינאָווערס ליד „מיידל איינע אַליין")**

**מרים אולינאָווער... פון צייט־צו־צייט צעקלינגט זיך איר נאָמען אין קאָפּ און אין האַרצן, אַרויסגערופן דורך אַ פּאַרבאָרגענער אַסאָ־ציאַציע אָדער דורך אַ קלאָרער סמיכות־הפּרשות. לעצטנס דערמאָנט וועגן איר זלדה (זעלדע). די ווונדערלעכע ירושלימער פרומע דיכטערין זלדה*). עס טרעפט, אַז זלדהס אַ ליד פירט צו נאָענט,**

---

*) זלדה — „פנאי" (1967) ; „הכרמל האי־נראה" (1971, פרס ברנר תשל"ב) — שירים, הוצאת הקיבוץ המאוחד, ישראל.

זלדה (שניאורסאָן־מישקאָווסקי) איז מיט די עלטערן געקומען קיין ירושלים פון איר געבוירן־שטאָט טשערניגאָוו אין יאָר 1925.

אויף איר ערשט לידערבוך „פנאי" איז פאַראַן אַ הקדשה : „לאבי הרב שלמה־שלום שניאורסון ולאמי הרבנית רחל שניאורסון יהי זכרם ברוך".

אויף איר צווייט לידערבוך „הכרמל האי־נראה" איז געשריבן : „מוקדש לחיים ז"ל" (איר מאַן הרב חיים מישקאָווסקי).

שיער נישט פאַר אַ האַנט, די פרומע דיכטערין פון לאָדזש, — און דערמאָנט, מאָנט מען זאָל אויף ס׳ניי דערציילן וועגן „מיין באָבעס אוצר״.

מרים אולינאָווער האָט קינדווייז, צוזאַמען מיט איר מוטער, אַ שטיק צייט פאַרבראַכט אינעם שטעטל קזשעפּיץ, ביים זיידן דעם גרויסן מיוחס און נאָך גרעסערן למדן. אַ חוץ אָט דער קורצער תקופה, האָט זי שטענדיק געוווינט אין לאָדזש. זי איז געבוירן, אויפגעוואַקסן און האָט שפּעטער אַליין געהאַט קינדער אין דער זעלבער שטאָטישער שטוב, דאָרט אָפּגעלעבט איר גאַנץ לעבן ביז עס האָבן זיך באַוויזן די נאַציס.

מיט אַ יובל יאָרן צוריק, ווען די יונגע יידישע דיכטונג אין פּוילן האָט זיך פאַרשיכורט מיט נייע געדאַנקען און געפילן, איז אין וואַרשע (1922) דערשינען „מיין באָבעס אוצר״ פון מרים אולי־נאָווער, אַ בוך יידישע לידער, וואָס האָט מיטן אויסזען און אינ־האַלט דערמאָנט אין דער פאַרצייטיקער יידישער פרויען־שאַפונג. דוד פרישמאַן, דער תמיד שטרענגער קריטיקער, האָט אין דער הקדמה צום בוך, טיף גערירט און צעשמייכלט, פאַרגלייכט מרים אולינאָווערס לידער צום „איינפאַכן ריח פון אַ זילבערנעם בשמים־ביקסל, וועלכעס מען האָט ירושה גענומען פון עפּעס אַ זיידן...״

מרים אולינאָווער איז דעמאָלט אַלט געווען 32 יאָר. פאַרטאָן אין די פרוי־און מוטער־פליכטן, האָט די פרומע מחברין זיך אויס־געלעבט אין די ד׳ אמות פון איר רעליגיעזער סביבה, אין גאַנצן אָן אַ זייט פונעם ברייט־שטראָמיקן יידישן לעבן אין פּוילן.

„פרומקייט ?״ — האָט מרים אולינאָווער, שוין אַ מאַמע פון אַן אַכצניעריקער טאָכטער, איין מאָל, ווי דאָס האָט זיך זעלטן־ווען געטראָפן, דערציילט וועגן זיך, — „פרומקייט ? איך בין רייך דערמיט און כ׳פריי זיך מיט דער דאָזיקער עשירות. עס איז גוט, אַז מען קאָן זיך אין עפּעס אָנשפּאַרן... שאַפונג ? איך שאַף בשעת איך טו די פּראָזאַיִסטישע זאַכן.

ווען איך פֿאַרנעם זיך מיט דער בעל־הביתישקייט, וועבט זיך
ביי מיר אין מוח און אין האַרצן, וואַרעמט זיך אויס, ווערט
צייטיק — און שרייבט זיך אויף, ווי אַליין פון זיך...״

„אויפגעשריבן״ האָבן זיך ביי איר, צו יענער צייט, געדיכטן
פאַר אַ ניי בוך לידער פון חומש־צייטן, אַדורכגעוועבט, ווי זי האָט
דעמאָלט געזאָגט, מיטן פּאַטריאַרכאַלן יידישן קליינשטעטל פונעם
ליבן פאַרצייטנס...

ווען וואָלט עס דעמאָלט, אין יאָר 1934, כמעט ערב דעם
חורבן, געקאָנט איינפאַלן אָדער זיך חלומען, אַז די פרומע דיכטערין
וועט ווערן אַקטיוו אינעם אַלגעמיין־יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן
פון דער אָקופּירטער שטאָט, זיין אַקטיוו און באַליבט אויך אין
דעם ליטעראַרישן קרייז פונעם לאָדזשער געטאָ, וואָס האָט דער־
מוטיקט די יידישע קינסטלערס אינטענסיוו צו שאַפן, צו גיין מיט
זייערע שאַפונגען צום פאָלק, און וואָס האָט זיך מיט דעם שווי־
דערלעכן גאַנג פון דער צייט פאַרוואַנדלט אין אַ נייעם מין „יבנה
וחכמיה״? ווי מען האָט שפּעטער דערציילט, איז דער רוח הקודש
פון אָט דער לאָדזשער „יבנה וחכמיה״ געווען מרים אולינאָווער.
זי איז דאָס געווען אַזוי לאַנג, ביז זי איז צוזאַמען מיטן פאָלק
אומגעקומען אויף קידוש השם.

ווי רייך, ווי ברייט, ווי פאַרשיידנערליי איז די רעליגיעזע
פרויען־שאַפונג ביי די אומות העולם! אָבער ביי זיי, כמעט ביי
אַלע, איז די דערוויטערט־פייערלעכע ווענדונג צו גאָט, על־פּי רוב,
אָפּגעריסן פונעם צאַפּלדיקן לעבן. אַזוי — ניט בלויז ביי דער נאָנע
פונעם 12טן יאָרהונדערט, דער מחברין פון דער ערשטער דייטשער
דראַמע, נאָר אויך ביי דער גרויסער דייטשער דיכטערין און דער־
ציילערין אַנעטע פאָן דראָסטע הילסהאָף (1797—1848). אַזוי —
ביי דער פראַנצויזישער ליריקערין מאַרסעלין דעבאָרד־וואַלמאָר
(1786—1859). ערשט צום סוף פון איר שטורמישן לעבן, ווען זי

האָט פאַרלאָרן די גאַנצע משפּחה און איז געבליבן איינע אַליין, האָט זי אירע עלעגיעס גענומען ווענדן און שרייבן צו גאָט.

איז עס דען טיילווייז נישט אַזוי ביי דער איטאַליענישער פּרומער שרייבערין פונעם היינטיקן יאָרהונדערט, ביי **גראַציאַ דעלעדאַ**, וואָס האָט באַקומען די נאָבעל־פּרעמיע אין 1927? אין אירע צענדליקער ראָמאַנען און הונדערטער דערציילונגען וועגן פאָלק און ערד פון סאַרדיניע, פאַרנעמט זי זיך אַ סך מיט די באַציִונגען בין אדם למקום. אמת, זי זוכט אָן אויפהער די געט־לעכע קראַפט אינעם מענטשן גופא. און דאָך — אויך ביי איר ווערן די באַריר־מאָמענטן צווישן מענטש און גאָט פייערלעך דער־הויבן איבער דעם מענטשנס טאָגטעגלעכן לעבן און שאַרף אָפּגע־זונדערט פון דעם מענטשיש־וואָכעדיקן זיין.

די ייִדישע רעליגיעזע פּרויען־שאַפונג — די תפילות, דרשות, ברכות, תחינות און בקשות; די מוסר־ספרים און גאָטספּאַרכטיקע געדיכטן אין ייִדיש, פונעם 16—17 ביזן 20סטן יאָרהונדערט, גע־הערן כמעט אַלע צו גאָר אַן אַנדער מין פּלאַנעט. פון דער געגראַמ־טער הקדמה צום מוסר־ספר פון רבקה טיקטינער; פון „דאָס געטלעך ליד" וועגן דער מגפה אין פּראָג פון טויבה פּאַן; פון גליקל פון האַמעלין (1724—1647), וואָס האָט איר טאָגבוך פון אַן אַלמנה געשריבן אין די נעכט — און ביז „מיין באָבעס אוצר" פון מרים אולינאָווער, פירט אַ וועג, אמת, זייער אַ לאַנגער, אָבער אַ גלייכער, שיִער נישט אַן אויסדערוויילטער. די פּשוטע רייד פון טיפן האַרצן אַרויס זענען כמעט אין אַלע זייערע ווערק געווענדט צו אַ היימישן גאָט, וואָס געפינט זיך ערגעץ־ווו נאָענט אַרום זיי, נישט בלויז ביים דאַווענען אָדער ביים בענטשן ליכט. ער איז נעבן זיי אויך בשעת זיי פאַרקנעטן חלה אָדער רייבן אַן כריין, ווען זיי קאָכן און באַקן, ווען זיי ראַמען און וואַשן. אים, דעם באַרעמהאַרציק־שטוביקן גאָט, שרייבן זיי צו אַלע מנהגים, סגולות און שפּרוכן, וואָס זענען געשאַפן און איבערגעגעבן געוואָרן בקבלה פון באָבע

צו מאַמע, פון מאַמע צו טאָכטער, אין משך פון דורות. האָבן דאָך די שפּרוכן אַזוי שטאַרק אַרויסגעהאָלפן דער ייִדישער פרוי צו טראָגן דעם שווערן יאָך פון איר גרויען וויבערשן גורל.

וועגן וואָס רעדט דען, וועגן וואָס זינגט דען מרים אולינאָווער? זי זינגט וועגן אַן אַלטן סידור און וועגן אַ טייטש־חומש; וועגן שבת־ליכטעלעך און הבדלה־וויין. זי זינגט וועגן אַ סגולה, אַ הבטחה, אַ ברכה פון דער באָבעס מויל. און עס הייבן זיך אָן ביי איר אַ סך לידער מיט אַן אַלטן, אויסגעפּרוווטן ווייבערשן זאָג. זיי הייבן זיך אָן מיט אַן „אוי!".

און איז טאַקע מרים אולינאָווער געווען אַ דיכטעריש־אַנאַכראָ־ניסטישע דערשיינונג, וואָס האָט פאַרבלאָנדזשעט אין דעם דינאַמיש־אויפרייסערישן 20סטן יאָרהונדערט? געוויס, די לידער פון „מיין באָבעס אוצר", פון „כלה־יאָרן", פון „שבת", און די שפּעטערדיקע לידער פון חומש־צייטן — זיי קייטלען זיך אַלע אָן אין דער פאַר־צייטיקער ייִדישער פרויען־שאַפונג. אָבער איר פרום זיין איז שוין נישט די אָרגאַניש נאַטירלעכע, זעלבפאַרשטענדלעכע אייגנשאַפט פון אַלטע צייטן. זי ווייסט גוט, אַז איר טעמאַטיק געהערט צום אַמאָל. זינגט זי דאָך אין איר ליד „אָפּגעהויבן ליגט מיין באָבע...":

עפּעס קלינגט אין מיר אַ ניגון
פון אַן אַלטער צייט —
רייד געזונגענע־געזאָגטע,
דיינע, באָבע, רייד!

די רייד פון דער באָבען ווערן דורך מרים אולינאָווער איבער־געזונגען און איבערגעזאָגט אויף אַזאַ סובטעלן אופן אַז זיי ווערן געהערט ווי פון עפּעס אַ פאַרחלומטער ווייט. ווי דיכטעריש־טיף האָט עס באַנומען די מחברין אַליין! עס האָט איר שטאַרק געאַרט, וואָס דוד פרישמאַן האָט אין זיין הקדמה צום לידערבוך גערעדט

וועגן דער באָבע פונעם אוצר, ווי וועגן אַן איינצלנער געשטאַלט, ווי וועגן דער, כלומרשט, אייגענער באָבע פון מרים אולינאָווער. די באָבע פונעם אוצר, וואָס איז מער דימיון, מער וויזיע — אַזוי פלעגט מרים אולינאָווער באַטאָנען, — איז גראָד דער פולער היפוך פון איר „לייבלעכער", אַריסטאָקראַטיש־יידישער באָבע.

אין תוך איז „מיין באָבעס אוצר" פול מיט בענקשאַפט נאָך דער אַלטער צייט און נאָך דער אַלטער וועלט, וואָס אָט־אָט ווערן זיי אויס. לאָזט נישט די „דיכטערישע" באָבע, אַז יענע צייט און יענע וועלט זאָלן פאַרלאָרן גיין, ווערן צעריבן. „מיין באָבעס אוצר" איז פול מיט בענקעניש נאָכן שטעטל, וואָס אויך אַהין, צום שטעטל גופא, קוקט די דיכטערין דורך אַ דין־געוועבטן שלייער — ווי פון דער ווייטנס.

אָבער דיכטערישע אויגן מוזן, צי זיי ווילן יאָ אָדער נישט, צייטנווייז קלאָר דערזען דיווירקלעכקייט. האָבן די דיכטערישע אויגן פון מרים אולינאָווער דערזען, אַז נישט שטענדיק שטימט די חכמת־הלעבן פון דער באָבעס אוצר מיט דער סאָציאַלער וואָר. לכתחילה איז דער פּראָטעסט פון דער דיכטערין אַ גאַנץ שוואַכער, אָבער צו ביסלעך נעמט אַרויסוואַקסן פון איר שאַפונג אַ קלאָרער, אַ שאַרפער געדאַנק...

לאָמיר דאָ איבעררייסן די רייד וועגן מרים אולינאָווער און לאָזן די מחברין רעדן אַליין, אין אירע צוויי קורצע לידער פון פאַרשיידענע צייטן:

***

וווער עס פוילט זיך פלעכטן חלות,
פלעכטן וועט אַ גרויען צאָפּ —
יאָגט די באָבע מיך צום מולטער,
כאַפּ איך שטיל זיך פאַרן קאָפּ.

און דאָס געלע בעקער־מיידל ?
חלות יעדע וואָך — אַ בויד,
אָנגעפלאָכטן אויסגעטאָקטע,
און געבליבן אַלטע מויד !

1921

*
**

אוי, איז דאָס אַ חתינקע געווען,
אוי, געווען שוין איין מאָל אַ פּאַראָד.
ס׳האָט געבלאַנקט מיט שלום און מיט שלוה
אין דער שמחה פון „הרי את !״

נאָר דער יונגער שוואַרץ געלאָקטער סאַרווער
ס׳פּנים בלאַס ווי נאָך אַ טרערן־גאָס,
האָט מיט לאַנגן בליק געשטרייפט די כלה
און צעהאַקט דעם שבע־ברכות כוס.

1935

**לאָזט מען מרים אולינאָווער „זינגען און זאָגן״ און דערביי אַזוי נאַטירלעך, פונקט ווי אַנדערש וואָלט גאָר נישט געקאָנט זיין — לייכטן אויף צוויי לידער פון זלדה, דער פרומער העברעיִשער דיכטערין, וואָס איז, בעצם, פון אַן אַנדער־מין פאַרנעם, פון אַן אַנדער־מין שווונג. פול מיט איינגעהאַלטענער, פייערלעך־דיכטע־רישן ברען, דערנעענטערט זיך זלדה אַ מאָל צו דער פרעמד־פרויִשער רעליגיעזער שאַפונג ביי די אומות העולם, און אַ מאָל טרעפט, אַז איר נישט־געגראַמט, פריי־געפורעמט ליד נעמט קלינגען היינטצייטיק און מאַכט אַ ברייטן, באַפרייטן שפּאַן צו דער נייער פרויען־פּאָעזיע דאָ אין לאַנד.**

**אָבער דערביי, ווי געזאָגט, לייכטן אַריבער צו מרים אולינאָווער**

און לעשן זיך נישט אויס — צוויי לידער פון זלדה. איין ליד הייסט „התופרת" (די נייטאָרין): ביי טאָג איז איר שטיבל פּוסט און וויסט; אין די נעכט הערשט דאָרט און וואַכט אַ געהויבענער, געטרייער הער, וואָס וועט ביי איר אויסגיין, מיט הענט פון פּראָך, צוטוליען זי צו זיין קאַלט האַרץ.

דאָס צווייטע ליד הייסט: „מיין שכן דער שוסטער". אין אַן ענגן ווינקל פון זיין שוסטער־קליטל שטייט אַריינגערוקט אַ גרינ־לעכע סאָלאָן־סאָפע, אויסגעזוכט ערגעץ אויף אַן אַלטוואַרג־מאַרק, און דערצו אַ ריזיקע פּלאַנץ, און דערצו אַ שטייגל מיט אַ פויגל:

...אַלץ וואָס איך האָב געוואָלט אויפטאָן
און נישט אויפגעטאָן,
אַלץ וואָס איך האָב געוואָלט זען
און נישט געזען,
אַלץ וואָס איך האָב געוואָלט איבערלעבן
און נישט איבערגעלעבט —
שרייט אַרויס מיט קולי קולות פון יענעם אָנגעפּראָפּטן ווינקל...

פאַרשעמט זיך שטאַרק די דיכטערין, און זי דערזעט אין דעם קאָמישן אָנגעוואָרף איר אייגענעם געהיים־ברענענדיקן געמיט...

און ווידער, אַזוי נאַטירלעך, פּונקט ווי אַנדערש וואָלט נישט געזאָלט זיין, וואַרפן די צוויי לידער פון זלדה אַ שיין אויף מרים אולינאָווערס גרעסערן ליד „נאָך תשעה־באב". די באָבע־לעב „פאַר־ציילט" דאָרט: זי איז געווען נאָך אַ קליינטשיק מיידעלע, ווען זי האָט בייגעזען, ווי תשעה באב, שוין מוצאי־תענית, פלעגן מאַנסביל, ווייבער און קינדער, יעדער איינער מיט זיין קינה, זיך האַסטיק אַרויסלאָזן פונעם אָרעמען שטעטל צו דער נאַכטלעך־שוואַרצער לאָנקע. דאָרט האָבן זיי אָפּגעלייגט אַלע קינות, איכהס, דעם אָנגע־הויפטן באַרג באַגאַסן מיט פרישן פעך און צעלייגט אַ גרויס פייער אין מיטן ריינעם פרייען פעלד. אַזוי אַרום געוואָלט פאַרברענען

דעם וויסטן גלות, אַראָפּכישופן אַ נייעם, אַ ליכטיקן מאָרגן...

צום סוף — אַ פראַגע, שוין פיל מאָל געפרעגט: אפשר האָט עמעצער פאָרט ערגעץ־ווו אויפגעזוכט מרים אולינאָווערס נאָך און נאָך אַ ליד פון ערב איר אומקום?

אפשר זינגט זי און זאָגט דאָרט וועגן דעם אָנגעזאַמלטן פאָלקס־כוח און פאָלקס־מוט אין די סגולות, ברכות, שפּרוכן פון אונדזערע באָבעס אוצרות; אפשר זינגט זי און זאָגט דאָרט וועגן דער גע־ירשנטער גייסטיקער גבורה, וואָס האָט אין דער שרעקלעכסטער שעה פון נסיון אַרויסגעהאָלפן מרים אולינאָווער, בייגעשטאַנען איר און אירס גלייכן אין דער שווערסטער פון אַלע צייטן...

1973

# רייזל זשיכלינסקי די פרויען־דיכטערין

אַ זלידנע־געדאַנק
האָט געהאַלטן אין קלעם
מיין געמיט
אַ גאַנצע נאַכט...
**זלדה** *)

רייזל זשיכלינסקי — אַ פרויען־דיכטערין?

פון זיך אַליין קומט אויפן זינען דער אַלט־אַלטער וויכוח: צי עס איז יאָ פאַראַן, אָדער נישט אַ באַזונדערע, אַ ספּעציפישע דיכטונג פון פרויען. עס איז, אייגנטלעך, שווער פעסטצושטעלן, ווען האָט זיך אָט דער וויכוח אָנגעהויבן; שווער קלאָר צו מאַכן, ווער זענען זיי, מיט וואָס צייכענען זיי זיך בכלל אויס — סיי די וואָס באַשטעטיקן און סיי יענע, וואָס לייקענען אָפּ די עקזיסטענץ פון אַ פרויען־דיכטונג, אַלס אַזעלכע?

אָט דעם וויכוח געפינט מען אַפילו אין דער... „אַנטאָלאָגיע פון דער פראַנצויזישער פרויען־דיכטונג" (דערשינען אין פּאַריז מיט אַ צייט צוריק און נעמט אַרום די תקופות פון 1900—1953).

אין דער הקדמה צום בוך ווערן, צווישן אַנדערן, אַרויסגע־בראַכט צוויי פאַרשידענע שטעלונגען צו דער פראַגע — פון צוויי

*) די פיר שורות פון מאָטאָ זענען גענומען פון זלדהס ליד: „השמענה קולכן ברכות השחר" (1972).

דיכטערינס, וואָסביידע נעמען זיי אָנטייל אין אָט דער אַנטאָלאָגיע פון פרויען־דיכטונג. די דיכטערין עדיט בואַסאַנאַ (וואָס אין אירע לידער הערשט אַן אויפגערעגטער גייסט פון גרויזאַמקייט און טויט), שאָקלט זיך אין גאַנצן אָפּ פונעם באַגריף „פרויען־דיכטונג״. אַזאַ מין קאַטעגאָריע זאָגט זי, האָט מען געקאָנט שאַפן בלויז מיט אַ שלעכטער כוונה, אָדער פּשוט פון פוילקייט. פאַר דער צווייטער דיכטערין אָבער, פאַר זשאַן סאַנדעליאַן (אירע לידער זענען פול מיט אייביקן שפּיל פון האָפענונג און פאַרצווייפלונג אין דער ליבע), איז קלאָר ווי דער טאָג, אַז פרויען־שאַפונג לעבט און געדייעט אויף אַן אייגענעם, אייגנאַרטיקן אופן, און זי זאָגט: אויב דאָס ווערק פון אַ שרייבערין איז ווערטפול און אָריגינעל, דערפילט מען און מען דערקענט גלייך די פרוי. אויך אין פאַל, ווען די דיכטערין באַהאַלט זיך אויס הינטער אַ פּסעוודאָנים פון אַ מאַן.

און נאָך אַ זאַך, זייער אַ טשיקאַווע, ווערט אין אָט דער הקדמה דערציילט: דער באַוווּסטער ראָמאַניסט הענרי דע מאָנטהערלאַן האָט געשריבן וועגן דער פראַנצויזיש־קאַטוילישער דיכטערין מאַרי נאָעל, אַז זי איז געווען פאַר אים די גרעסטע, די ווונדערלעכסטע אַנטפּלעקונג פון נאָך דער מלחמה. און נאָך מער: אַז אין דער פּאָעזיע בכלל רעדן אים דער עיקר צום האַרצן פרויען־דיכטערינס, ווייל זייער געזאַנג, ווען דאָס איז עכט, קלינגט פאַר אים טיפער פון טיף.

הענרי דע מאָנטהערלאַן, דער פראַנצויזישער אַריסטאָקראַט, וואָס איז באַקאַנט, ווי אַ „דורכויס־מענערישער״ שריפטשטעלער, און אַ הייסער אַנטיפעמיניסט דערצו, האָט אָט די אומדערוואַרטע לויבווערטער געשריבן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, אין יאָר 1930; אין יענעם יאָר טאַקע, ווען ביי אונדז האָט בראש פון די „ניין־זאָגערס״, זיך געשטעלט דווקא און גראַד קאַדיע מאָלאָדאָווסקי.

אין אַ קורצן, ביז גאָר אָריגינעלן עסיי, וואָס הייסט „באַגעגענישן״, האָט קאַדיע מאָלאָדאָווסקי צוזאַמענגעבראַכט די דיכטערינס רחל ה. קאָרן מיט אַנאַ מאַרגאָלין, מרים אולינאָווער מיט אסתר שומיאַטשער,

און די סאָוועטישע חנה לעווין מיט זיך אַליין טאַקע, כדי בילדעריש צו באַווייזן, אַז די לידער פון אָט די דיכטערינס שטייען איינע צו די אַנדערע מיט אַ זייט, מיטן רוקן, און אָפט טרעפן זיי זיך אין גאַנצן נישט. זיי ווילן זיך מיידן. דערמיט האָט זי געפּרוּווט דערווייזן, אַז ווען מען פּאָרט צונויף דיכטערינס, ווי אין מין, אין איין בוך, אָדער אַפילו אויף איין זייטל, איז עס נישט מער ווי אַ פאָרמעלע צונויפשטעלונג, ווייל „פרויען־דיכטונג" — האָט קאַדיע מאָלאָדאָווסקי פייערלעך דערקלערט — איז אַ וואָרטפורעם אָן אַ לעבעדיקן אינהאַלט, ס'גיט קיין קלאַנג ניט.

אָבער דווקא און גראָד אָט די „באַגעגענישן" אירע האָבן, מיט אָן אַ שיִער פאַעטיש־פּרויִישן חן, אָפּגעלייקנט איר טעזע. דאָס האָבן, אייגנטלעך, אין משך פון יאָרצענדליגער, נישט אויפגעהערט צו טאָן אירע בעסטע לידער, וואָס רופן זיך איבער מיט שאָפונגען פון נאָענטע און ווייטע דיכטערינס — אין דער אייגענער שפּראַך און אין פרעמדע שפּראַכן. דאָס איז, אגב, אויך דער פאַל מיט דער פראַנצויזישער דיכטערין עדיט בואַססאַנאַ, וואָס האָט זיך אין אָט דער פראַגע אַרויסגעזאָגט נאָך שאַרפער פון קאַדיע מאָלאָדאָווסקי...

מען דערמאָנט זיך אָט די, און אַ סך אַנדערע זאַכן, אין שייכות מיטן וויכוח וועגן „פרויען־דיכטונג", — און עס גלוסט זיך זאָגן און איבערזוזרן: רייזל זשיכלינסקיס לידער־זאַמלונג „שווייגנדיקע טירן" איז עכטער, אמתער פרויען־געזאַנג אין דעם קינסטלעריש־געלייטערטסטן זינען פונעם וואָרט.

דאָס לידערבוך „שווייגנדיקע טירן" איז דערשינען אין ניו־יאָרק *). ווי די דיכטערין באַמערקט ביים סוף באַנד, איז דאָס דאָזיקע בוך אַן אָפּקלייב פון אירע לידער אין רעטראָספּעקט, געשריבן אין די יאָרן 1933—1961, טיילווייז געדרוקט אין פוילן פאַר און נאָך דער מלחמה. פאַרווישן זיך אָפט די גרענעצן צווישן דעם בוך

---

*) „שווייגנדיקע טירן" פון רייזל זשיכלינסקי, לידער, אַרויסגעגעבן מיט דער מיטהילף פון יידישן פ. ע. נ.־קלוב, ניו־יאָרק, 1962, 192 זייטן.

„שווייגנדיקע טירן" און די פריערדיקע דריי לידער־זאַמלונגען, בראש מיט איר ערשטלינג־ביכעלע „לידער", אַרויס אין דער בי־בליאָטעק פון פען־קלוב (וואַרשע, 1936) מיט אַ וואַרעם־האַרציקן פאָרוואָרט פון איציק מאַנגער.

נישט אָפּהענגיק דערפון ווי און ווען זיי זענען געשריבן און געדרוקט, פירן די בעסטע צווישן אירע לידער (ווי ביי מרים אולינאָווער, ביי קאַדיע מאָלאָדאָווסקי און ביי אַנדערע יידישע דיכ־טערינס) העט ווייט צוריק צו דער יידישער רעליגיעזער פרויען־שאַפונג פון 16—18טן יאָרהונדערט; צו די פיר פרומע שרייבערינס,— געלע, טויבה פאַן, חנה כ"ץ און רבקה טיקטינער, — וואָס זיי זענען, בעצם, די „אמהות" פון דער יידישער ליטעראַטור. פון דער אַנדערער זייט, קייטלט זיך רייזל זשיכלינסקיס געזאַנג (ווי ביי רחל ה. קאָרן, ביי חנה לעווין און ביי אַנדערע יידישע דיכטערינס) מיט דער מאָדערנער פרויען־דיכטונג פון גאָר דער וועלט.

אין 1932 האָט אַ יונגע אומבאַקאַנטע דיכטערין, רייזל זשיכ־לינסקי, פון איר פוילישן היימשטעטל גאָמבין (ארומגערינגלט מיט טיפע סאָסנאָווע וועלדער), דערציילט אין אַ ליד וועגן לײדיקע געסלעך אין דער נאַכט; וועגן דעם, אַז זי וועט זיך שטעלן ביים קרומען טויער און וועט זיין אַ וועכטערין, פון קיינעם נישט געדונ־גען... מיט דריי יאָרצענדליק שפּעטער, פון דער ריזנשטאָט ניו־יאָרק, דערציילט אין אַ ליד די רייפע דיכטערין רייזל זשיכלינסקי, אַז זי איז די היטערין פון שווייגנדיקע טירן: אַז זי שטייט פאַר די געשלאָסענע פירעקן, ווי פאַר די צען געבאָטן...

הערט זיך דען נישט איןביידע לידער, פון פריער און פון שפּעטער, דאָס קול פון שרה בת־טובים? מען ווייסט נישט צי שרה בת־טובים האָט ווען עס איז געלעבט אין דערווירקלעכקייט, אָבער פאָלקס־מעשיות האָבן ליב אָט די וווּנדערלעכע פרויען־געשטאַלט; און יידישע דיכטערינס רעדן אָפט מיט איר קול, יעדע איינע אויף איר אייגן־קינסטלערישן אופן.

**מיט דער ציטעריקער זאָרג פון שרה בת־טובים זעט רייזל זשיכלינסקי —**

די פרוי, וואָס טשליאָפּעט אין גרויסע מענערישע שיך; און דער רעגן גייט איר נאָך...

אַ לאָמע פרוי, וואָס שאַרט זיך אַראָפּ־אַראָפּ די טרעפּ...

אן אַלט־אַלטע פרוי, וואָס האָט אַריינגענומען אירע אַכציק יאָר אין די קנאָכיקע הענט, און האָט ניט ווו זיי צו באַהאַלטן...

**און נאָך —**

אַ צלם, אַ נאַקעטן, אין מיטן פעלד; אַ שיקסע וואָס אירע צוויי בלאָנדע אויפגעפלאָכטענע צעפּ שטאַרבן ווי צוויי געשאָכטענע טויבן, דורך סטאַכס רויטע הענט...

די פרוי אין ווייסן, וואָס שטייט אין אַ שטילער לבנה־נאַכט, אומבאַוועגלעך, ביי דער שוועל פון אַ פאַרלאָשענעם שטיבל...

**נאָך און נאָך זעט רייזל זשיכלינסקי, און זי באַווייזט דאָס פאַרן לייענער אין אַזאַ אומדערוואַרט איינמאָליקער פאָרעם, אַזוי בילדע־ריש־איבערצייגנדיק — אַז אויך אין דעם לייענערס געמיט גייט אויף אַ וואַקסנדיקע זאָרג.**

**עס וויברירט אָפט אין רייזל זשיכלינסקיס לידער אַ געפיל פון מיטאחריות פאַר די עוולות און קריוודעס, וואָס מען באַגייט נאָך אַלץ קעגן דער פרוי, פונעם ווייטן ביבלישן פאַרצייטנס אָן ביזן לעצטן, היינטיקן טאָג.**

**אין איר ליד „הגר אין מידבר" — בלאָנדזשעט די קליינע הגר נאָך אַלץ אין דעם גרויסן מידבר און וויינט:** הינטער צוגעמאַכטע אויגן זעט זי דעם מאַן, וואָס זי האָט ליב; דער ווינט פאַרשיט די קליינע פרויענטריט; די קרוג איז ליידיק; און אַלע מידע, און אַלע דאָרשטיקע טראָגן מיט ביידע הענט הגרס ליידיקע קרוג.

**אַן ענלעך געפיל פון מיטשולד לעבט דאָך אויך, אויף אַ קינסט־לעריש־אַנדערן אופן, אין דעם ליד וועגן הגר פון דער ייִדיש־**

דייטשער דיכטערין עלזע לאַסקער־שילער. און עס איז ביז גאָר אינטערעסאַנט: מיט עטלעכע צענדליק יאָר צוריק, דאָ אין לאַנד, האָבן יונגע וועלטלעכע פרויען, ביים וועלן איבערבויען ארץ־ישראל אויף נייע יסודות, געגעבן זייערע טעכטער דעם נאָמען פון דער באַוווּסטער ביבלישער דינסט: אָנגערופן זייערע טעכטערלעך — הגר...

פון רייזל זשיכלינסקיס ליד „הגר אין מידבר" ביז איר ליד „אין דער פאַרטונקלטער שטאָט" — איז אַ קליינער שפאַן. דאָ וויינט אַ פרוי ביי נאַכט אויף אַ שטאָטישער גאַס, און ווען מען הערט שוין מער נישט קיין טריט, גייט נאָך אַרום איר געוויין אין דער דיכטע־רינס בלוט; פרוי, ווער ביסטו? — פרעגט די דיכטערין, — און נישט אין לייענערין דאַכט זיך, אַז דאָס האָט זי, די לייענערין טאַקע, געוויינט אין דער פינצטער, איינע אַליין, אין מיטן גאַס.

עס דאַכט זיך דער לייענערין, אַז ווו און ווען עס וויינט נאָר אַ פרוי, דערהערט עס די דיכטערין. זי הערט דאָס פרויען־געוויין און אפשר נאָך מער — דאָס געוויין פון אַ קינד.

אַז אַ קינד איז קראַנק — זאָגט די דיכטערין אין אירן אַ ליד פונעם שטעטל גאָמבין — בייגן בלומען די קעפּ אַראָפּ, שולדיק. דאָס געוויין פון אַ קינד ביי נאַכט אין ניו־יאָרק — זאָגט זי מיט יאָרן שפּעטער — שפּאַלט ווענט, לעכערט הייזער, שווענקט אַרונ־טער פונדאַמענטן... און ווען קינד אינעם קריג, זאָגט זי פאַר זיך און פאַר אונדז:

שנייען, שנייען און איך אין דער מיט,
איך גיי נאָך אין שניי נאָך אַרמייִשע טריט.
ס'באַגלייט אונדז דאָס דינע געוויין פון אַ קינד,
ס'רינט איבער פעלדער, ס'ציטערט אין ווינט,

עס פֿליסט אין די טייכן, אונטערן אייז,
עס שווימט מיט די וואָלקנס, לאַנד איין — לאַנד אויס.

(פונעם ליד „שנייען")

אָבער נישט בלויז דערפֿאַר, וואָס זי פֿאַרקערפּערט קינסטלעריש דאָס אייביקע אין דער פֿרוי, — גליסט זיך זאָגן און איבערחזרן, אַז רייזל זשיכלינסקי איז אַ פֿרויען־דיכטערין. נאָר ווייל די פֿאַר־בינדונג מיט נאַטור־דערשיינונגען אין איר געזאַנג איז אַן אינטים־נאָענטע, ווי פֿון אַ קינד צו דער מאַמען און אויך — ווי פֿון אַ מאַמען צו איר קינד; ווייל די ווייכע נאָכגיביקייט אין אירע לידער איז אַן אָרגאַניש־נאַטירלעכע — יענע שטאָלצע ווייבלעכע נאָכ־גיביקייט, וואָס גרויסע דיכטערס באַזינגען עס ווי איינעם פֿון די שטאַרקסטע כוחות אויף דער וועלט און וואָס די העברעיִשע דיכ־טערין רחל האָט ביטער און אומזיסט געקעמפֿט פֿאַר איר — מיט זיך אַליין...

דאָס וואָס איז דאָ געזאָגט געוואָרן וועגן רייזל זשיכלינסקיס לידער איז ווייט נישט אַלץ. מען קאָן נאָך רעדן און רעדן פֿון אירע לידער וועגן דער מאַמען, דער מאַמעס שטוב מיט די שטוביקע זאַכן. מען קאָן אַ סך רעדן, פֿון דער אַנדערער זייט, וועגן איר ניו־יאָרקער געזאַנג, וואָס ברעגנט אַרויס דעם גרויסשטאָטישן גייסט דורך לײדיקע בייטאָגיקע סאָבווייען, דורך פּוסטע נאָכטישע פּאַרקן, דורך אַ נעגער, וואָס איז איינגעשלאָפֿן אויף דער גאַס, דורך דער פֿאַרשטאָט ווו ס'וואָכן מאַמעס ביי די קינדערבעטלעך און היטן די קינדער פֿון שווערע חלומות — וואָס אין זיי בליצט און שווימט די גרויסע שטאָט...

אָבער מאָרגן, איבערמאָרגן וועט מען סיי ווי זיך אומקערן צו אירע לידער, ווי מען קערט זיך אום אַהיים. מען וועט דערזען אין איר געזאַנג שפּאָגל נייע אויסבליקן. אומדערוואַרט, ווי שטענדיק אין דער היים. און דערווייל — פֿאַרמאַכט מען דאָס בוך „שווייגנדיקע

טירן״ *) מיט אַ טיף געפיל פון דאַנקבאַרקייט צו דער נאָענט גע־
וואָרענער פרויען־דיכטערין רייזל זשיכלינסקי.

1962

*) אַ ווייטערדיקער ברייטערער שפּאַן אויפן זעלביקן וועג איז דאָס
לידערבוך „האַרבסטיקע סקווערן״, אַרויס אין פאַרלאַג „ציקאָ״, ניו־יאָרק,
1969.

# „אנו עולים"

„אנו עולים", לעבנס־קאַפּיטלען פון רחל ינאית־בן־צבי, דער־שינען אין דעם תל־אביבער פאַרלאַג „עם עובד" (1959), האָט באַקו־מען די ערן־פּרעמיע אויפן נאָמען פון דב האָז. דערביי איז אויך געוואָרן וואַרעם באַצייכנט די ראָל פון רחל ינאית אינעם בראשית פון דעם „השומר" און פון דער „הגנה".

דאָס בוך „אנו עולים" הייבט זיך אָן ל"ג־בעומר 1908. די שיף, וואָס קומט אָן גאַנץ פרי קיין יפו און ווערט באַגעגנט מיט אַ פּאַר־הילכנדיקן טומל און רעש פון אַ געמישטן אַראַביש־יידיש און אַ פּאָר ווערטער אין עברית — ברענגט אין גאַנצן זיבן חלוצים. צווישן זיי — איין מיידל, די מחברין...

עס איז נישט קיין צופאַל, וואָס דאָס איין־און־איינציקע מיידל צווישן די זיבן חברה־לייט איז געווען גראָד זי, די מחברין. מיט אַ היפּשער צייט פריִער, זי איז דעמאָלט אַלט געווען אַכט יאָר, האָט זי די מאַמע געבראַכט צום אַלטן מלמד ר' פישל. איין מיידעלע צווישן די ייִנגלעך, האָט זי, פּונקט אַזוי ווי זיי, געטראָגן אַ קליינעם לאַמטערן אין האַנט און אַ גרויסן חומש אונטערן אָרעם. צוזאַמען מיט זיי, האָט זי אין די האַרבסטיקע פאַרנאַכטן געטאָפּטשעט דורך דער בלאָטע אויפן וועג צוריק פונעם חדר. דאָס איז געווען אין איר אוקראַיִנישן היימשטעטל מאַלין.

הערט שפּעטער איז זי ווידער די איינציקע פרוי. דאָס מאָל צווישן דרייסיק סטודענטן פון אייראָפּע, פון כינע און פון יאַפּאַן, מיט איין ארץ־ישראלדיקן סטודענט, אַן אַראַבער פון אַ רייכער

עפענדי־משפחה אין עכו. געווען איז דאָס אין דער פראַנצויזישער אוניווערסיטעט־שטאָט נאַנסי, אויפן לאַנדווירטשאַפטלעכן פאַקולטעט. דאָרט טאַקע האָט זי אין יאָר 1914 באַקומען איר טיטל פון אַן אינזשעניר־אַגראָנאָם.

אַזוי פרײַער און אַזוי שפּעטער, אין פאַרשיידענע צייטן, איז זי ווידער און אויף ס׳ניי — איין פרוי צווישן מענער.

אַ טשיקאַווער פאַל האָט זיך געטראָפן מיט איר אין ארץ־ישראל. אין דרייען, צוויי חברים און זי, לאָזן זיי זיך איין מאָל אויף אַ שבתדיקן שפּאַציר אין מידבר־יהודה. עס איז אַ שטאַרקער כאַמסין. אויסגעשעפּט, מיד און שרעקלעך דאָרשטיק, שלעפּן זיי זיך קוים אויף צוריקוועגס, מיט אַ געדרייטן באַרג־אַראָפּ. פּלוצעם באַווייזט זיך פון אונטן אַ בעדוי׳נערן אין שוואַרצן. אויף איר קאָפּ — אַ קרוג. מיט אַ פריידיקן, הילכיקן צורוף: מאַיה, מאַיה! (וואַסער, וואַסער!), איילט צו איר די מחברין, וואָס איז אָנגעטאָן מענעריש. און דאָס טאַקע, אָט די לויפנדיקע מענערישע געשטאַלט אין מידבר, מיט אַ קלינגענדיקער פרויענשטים, וואַרפט אָן אויף דער בעדוי׳נערין אַ טויטשרעק. צעטומלט, שטעלט זי אַראָפּ איר קרוג אויף דער ערד, און אַנטלויפט מיט אַ ווילדן געשריי:

— וואַלה, שיטאַן! (געוואַלד, אַ טייוול!).

די דריי שטילן דעם דאָרשט, דערקוויקן די נשמה מיטן וואַסער פונעם איבערגעלאָזענעם קרוג. און מערקווערדיק, די קלינגענדיקע פרויענשטים אין דער מענעריש פאַרשטעלטער געשטאַלט קומט נישט איין מאָל אויפן זינען אויך נאָך דעם,ביים ווייטערדיקן לייענען, אָט די באַגעגעניש אין מידבר־יהודה קניפּט און בינדט זיך מיט נאָך און נאָך באַגעגענישן אין אַ פיל מער ציוויליזירטער סביבה.

אָט פאָרט די מחברין אין יאָר 1911 פון ירושלים קיין דמשק מיטן געדאַנק צו שטודירן דאָרט לאַנדווירטשאַפט. אָבער דער מו־סולמענער געלערנטער פון קאַווקאַז, וואָס שטייט בראש פונעם

דאָרטיקן אוניווערסיטעט, טרייסלט זיך אָפּ פון איר פאַרשלאָג איבערראַשט און אויסער זיך:

— אַ פרוי אין אַ מענערישן לערן־אַנשטאַלט? אַ פרוי און... לאַנדווירטשאַפט??!

און ווייטער: אין ירושלים קומט פאָר אַ פייערלעכע אויפנאַמע פאַרן גענעראַל אַלענבי אין יאָר 1918. מיט דער הילף פון ד״ר ווייצמאַן דערלאַנגט די מחברין דעם גענעראַל אַ מעמאָראַנדום וועגן אַ געפּלאַנטן אַקטיוון אָנטייל פון ייִדישע פרויען ביים באַפרייען דעם גליל. דער הויכער ענגלישער מיליטערמאַן וואַרפט אָפּ דעם פאַרשלאָג, פאַרוווּנדערט און שאָקירט:

— פרויען... זעלנער? פרויען... אויפן פראָנט??!

אַזוי פריִער און אַזוי שפּעטער, האָט די מחברין, ווי נאָך און נאָך פרויען פון איר צייט, זיך שטענדיק געריסן און אָפּט געגאַנגען, סיי אויף דערלויבטע און סיי אויף פאַרבאָטענע מענערישע פראָנטן, אָבער דערביי, ווי ביי נאָך אַנדערע פרויען, האָט קיין מאָל נישט אויפגעהערט קלינגען איר קול פון אַ פרוי. און אָט דער האַרציקער, ווייכער פרויענטאָן אין אַלע אירע דרייסטע מענערישע געננ גיט צו דעם בוך „אנו עולים״ אַ ספּעציעלן חן און אַ באַזונדערן מענטשלעכן ווערט.

די מחברין דערציילט אין איר בוך, אַז בער באָראָכאָוו האָט געגרייט אַ גרעסערע וויסנשאַפטלעכע אַרבעט וועגן דער דורות־לאַנגער אַנטוויקלונג פון דער פרוי אין דער וועלט בכלל און פון דער ייִדישער פרוי בפרט — אין אַ גוטגעמיינטן, פּאָזיטיוון זין. אָבער דאָס צונויפגעזאַמלטע מאַטעריאַל, פאַרטיילט אין 300 פּאָזיציעס, איז נאָך ביי באָראָכאָווס לעבן פאַרלאָרן געגאַנגען. דאָס בוך „אנו עולים״ וואָלט צו בער באָראָכאָווס פאָרשונג געקאָנט צוגעבן נאָך איין, זייער וויכטיקע פּאָזיציע, אַ 301, וועגן יענע ייִדישע פרויען, וואָס האָבן סוף 19טן און אָנהייב 20סטן יאָרהונדערט זיך געלאָזט אין דער ברייטער וועלט פון קאַמף פאַרן סאָציאַלן יושר, אָבער זיי

האָבן מיטגענומען אין וועג אויך די טיפע פאָלקסבענקשאַפט און פאָלקסשטרעבונג צו אַן אייגענער היים.

ווען די מחברין איז צום ערשטן מאָל געקומען קיין ארץ־ישראל, האָט זי שוין געהאַט הינטער זיך אַ קאָנספּיראַטיווע און אויך עפנטלעכע רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט אין אַ גאַנצער ריי קלענערע און גרעסערע שטעט פונעם צאַרישן רוסלאַנד און אויך פון דער דעמאָלט פּראָגרעסיווער אײראָפּע, און די ייִדישקייט, וואָס זי האָט אַרויסגעפירט פון איר מאַלינער היים איז אין וועג געוואָרן מער וועלטלעך.

צו יענער צייט איז דאָס רוב פינעם אַלטן ייִשוב אין ארץ־ישראל געווען פּאַסיוו און בטלניש. זיי זענען געקומען אַהער שטאַרבן און האָבן שוין געהאַט פאַרענדיקט איין מאָל פאַר אַלע מאָל יעדן העכערן חשבון מיט אונדזער ערדישער וועלט. אויף דער ערד פון ארץ־ישראל האָבן נאָך אַלץ געוועלטיקט טערקישע מאַכט און מיליטער. יענע האָבן אויסגעהאַקט אוראַלטע טויזנטיעריקעביימער און זיך געפלייסט אַרויסרייסן מיטן וואָרצל יעדן באַנייטן יונג־ייִדישן פּרוּוו צו ענדערן דעם איינגעפונדעוועטן, פאַרגליווערטן שטייגער. דער איינציקער אַדרעס ווּהין אָנצוקלאַפּן, פון וואַנען צו האָפן אויף הילף אין אַ נויט — איז געווען דאָס האַרץ און דער מוט פון דער יונגער חברה אינעם נייעם ייִשוב.

די מחברין ברענגט אַרויס אין איר בוך דעם לעצטן, שווערן יאָרצענדליק פון דער יאָרהונדערטער־לאַנגער טערקישער הערשאַפט אין לאַנד, ווען עס האָבן זיך געהאַלטן אין שאַפן נאָך און נאָך בראשיתדיקע שוועלן צו אַ ניי ייִדיש לעבן דאָ הי. די קייט איז אַ לאַנגע: דער ערשטער קאָלעקטיוו אין סעדזשעראַ און דאָס גרינדן פונעם „השומר"; דער ערשטער סאָציאַליסטישער אָרגאַן אין עברית (די וואָכנשריפט „האחדות") און די ערשטע עברית־גימנאַזיע אין ירושלים; דער אָנהייב פון דגניה; דער אָנהייב פון תל־אביב...

דאָס אַלץ איז דאָך שוין אַזוי פיל מאָל באַשריבן, געשילדערט און באַזונגען געוואָרן. די מהברין איז צו דעם אַלעם געשטאַנען, אויף אַזאַ אָדער אַנדערן אופן, נאָענט ביז גאָר. ווערט אַלץ אין „אנו עולים״ באַהויכט מיט יענער מין וואַרעמקייט, וואָס רעדט צום לייענער — פון האַרץ־צו־האַרץ.

עס ווערן אינעם בוך אַרויסגעבראַכט אויך געוויסע נישט־געלונגענע נסיונות, פאַלשע טריט, עוולות פון דער אייגענער סביבה. עס ווערט אויך דערציילט ווי טייערע השובע מענטשן זענען אַנטוישטע אַוועקגעפאָרן צוריק, פון וואַנען זיי זענען געקומען. עס קלינגט כמעט ווי אַ קוריאָז: דעם ערשטן ארץ־ישראלדיקן ייִדן, וואָס די מחברין האָט דערזען דאָ הי, נאָך אויף דער שיף, איז געווען אַ „יורד״. אַ נאַיִווער, תמימותדיקער פּראָטאָטיפּ פון די אַלע שפּעטערדיקע „יורדים״, וואָס פלעגן נאָך פאַרלאָזן דאָס לאַנד, שאַ־שטיל, אין געהיים...

יעדעס מאָל, ווו און ווען די מחברין דערמאָנט נאָר אַ שווערן מאָמענט, פאַרגיטיקט זי דעם לייענער, און דער עיקר זיך אַליין, מיט אַ שפע פון דערהויבן־ליכטיקע מאָמענטן. זי שפּאַנט אַרום איבערן לאַנד, אָפט מיט אַ געזעלשאַפטלעכער מיסיע, אָבער נישט זעלטן אין שליחות פון זיך אַליין, געטריבן פון אַן איינגעבוירענעם געבענטשטן נייגער צו אַלעמען און צו אַלץ אַרום און אַרום — צו מענטשן, צו שטעט און צו דער נאַטור.

זי קוקט זיך צו נייגעריק צו די מענטשן פון „השומר״, צו יענער געוואַגטער כאַליאַסטרע, וואָס באַגלייך מיט די טעאַטראַלע אַטריבוטן, דעם אויסערלעך־אָריענטאַלישן נוסח, די אויסגעפּוצטע הייסבלוטיקע פערד, וואַכט און לעבט אין זיי אַ לויטער־מענטשלעכע שטרעבונג צו אַ דרייסטער, געזעכטער, שיינער ייִדישער וועלט. אָבער איידער וואָס און ווען, ביים אָפּהיטן די פעלדער און די וועגן אַרום די ייִדישע יִשובים — פאַלן זיי איינער נאָכן אַנדערן אויף אַ קעמפערישן „קידוש השם״. נישט צופעליק שטייען אייניקע פון

דער חברה פֿאַר די אויגן פֿון דער מחברין בשעת זי אַרבעט אויף אַ בראָשור וועגן בר־כוכבא.

צווישן דער חברה, — דער קליינוווקסיקער יחזקאל כענקין. אָפּגעברענט פֿון זון און ווינט, זעט ער אויס קרעפּטיק, יאָדערדיק, געשפּאַנט. ער וואַנדערט אַרום אין מידבר, אין וויסטע סטעפּעס. פֿאַרנעמט זיך מיט געיעג אויף ווילדע חיות, רויב־פֿייגל, גיפֿטיקע שלאַנגען און פֿאַרברענגט אַ סך צווישן האַלבווילדע בעדויִנער — טאָמער וועט ער פֿאָרט זיך עפּעס דערוויסן ביי זיי וועגן דעם לעגענדאַרישן ייִדישן וואַנדער־שבט יהוד־אל־חיבר. יענע שטאַמען דאָך, אַזוי גלויבט פֿעסט יחזקאל, פֿון די אויפֿשטענדלער, וואָס זענען נאָכן חורבן אַנטלאָפֿן אין מידבר. און עס גייט אים ממש אין לעבן צו געפֿינען און אַראָפּצוברענגען די ייִדישע בעדויִנער אַהער, אין לאַנד, צוליב דעם אייביקן פֿייערל זייערן פֿונעם אָפּגעהיטענעם ייִדישן גלויבן, צוליב זייער מידבריש הייס ייִדיש בלוט... *)

צווישן דער חברה — דער הויכגעוואַקסענער,ברייטפּלייציקער מענדעלע פּאָרטוגאַלי, וואָס ברענט ממש מיטן געדאַנק צו גרינדן שומרישע ייִשובים מיט זעלנער־פּויערים לויטן מוסטער פֿון די מיליטערישע דערפֿער אויף קאַווקאַז, און וואָס איין מאָל, אויף דער „אַקטיוויסטישער פֿאַרזאַמלונג" אין תל־עדש, האָט ער אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ שטורמישן עקסטאַז, געשליידערט אין דער לופֿטן די סאַנדאַלן פֿון זיינע באָרוועסע פֿיס און אָנגעשטעקט אַלע שומרים מיט אַן אויפֿגעלייזטער, צעכראַסטעטער פֿרייד...

---

*) אויפֿן סאַמע שוועל פֿון יאָר 1970, זענען פֿון ליבעריע געקומען צו פֿליען קיין ישראל, — אַ גרעסערע גרופּע יידישע נעגערס. גערופֿן און געקומען אַהער — פֿון זיך אַליין. זיי האָבן באַוויזן, אַז זייערע ווייטע אבות זענען אַ מאָל — אַ מאָל אַרויס פֿון דאַנעט. זייערע שפּורן זענען פֿאַרלאָרן געגאַנגען ערגעץ־ווו אין אַפֿריקע... זיי האָבן נאָך אַנדערע באַווייזן...

און עס קומט פֿון זיך אַליין אַרויף אַ פֿראַגע: וואָס וואָלט דערצו געהאַט צו זאָגן דער יאָדערדיקער יעגער יחזקאל כענקין, וואָס האָט אַרומגעזוכט אין מידבר שפּורן פֿון אַ לעגענדאַרן הייס־יידישן שבט?

דער סוד פון דער אינערלעכער קראַפט ביי די שומרים קומט צו אַ באַזונדערן, אינטימען אויסדרוק, בשעת די מחברין דערציילט וועגן זייערע צייטווייליקע, פּראָוויזאָרישע היימען. ביז 1919 האָבן בלויז איינצלנע צווישן די פרויען פון די שומרים זיך גערעכנט פאַר מיטגלידער פונעם „השומר". וואָס שייך אָבער דער געפאַר, זענען זיי פון שטענדיק אָן געווען גלייכבאַרעכטיקט. זייער אויער און האַרץ האָבן שטענדיק געמוזט זיין אָנגעשטעלט אויף יעדן פאַר־דעכטיקן שאָרך פון דרויסן. סיי ביי טאָג און סיי ביי נאַכט. עס איז געווען גרויס זייער אויסדויער אין דער געשפּאַנטער אַלטעגלעכ־קייט, נאָך גרעסער — אין אַן אַלגעמיינער עת־צרה, און גאָר גרויס — אין זייער פּערזענלעכן אומגליק און בראָך. זיי זענען דאָך, בעצם, גאָרנישט געווען ענלעך צווישן זיך: רבקהלע, די ערשטע שומרישע אַלמנה, שטיל ווי אַ טויב, די לייטישע, ערלעכע טובה, און לסוף, חיה־שרה — די ארץ־ישראלדיקע פאַרקערפּערונג פון דער אייביקער יידישער אשת־חיל. אָבער בשעת עס פאַלן אויף דער וואָך, אין פאַרשידענע צייטן, זייערע מענער: יחזקאל נוסינאָוו פון די קאַווקאַזער בערג, דער ריז מענדעלע פאָרטוגאַלי און יחזקאל כענקין דער יעגער — ווערן די פאַריתומטע פרויען אַלע ווי איינע באַהערשט און איינגעהאַלטן, ווי פון דעם זעלבן ווונדערלעכן פורעם געגאָסן...

און וואָס איז מיט מאַניע ווילבושעוויטש־שוחט? וועגן איר האָט מען דאָך דערציילט, גיט איבער די מחברין, אַז אָנגעטאָן אין אַ בעדויִנישער טראַכט, איז זי, מאַניע, דריי טעג נאָך אַנאַנד געריטן איינע אַליין איבערן לאַנד אַזוי לאַנג ביז דאָס רייטפערד איז געפאַלן אונטער איר. מען האָט דערציילט און איבערדערציילט וועגן אירע מוטיקע אָפענע רייד פאַר די טערקישע אויספאָרשער אין דער ירושלימער טורמע און ווי דרייסט זי האָט זיך געהאַלטן שפּעטער אויפן משפט אין דמשק, בשעת מען האָט זי געמאַכט פאַראַנט־וואָרטלעך פאַרן געווער אינעם „השומר"...

און אָט קומט זי, צופעליק, אויף איין טאָג אין דער קאָמונע

אום־דזשוני. און די מחברין ווייזט אַזוי וואָרעם און געטריי, ווי מאַניע זיצט אויפֿן פענצטערברעט פון אַן אַראַביש הייזל און לאַטעט די אָפּגעטראָגענע העמדלעך פון די דאָרטיקע חברים, די ערד־אַרבעטער. און ווייטער: אין אַן ערב ראש־השנה פאַרזאַמלען זיך חברים פון „השומר" ביי אַן אָוונטברויט אין איר קליינער חיפהער היים. מאַניע נעמט אַן אַקטיוון אַנטייל אין דעם הייסן געשפּרעך וועגן די פּראָבלעמען פון „אַרבעט און וואַך". אָבער דערביי פאַרעט זי זיך אין איר קיכל און איז מכבד די געסט מיט געשמאַקע היימישע מאכלים.

די מחברין קוקט זיך נייגעריק אַרום אין די פאַרשיידענע שטעט און קאָלאָניעס מיט זייערע איינוווינער פונעם אַלטן און דעם נייעם יישוב, אָבער בעצם איז איר געשפּאַנטער בליק שטענדיק געווענדט צו ירושלים, אַהין, וווּ דער הימל פון אויבן און די בערג אַרום האַלטן אַ שטרענגע און שאַרפע באַשטענדיקע וואַך איבער דער שטאָט, כדי אַן אַן אויפהער צו דערמאָנען די מענטשן פון אונטן, אַז זיי געפינען זיך אין ירושלים, דער אייביקער שטאָט.

ווי אַ וויכטיקן, שיִער נישט אָרגאַנישן עלעמענט פון דער אייביקער שטאָט, ברענגט די מחברין אַרויס די באַציִונג צו ירושלים פון תושבים און געסט. נישט ביי אַלעמען גלייך, נישט ביי אַלעמען האַרמאָניש. עס טרעפט אויך, אַז די שטאָט רופט אַרויס אַ וואָקסנ־דיקן אומרו — נישט איינצושטילן...

אָט דאַכט זיך: די דיכטערין רחל רייסט אַראָפּ פונעם נאַכטישן ירושלימער הימל נאָך און נאָך פייערלעך — פינקלדיקע שטערן פאַר זיך און פאַר אַלעמען אַרום איר, און ירושלים ווערט פאַר אַלעמען פלוצעם אַזוי נאָענט און היימיש... און אָט קומט פון דער שטאָט פּאַלטאַווע אַ נאָענטער חבר. ער ווערט פון ירושלים פאַר־כאַפּט און פאַרכישופט. באַגייסטערט, אַנטציקט, האַלט ער אין איין פרעגן און איבערפרעגן: ווי קאָן מען פירן אַ פשוט לעבן אין ירושלים? אַזוי זיך, סתם אין דער וועלט אַריין? ווי קאָן מען עס? —

ער חידושט זיך לאַנג, אַזוי לאַנג, ביז ער פאַרשווינדט און פאַרלאָזט, שטילערהייט, אויף אייביק די שטאָט און דאָס לאַנד...

נישט געזעטיקט און נישט געשטילט איז דער אינטערעס פון דער מחברין צו דער נאַטור. זי לאָזט זיך אָפט אַרויס ווייט אויסערן יישוב. אַ מאָל מיט אַ גאַנצער חברה, דאָס רוב — אין צווייען, די מחברין מיט איר חבר אבנר. זיי טראָגן מיט אין זכרון אויס־גערלישע באַריכטן פון אייגענע און פרעמדע היסטאָריקער און רייזנדער, אויך פאַנטאַסטישע געשיכטעס פון אָרטיקע בעדויִנער און אַראַבישע פּוסגייער. כדי צוגעבן זיך מוט, נעמען זיי מיט אין וועג אַריין אַ מאָל „די יידישע מלחמה" פון יוסף בן מתתיהו און שטענ־דיק — דעם תנך.

זייער שטענדיקע כוונה איז צו זוכן אויף דער ווילדער פריי שפּורן פונעם יידישן פאַרצייטנס, אָבער בעצם פירט זיי אַהין אַ געזונטער אינסטינקט צו דערקענען און דערנענטערן צו זיך די אָפּשרעקנדיק־פרעמדע היגע נאַטור. דאָס אייביקע דינאַמישע באַ־וועגן זיך פון דער נאַטור. די כסדרדיקע ליכט־איבערגאַנגען און שיין־וואַנדלונגען אין מידבר, אין סטעפּ, אין די בערג, אין די טאָלן... עס איז ביי נאַכט אין מידבר. אַ שטערן און נאָך אַ שטערן גיט אַ שווונג און שוועב, אין בליק־שנעלן שטערנפאַל. אָט צע־גלאַנצט זיך, אויסטערלישערהייט, דער מאָרגנשטערן. דער זונ־שפּראָץ צינדט אָן די באַרגשפּיצן, טראָפּנס טוי צעפלעמלען זיך אויף די שטיינער, צעשפּילן זיך מיט אַלע פאַרבן פון רעגנבויגן און ווערן גלייך אויס. און אָט איז די פלאַם־פייערדיקע לופט פון בייטאָג. אין די שפּאַלטן פון די פעלדזן וועלקן שטעכיקע און דאָרנדיקע מידבר־פלאַנצן, באַשטויבט מיט אַן אויסגעטריקנטן פאַרעך. און ווען די שפּאַצירנדיקע פאַרלירן אַ מאָל דעם וועג און פאַר־בלאָנדזשען אין דער וויסטעניש — באַהערשט זיי און באַוועלטיקט אַ מין דערהויבענע פייערלעכקייט, וואָס פלייצט פון די אַרומיקע ווילדע, פוסטע, ריזיקע רוימען...

אַ באַזונדערן אָרט פאַרנעמען אינעם בוך פלאַנצן, קולטיווירטע

און דער עיקר ווילדע. די אַראַבישע פּרויען אין דער געגנט פון דער עקספּערימענטאַלער סטאַציע אין עתלית, ווו די מחברין האָט געאַרבעט, האָבן איר אַ נאָמען געגעבן „חיכמת אל־חשיש" (גראָזן־דאָקטאָרין). אָבער נישט זעלטן פאַרוואַנדלט זיך די מחברין אין אַ בלומען־באַזינגערין. אָט געפינט זי אויפן כרמל־באַרג (אין דער געזעלשאַפט פון די „נילי"־לייט, שרה און אהרן אַהראָנסאָן) די קעניגין פון ווילדע בלומען. די באַגעגעניש מיט דער זעלטענער פּרעכטיקער אָרכידעע ווערט אין בוך געשילדערט מיט אַן עכט דראַמאַטישער שפּאַנונג.

ווי געזאָגט, הייבט זיך אָן דאָס בוך „אנו עולים" זומער 1908 און ענדיקט זיך סוף 1918. עס זענען דאָרט אַריינגעפלאָכטן צייטן פון פּריַער און עס וואַרפן זיך דורך איינצלנע שטעלן וועגן שפּעטער־דיקע געשעענישן.

ביים דערציילן די קאַפּיטלען פון איר לעבן, באַמיט זיך די מחברין איבערצוגעבן די נאָענטע פאַרגאַנגענהייט ערלעך און גע־טריי. אַזוי, ווי דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען אין דער ווירקלעכקייט. אין גאַנצן גענומען, ווירקט אָבער דאָס בוך ביז גאָר סוביעקטיוו. און גראָד אין דעם טאַקע, אין איר סוביעקטיווקייט, ליגט דער כוח און חן פון „אנו עולים". די מיינונגען, אויספּירן און פראַגנאָזן וועגן דער היסטאָרישער באַדייטונג פון יענער תקופה; די טיילווייז פאַרעלטערטע אַרויסזאָגונגען וועגן פּרוי־ענרעכט — דאָס אַלץ וואָס אונדזער יוגנט רופט אָן „ציונות" — שוואַכן נישט זעלטן אָפּ דעם וואַרעמהאַרציקן און צאַרטפּיליקן טאָן פון די זכרונות. אָבער דערפאַר ווערן דאָרט, ווי אַליין פון זיך, אַרויסגעהויבן יענע ערטער, מאָמענטן, געשעענישן, באַגעגענישן, וואָס האָבן איבערגעלאָזט ביי דער מחברין שטאַרקערע עמאָציאָנעלע שפּורן. און אַן עמאָציאָנעלער זכרון האָט דאָך זיינע אייגענע, אָריגינעלע געזעצן!

מעגן שוין באַשטימטע פּאַסירונגען און פּערזאָנען ווערן צו ווייניק אָדער גאָרנישט דערמאָנט אין אָט־די זכרונות — קומט אין

זיי צום פאַרשיין די אַלגעמיינע אַטמאָספער מיטן פולן ריח און טעם פון בראשית, מיטן פולן הייס־מענטשלעכן אַטעם פון די אַמאָליקע טעג. ווי פון זיך אַליין, מערקן זיך אָן אויף אַט דעם פאָן וויכטיקע טענדענצן פאַר דער שפּעטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער היגער געזעלשאַפטלעכקייט און עס ווערן אונטערגעשטראָכן אינטערעסאַנטע כאַראַקטער־שטריכן פון אַ ריי פּערזענלעכקייטן, וואָס איצט שטייען זיי בראש פון מדינת ישראל.

און נאָך — ווי אָנגעצונדענע ליכט, בליצן אויף די זכרונות וועגן די געפאַלענע און אומגעקומענע אין היגן געראַנגל, וואָס דער זכר פון אייניקע צווישן זיי איז שוין געהאַט אַוועק מיטן ווינט פון דער צייט.

און נאַטירלעך — עס שפּרייט זיך אויס אינעם בוך דער ברייטער וועלטלעכער וועג פון דער יידישער פרוי. אָנגעהויבן פון דער שכנה אין מאַלין, וואָס רופט דעם אייבערשטן אין הימל צו אַ דין תורה, כדי צו פאַרזיכערן זיך אַ גערעכטן חלק אין עולם־הבא. האַלט זי דאָך אויס מיט אירע ווייבערשע כוחות די קינדער און אויך איר מאַן, דעם גוואַלדאַוונעם לערנער. אָנגעהויבן פון יענעם טייל פרויען אין ירושלים, וואָס אין אַ יום־טוב הערן זיי זיך צו צום מענערישן דאַווענען הינטער די פענצטער פון דער שול און זיי קלאָגן אויס זייערע ווייבערישע טענות צו גאָט אין דרויסן — ביזן ערשטן וועג־ווייזערישן צוזאַמענפאָר פון 30 אַקטיווע פרויען־אַרבעטאָרינס, וואָס זענען געקומען קיין דגניה (אין 1915) פון אַלע עקן אין ארץ־ישראל.

און אַחרון אַחרון חביב: אין דער שאַפונג דערשיינט, אין פאַר־שיידענע געשטאַלטן, יענע פרוי־מאַמע פון אַלע צייטן, וואָס אַוווּ זי שטעלט נאָר אַוועק אַ פוס, מעג די לאַגע זיין שווערער פון שווער — שאַפט זי אַרום זיך אַ וואַרעמע היים פאַר אייגענע און פרעמדע...

אייגענטלעך, וואָלט מען געקאָנט אָט דעם נישט פאַרענדיקטן סיפור־המעשה, וואָס וועט מן הסתם נאָך לאַנג־לאַנג האַלטן אין סאַמע שפּאַנענדיקן מיטן, איבערדערציילן ווי אַ מעשהלע: נישט אין קיין ווייטער פאַרגאַנגענהייט, וואָס דאַכט זיך שוין אויס ווי פאַרצייטנס,

האָט זיך אין אַ שטעטל געלעבט אַ ייִדיש מיידעלע. תשעה־באב איז איר מאַמע געזעסן אין דער היים אויף דער ערד; געלייענט פאַר די טעכטערלעך מגילת־איכה אין ייִדיש און געוויינט פון פולן וואַ־רעמען האַרצן אַרויס, פונקט ווי דאָס שרעקלעכע אומגליק וואָלט נאָר וואָס געשען. אָפט האָט די מאַמע זיי דערציילט וווּנדערלעכע געשיכטעס, ווו דאָס וואָרט „קידוש השם" האָט זיך איבערגעחזרט ווי אַ מין הייסער געבאָט. די מאַמע האָט אויך ליב געהאַט צו זינגען דאָס ייִדישע ליד „אין דער סאָכע ליגט די מזל־ברכה". האָט דאָס מיידעלע מיטגעזונגען מיט דער מאַמען און האָט זיך פאַרגעשטעלט — ווי צוזאַמען מיט איר טאַטן, אַקערט זי און אַקערט אויף די פאַר־וואָרלאָזטע פעלדער פון ארץ־ישראל... און אַזוי ווייטער און אַזוי ווייטער, ביז...

ביז דאָס מיידעלע פון מאָלין ווערט רחל ינאית־בן־צבי, די פרוי פון דעם צווייטן פּרעזידענט אין מדינת ישראל יצחק בן־צבי, (אבנר) — און ווערט די מחברין פון די האַרציקע זכרונות „אנו עולים"...

1961

# יוכבד בת־מרים

גאָלד ווערט פאַרזשאַווערט און שטאָל ווערט צעפרעסן,
ס׳קרישלט זיך מירמל, אַלץ גרייט זיך צום טויט...
פעסטער פון אַלץ אויף דער ערד איז דער טרויער,
אייביקער — איז דאָס דערהויבענע וואָרט.

אננאַ אכמאַטאָווא

נאָך אַ לענגערן איבעררייס האָט די העברעיִשע דיכטערן יוכבד בת־מרים אַרויסגעלאָזט אַ לידערבוך (שירים, ספרית פועלים, ישראל, 1963, 318 ז״ז) *) מיט צייכענונגען פון איר זון זוזיק־נחום, געפאַלן אין די בערג פון ירושלים, 20 יאָר אַלט, בשעת דער באַפרייונגס־מלחמה תש״ח. דאָס בוך איז געקרוינט געוואָרן מיט דער ביאַליק־פּרעמיע. **)

ביים לייענען אַ ליד, און נאָך און נאָך לידער, איז געשען אַ מערקווערדיקע זאַך; עס האָבן צו ביסלעך אויפגעלעבט, זיך אַרויס־געוויקלט פונעם זכרון, בת־מרימס רייד פון אַ מאָל און גענומען עקשנותדיק קלינגען ווי אַ מין אַריינפיר בעל־פּה — צו דער גאַנצער זאַמלונג לידער פון פריִער און פון שפּעטער.

---

*) אַ צווייטע אויפלאַגע פונעם לידערבוך איז אַרויס אין יאָר 1972. מיטן צוגאָב פון נאָך 4 לידער. צווישן זיי אַ הספד־ליד פאַר נתן אלתרמן.

**) אין יאָר 1972 האָט בת־מרים באַקומען „פּרס ישראל בספרות עברית על מפעל חייה״.

דערמיט טאַקע, מיט אירע אַמאָליקע רייד, ווילט זיך איצטער אָנהייבן די ווערטער וועגן בת־מרים.

דאָס איז געווען דאָ אין לאַנד, אין ארץ־ישראל, צוריק מיט אַ דריי יאָרצענדליקער. נאָך פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, פאַרן יידישן חורבן, אַוודאי און אַוודאי פאַר דער היגער באַפרייונגס־מלחמה און פאַר דער יידישער מדינה.

זי האָט גערעדט, יעדעס מאָל אַזוי ווי אומגעריכט פאַר זיך אַליין, ביי גאַנץ צופעליקע געלעגנהייטן: אויף די טרעפּ פון „ארזה" (אַן אָפּרוהויז ביי ירושלים), וואָס האָבן געפירט אַראָפּ אין דעם שאָטנדיקן, אַזוי גערופענעם „גן־עדן", בשעת אַ באַגעגעניש אויף אַ תל־אביבער גאַס, ביים בעט פון אַ קראַנקער פריינדין. זי האָט דערציילט וועגן אירע קינדער־יאָרן העט ווייט אין ווייסרוסלאַנד און וועגן אירע צוויי קליינע קינדער דאָ הי, גערעדט וועגן אייביקייט, וועגן חלום און וואָר, און זי האָט נאָך אַ מאָל און ווידער געלויבט און געבענטשט דעם גרויסן, מעכטיקן כוח פון פּאָעזיע.

...זי איז נאָך געווען זייער יונג, ווען זי האָט שוין געגלויבט, אַז די שריפה אין אַ ליד דאַרף ברענען און בריִען אויף אַן אמת; אַז דער הילפרוף אין אַ ליד פון איינעם, וואָס טרינקט זיך אין ים, מוז אַרויסרופן אַ דראַנג זיך וואַרפן אין וואַסער אים צו ראַטעווען. מיט אַ דאָרשטיקער בענקשאַפט האָט בת־מרים אין די רייפערע יאָרן געזוכט אין פּאָעזיע אַן ענטפער אויף דער פראַגע פון אייביקייט.

— איר זעט — האָט זי איין מאָל געזאָגט — דאָס ליד פונעם רוסישן פּאָעט אַפאַנאַסי פעט (1820—1892) וועגן דעם בוים אין פאַרנאַכטיקער שיין איז געשריבן צוריק מיט אַ הונדערט יאָר. יענער פאַרנאַכט איז גלייך פאַרגאַנגען. אויך דער בוים איז שוין, מן־הסתם, נישטאָ. שוין לאַנג נישטאָ איז דער מחבר אַ. פעט, דער וווּנדערלעכער מייסטער פון פּייזאַזשן. אָבער אינעם ליד שטייט דער בוים נאָך אַלץ אין יענער פאַרנאַכטיקער שיין און וועט נאָך, ווער ווייס וויפל צייט, פאַרשאַפן דעם לייענער אַ גרויסן נחת־רוח.

...דין און שוואַרצלעך, מיט אַ שטענדיקן גליִענדיקן פייער אין די ברייט צעעפנטע טונקעלע אויגן, האָט בת־מרים ביים באַוווּנדערן און פאַרהערלעכן די אומגעהייערע קראַפט פונעם קינסטלערישן וואָרט, אויסגעזען ווי אַ פאַרבלאָנדזשעטע פּריסטערין פון אוראַלטע צייטן — פאַראייגנזאַמט אַפילו אין דער נאָענטסטער סביבה.

זי האָט שוין דעמאָלט געוווינט אין ארץ־ישראל עטלעכע יאָר, שוין געהאַט אַרויסגעגעבן דאָ הי איר ערשטלינגבוך לידער „מרחוק״ און אויך די פּאָעמע „ארץ־ישראל״.

דאָס בוך „מרחוק״ (פון דער ווייטן) איז געווען פול ווי אַן אויג מיט פאַרשטיקטע קרעכצן, מיט איינגעצוימטע זיפצן און טרערן פון דורות־אַלטע תפילות און תחינות צו אַ שטרענגן אַלמעכטיקן גאָט אין די הייכן, און עס האָט זיך אין די לידער קוים געהערט אַן אָפּקלאַנג פון די אומפאַרמיטלטע האַרציקע פאָלקס־טענות צו אַ ליבן טאַטע־פאָטער אינעם היימישן נאָענטן הימל.

און די פּאָעמע „ארץ־ישראל״? עס איז געווען אַ געזאַנג פון השתפכות הנפש צו דעם אַלט־נייעם אַרום, פול מיט דער הייס שטיקנדיקער לופט פון אַ חמסין און דעם פאַרקוואַרטן דאָרשט פון אַ גייער אין מידבר; פול מיט דער שאַרפער פעלדזיקייט פון די היגע בערג און דער אָפּנאַרערישער נאָענטקייט פון דורכזיכטיקע ווייטן. און עס האָט זיך דערביי קוים געפילט דער וואַרעמער אָטעם פונעם מענטש, וואָס איז ניי אָנגעקומען אַהער.

דער סטיל פונעם לידערבוך און פון דער פּאָעמע איז געווען אַ דערהויבענער. פייערלעכע ווערטער, געשעפּט פון די פאַרבאַרגנסטע שפּראַך־אוצרות, האָבן אַרויסגעבראַכט די דינסטע ניואַנסן, די שאַרפסטע בליצן פון געפיל און געדאַנק.

האָט מען דאָ הי געהאַט צו דער דיכטערין טענות, אין דער שטיל און אויפן קול. זי ווייזט נישט אין איר שאַפן דעם הערצישן אויפטו פונעם מענטשן ביים אויפשטעלן אַ נייעווירקלעכקייט אינעם לאַנד; זי שרייבט אין אַ שפּראַך פאַר אויסדערוויילטע...

בת־מרים, די מחברין, האָט נישט אויפגעהערט דערויף זיך צו

חידושן: ווי אומגעדולדיק עס זענען די ניי אָנגעקומענע מען זאָל זיי וואָס גיכער אָפשפּיגלען אין אַ מעשה, אין אַ ליד. צי ווייסן זיי דען נישט, אַז עברית איז צו לאַנג געווען אַ ליטעראַטור פון כלל, פון דער אומה, און אַז עס וועט נעמען צייט ביז די שרייבערס, באַפרייט פון „אתה בחרתנו", וועלן זיך קערן און ווענדן צום פּרט, צו זיין אינדיווידועלן און סאָציאַלן אמת? ווייס דען נישט דער פּרט, אַז זיין נייער מין אָנגעהעריקייט, זיין נייער מין שייכות צום לאַנד, צו דער אַרבעט, צום אָפּרוטאָג, צום שבת, צו יום־טובים און אַוודאי און אַוודאי צו דער שפּראַך, מוז פריער ווערן פריי און נאַטירלעך ווי דאָס עטעמען אין ווייטן פעלד, ווי דאָס איז געווען אין איר געבוירן־דאָרף קעפּליץ (מינסקער גובערניע)?

מיט אַ דינער, אַ ביסל קינדעריש־פאַרוואונדערטער שטים, האָט בת־מרים דערציילט: זי פלעגט, קליינערהייט, אָפּשטיין שעהענווייז ביי אַ פרעמדן פּלויט און מיט נייגעריקע דאָרשטיקע אויגן זיך איינקוקן וואָס עס טוט זיך אין הויף, ביי די גויים, זיך צוקוקן ווי פייערלעך ס'איז ביי זיי אין אַ חגא — דער פריידיק הילכיקער גלאָקן־געקלאַנג פונעם קלויסטער, באַוואונדערן די יום־טובדיקע ברייט צעלאָזטע פאַרביקע פּרויישע קליידער. און דער עיקר — ווי זעלבפאַרשטענדלעך און נאַטירלעך פליסט ביי זיי דאָס לעבן אין אַ וואָכעדיקן טאָג! ערגעץ ווו האָט זי שוין דעמאָלט, קליינער־הייט, דערפילט, אַז דער פּויער ביים אַקער אין פרייען פעלד איז נעענטער צו גאָט, ווי דער דאָרפישער ייִד, וואָס כאַפּט אָפּ אויף גיך דאָס דאַווענען, כדי אַוועקצואיילן צו זיינע שווערע פרנסות. און עס איז ביי איר געבליבן טיף און אויף אייביק פאַרשטאָכן אין האַרצן יענע ציטערדיקע שרעק פונעם ייִדן, טאָמער „ווערט זיין האָפענונג צום נאַרן" (תוחלתו נכזבה), טאָמער בלייבט ער צום סוף, נאָך זיין גאַנצער ביטערער האָרעוואַניע, חס וחלילה, אַ נאַר.

זי איז אַלט געווען דרייצן יאָר ווען זי האָט פאַרלאָזט קעפּליץ, וואָס איז מיט דער צייט געוואָרן אַ כוטער, אויף שטענדיק. נאָך

דעם האָט זי געלערנט אויף פּעדאַגאָגישע קורסן אין כאַרקאָוו, גע־לערנט אין די אוניווערסיטעטן פון אָדעס און פון מאָסקווע. אַרויס־געפאָרן פון רוסלאַנד, האָט זי פאַרבראַכט אַ שטיק צייט אין פּאַריז און איז געקומען זיך באַזעצן אין ארץ־ישראל — אין יאָר 1928. אַ מין ווייטער, געדרייטער וועג פון קעפּליץ ביז ירושלים. אָבער יאָרן אויף יאָרן האָט יענער דאָרף („כפר שלי", ווי זי זאָגט) זיך איר געחלומט ווי אַ היים. איבער אַלע גרענעצן פון שטעט און פון תקופות האָט זי אַריבערגעטראָגן און פאַרהיט, צו גלייך מיט דער מענעריש משכּילישער פאַרשפּיצטקייט פונעם שכל, אויך אַ דאָרפיש פּרוויִזשע פרישקייט פונעם האַרצן. אָנגעהויבן פון די ערשטע לידער אָן, ווערן די געדאַנקען אין בת־מרימס שאַפן פאַרקערפּערט אין בילדער און געשטאַלטן פון אוראַלטע ייִדישע ספרים, בשעת די געפילן בלייבן אָרגאַניש פאַרבונדן מיטן פאַרבאָרגנסטן לעבן פון דער נאַטור: מיט די אָפּגלאַנצן פון הימלשיין און שאָטנשפּיל פון וואָלקנס, מיטן גערויש פון שטראָמענדיקן וואַסער און ריח פון תבואה. און ביז איצט צאַפּלט נאָך אַלץ אין אירע לידער אַ נישט געשטילטע בענקשאַפט נאָך פּשטות אינעם קינסטלערישן אויסדרוק.

...אויף תמיד צו טראָגן מיט זיך האָט בת־מרים אַרויסגעפירט פון דער היים די וווּנדער־מעשהלעך וועגן צדיקים, וואָס די באָבע פלעגט דערציילן מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם. פּונקט ווי די נסים און נפלאות פון אַ מאָל זענען נאָר וואָס געשען. און נאָך עפּעס — באַגלייך מיטן טיפן פרומפאָרכטיקן גלויבן, האָט אין דער דאָרפישער היים געדייעט אַ גלויבעניש אין שדים און לצים; אַז זיי, די שדים און לצים, זענען פול אומעטום, שטענדיק גרייט אָפּצוטאָן אַ שפּיצל — אַראָפּלעקן די סמעטענע פונעם קריגל, פאַרשלײַדערן די שליסעלעך דער רוח ווייס וווּהין, און אַ סך ערגער — ויך אַריינכאַפּן אין שטאַל און אָנטאָן דאָרט צרות. און אויך שרעטעלעך, וואָס זייערע שפּי־לערישע קונצן דערפרייען ביים מענטשן דאָס האַרץ, האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין דער היימישער אַטמאָספער. האָט בת־מרים, די

מאַמע, אַריינגעבראַכט אין דער וועלט פון אירע קליינע קינדער די מעשים־טובים פון צדיקים און אויך פון די שרעטעלעך. זי האָט געפּוצט אין דער נאַכט די קינדערשע שיכלעך, פאַרשטעקט אונטער די בעטלעך מתנות, געשיקט בריוועלעך און עס האָט געהייסן, אַז די אַלע גוטע זאַכן קומען פון די שרעטעלעך, די קונדסים. צוזאַמען מיט די קינדער האָט בת־מרים געשריבן די ליבע קונדסים אַן ענטפער, צוזאַמען מיט די קינדער, האָט זי בשעת מעשה געגלייבט, אַז דאָס איז נישט קיין שפּיל, נאָר אַן אמת...

און אָט איז געקומען דאָס לעצטע בוך פון בת־מרים. מיט די זיבעצן אָפּטיילונגען ווי הויך אויפגעשטעלטע טורעמס, וואָס שליסן איין לידער פון אַ לעבנס־לאַנגן קינסטלערישן וועג. די שרעטעלעך, די פרום־יידישע היים אינעם פאַרוואָרפענעם ווייסרוסישן דאָרף, די גרויסשטעטט וואָס בת־מרים איז אין זיי אויסגעוועזן, איידער זי איז געקומען אַהער, אין לאַנד אַריין, דאָס לאַנד — דאָס אַלץ ווערט אויף ס'ניי געבוירן אין דער צויבער־אויסשטראַלנדיקער אַטמאָספער פונעם לידערבוך, ווו חלום און וואָר גייען אַן אַ סוף איבער איינער אין אַנדערן, פונקט אַזוי קלאָר, ווי עס טוישן זיך אום אין דער נאַטור, — טאָג און נאַכט.

בת־מרים, די דיכטערין, דערלאָזט נישט צו זיך אַזוי גרינג, דערפאַר לאָזט זי אָפּ פון זיך — נאָך שווערער. פון אָנהייב קאָן זיך אַפילו אויסדאַכטן, אַז זי באַוואָפנט און באַוואָרנט איר דיכטונג מיט סגולות און קמיעות, כדי צו אָפּהיטן און באַשיצן זיך פון אַ צו לייכטן, אויבנאויפיקן צוגאַנג. אָבער אָט לייענט מען אַ ליד און נאָך און נאָך לידער, וואָס רופן צו זיך און צויבערן איינס מער פון דאָס אַנדערע. ביז עס טרעפט: מען פאַרגעסט אויף אַ ווייל, אַז אויפן שער־בלאַט פונעם לידערבוך שטייט בפירוש דער נאָמען פון דער מחברין, יוכבד בת־מרים, און אַז דאָס בוך איז געהייליקט דעם אָנדענק פון זוזיק, איר זון — און מען נעמט אויף דעם שווערן געראַנגל און נאָך שווערערן נצחון אויפן יסורים־וועג פון דער

מחברין, ווי אַן אייגענעם גוראַנגל און נצחון אויפֿן פּערזענלעכן וועג פֿון יסורים און צער.

ווען עס קומט אַ פֿינצטערע שעה, וואָס לאָזט נישט, מיט גאָר־נישט, זיך לייטערן, טוט בת־מרים די דיכטערין אַזוי, ווי דאָס האָט אַ מאָל אין לעבן געטאָן איר מאַמע — זי הילט איין דעם צער אין שטילקייט. עס איז פֿאַראַן אַזאַ פֿאָלקס־לעגענדע, וואָס ווייס וועגן שבעה מדורי גיהנום. בת־מרים ווייס אַ פּנים וועגן זיבן מאָל זיבן שטאַפּלען פֿון שטילקייט, שווייגעניש און שטומקייט. מיט יעדן הע־כערן שטאַפּל שאַרפֿט זיך ביי איר דער אונטערשייד צווישן שווייגן און שטומען, צווישן ווערן אַנטשוויגן און זיין פֿאַרשטומט.

פֿיר מאָל חזרט זיך איבער אין איר ליד „הכרמל״ דאָס וואָרט דממה (שטילקייט) און מיט יעדן מאָל ווערט די שטילקייט שטילער און נאָך שטילער, ביז זי צערינט און צעגייט אין דער לופֿטן און ווערט אויס. אָבער שטילקייט גייט ביי בת־מרים אויך אַרויס פֿון די ברעגן — זי פֿאַרפֿלייצט, רייסט אויף טיר און טויער, הילכט אָפּ ווי אין די הויכע בערג. און אַ מאָל איז די שטילקייט ביי איר אַ ווייכע, וואָס וואַשט דאָס פֿאַרמאַטערטע פּנים מיט אַ צערטלעכן גלעט, ווי דער טוי פֿון פֿרימאָרגן.

און דאָס שווייגן — אַ מאָל איז עס טיף און ריזלדיק און צו מאָל פֿאַרשלאָסן און שטום ווי אַ שטיין. אָט שווייגט עס שטיל־מאָנענדיק און אָט פּלאַצט עס אַרויס מיט אַ הימל־געשריי. ווי ווייט און ווי ברייט עס צעוואַקסט זיך ביי בת־מרים דאָס שטילשווייגן, וואָס אין צייטן פֿון אומדערבאַרעמדיקן צער צווינגט מען אַרויף מיט כּוח און מיט געוואַלד — אויף זיך אַליין!

און די „שירי הגטו״! אין די לידער פֿון געטאָ, וווּ די דיכטערין זוכט און זוכט אַ נוסח פֿון טיפֿקייט און פּשטות פֿאַרן פֿאַרשטומטן ווינד און ווי — ווערט די טויבשטילקייט ווייס אַנגעגליט פֿון דער עצם שטומעניש און שניידט פּאַסן פֿון זיך ווי מיט דער שאַרפֿסטער שווערד...

מען וואָלט געקאָנט נאָך און נאָך רעדן וועגן דער דיכטונג פֿון

בת־מרים, וועגן דעם אומעט און טרויער, וואָס צינדן זיך אָן אין אירע לידער, ווי שטערן אין הימל — און לעשן זיך קיין מאָל נישט אויס, וועגן די תהומען פון עלנטקייט און פאַריתומטקייט, וועגן די אַכט „געשטאַלטן אין דער ווייט״, — די טאַטע־מאַמע, די צוויי זיידעס, דער פעטער, דער שניידער און דער שוסטער. פאַרשיידן ביז גאָר זענען זיי אַלע אַכט אַריינגעוועבט אין אַ פלאַמיק יידישער אַט־מאָספער אויפן פרעמדן דאָרפישן פאָן — און זיי ווירקן צוזאַמען ווי אַ טיפזיניקע, האַרציקע יידישע פאָלקס־מעשהלע; וועגן די פינף שטעט: קיִעוו און לענינגראַד, פּאַריז, תל־אביב און ירושלים. צו־זאַמען מיט דער דיכטערין דערזעט מען אין אַ מערקווערדיק נייעם אַספּעקט די שטיינער אונטער די פיס און דעם הימל איבערן קאָפּ אַפילו אויף די גוט באַקאַנטע תל־אביבער גאַסן. מען וואָלט געקאָנט רעדן אויך וועגן דער דראַמאַטישער שפּאַנונג פון איר לידערישן ריטעם, וואָס וואַקסט און שטאַרקט זיך אויך צווישן די שורות, און דער עיקר וועגן איר טיפער, רירנדיקער באַציִונג צו רחל, דער העברעיִשער דיכטערין (1890—1931). „ואת אינך״, און דו ביסט נישטאָ, הייסט דאָס ליד געהייליקט רחל. „ואת אינך, את אינך, את אינך״ — אַט די שורה, וואָס חזרט זיך איבער אינעם ליד אַ פּאָר מאָל, קלינגט מיט אַן אַ שיעור אייגענע אָפּקלאַנגען, לאַנג נאָך דעם, ווי מען פאַרמאַכט שוין דאָס בוך.

ווו און ווען מען זאָל זיך נישט אָפּשטעלן אין די ווערטער וועגן בת־מרים און אירע לידער, דאַכט זיך סיי ווי, אַז מען האָלט ערשט ביים אָנהייב... איז כדאַי צום סוף פאַרענדיקן מיט דעם, מיט וואָס מען האָט אָנגעהויבן: מיט יוכבד בת־מרימס אַמאָליקע רייד.

עס דערמאָנט זיך: איין מאָל אין אַ קאַלטן רעגנדיקן אָוונט האָט בת־מרים שטיל דערציילט: זי האָט ערשט וואָס אויף ירקון (די גאַס ביים תל־אביבער ים) געזען ווי אַ הויכער עלטערער מאַן געזעגנט זיך מיט אַ יונגער פרוי. ער האָט אַראָפּגענומען זיין הוט, זיך אָנגעבויגן, אַ קוש געטאָן איר אין האַנט און זיך צוריק אויס־

געגלייכט. דעם קאָפּ אָנטבלויזט אינעם ווינט, איז ער געשטאַנען אויפֿן ראָג און נאָכגעקוקט ווי די פֿרוי שפּאַנט פּאַמעלעך אַוועק איבער דער פֿוסטער, נאַסער, פֿאַרנאַכטיקער גאַס און מיט יעדן ווייטערדיקן טריט אירן, האָט זיך צווישן די צוויי געגומען צי׳ען און אָנשפּאַנען אַזאַ געלייטערטע, אַזאַ הייסע בענקשאַפֿט, אַז עס איז פּלוצעם געוואָרן העל און וואַרעם אַרום און אַרום.

„ווי ביי ווירדזשיניאַ וואָלף״ — האָט בת־מרים מאָדנע געריערט פֿאַרענדיקט.

נו, יאָ, פֿאַרשטייט זיך, ווירדזשיניאַ וואָלף — אַזוי האָט זיך געטראַכט דעמאָלט און אַזוי טראַכט זיך איצט. ביי דער גאַנצער מענטשלעכער און קינסטלערישער פֿאַרשיידנקייט צווישן דער העברעי׳שער דיכטערין יוכבד בת־מרים און דער ענגלישער שריפֿטשטעלערין ווירדזשיניאַ וואָלף (1882—1941), איז די אינעווייניקסטע אַטמאָספֿער פֿון זייער ביידנס סאָרט שאַפֿן ערגעץ ווו קרוביש. און עס איז גאָר נישט אַזאַ חידוש וואָס די אַמאָליקע הייסע רייד פֿון בת־מרים, אין ירושלים, וועגן המשך, טראַדיציע און נאָוואַטאָרישקייט — קלינגען זיך איבער מיטן „אָפֿענעם בריוו צו דעם יונגן פּאָעט״ פֿון ווירדזשיניאַ וואָלף (לאָנדאָן, 1932). און נאָך מער — זיי קלינגען זיך איבער אויך מיטן אַלט־נייעם געדאַנק, וואָס די רוסישע דיכטערין אַננאַ אַכמאַטאָווע (1889—1966) האָט ביים סוף פֿון איר לעבן איבערגעחזרט אין איר לענינגראַדער היים.

דער אופֿן פֿון רעדן, דער גראַד פֿון טעמפּעראַמענט זענען ביי די דריי דיכטערינס אַנדערש, ווי אַנדערש און ווייט עס זענען צווישן זיך ירושלים, לאָנדאָן און לענינגראַד. אָבער דער עיקר, דער תּוך, איז ביי זיי אַלע דער זעלבער. יענער עיקר, יענער תּוך, וואָס אַננאַ אַכמאַטאָווע רופֿט עס אָן „דאָס צוקונפֿטיקע וואָס צייטיקט אין דער פֿאַרגאַנגענהייט״ און וואָס ווערט אין יעדן נייעם עטאַפּ פֿון קונסט אויף ס׳ניי אַקטועל. שטענדיק און אומעטום טראָגט אין זיך דער יונגער קינסטלער, במילא און סיי ווי, די פֿרי׳ערדיקע און קומענדיקע קינסטלערס, וואָס דאָס פֿאָלק האָט אַרויסגעבראַכט פֿאַר אים

און וועט אַרויסברענגען נאָך אים. ווער עס פּרוּווט מיט געוואַלד אַרויסרײַסן פון זיך זײַן אָרגאַנישע שייכות צום אַמאָל — קריכט סתם אויף די גלײַכע ווענט. טרעפט זיך דאָך מיט די אולטראַ־מאָדערניסטישע קינסטלערס אין אַלע תקופות די זעלבע אומפאַר־מײַדלעכע זאַך: זיי שפּילן זיך, זיי שפּיגלען זיך אין זייער נאָוואַ־טאָרישקייט אַזוי לאַנג ביז... זיי פאַרגייען מיטן ווינט, אומבאַמערקט פאַר זייער צײַט.

אַזוי, אַן ערך, האָבן ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן זיך אַרויס־געזאָגט די דריי, יעדע איינע פון זיי אין אירן אַן אייגענעם, באַ־זונדערן אופן. אין איר אייגענעם, באַזונדערן אופן, האָט בת־מרים פון איר זײַט ווידער און ווידער אונטערגעשטראָכן: דאָס האָבן די עלטערע העברעיִשע שרײַבערס אויפגעהאַלטן דעם שעפערישן קאָנ־טאַקט מיט דער פאַרגאַנגענהייט. מיטן כּוח פון זייער וויזיע און טרוים האָבן זיי אויסגעחלומט, אַרויסגערופן צום לעבן דאָס אַלץ, וואָס קומט פאָר און וועט פאָרקומען דאָ הי אין לאַנד; און איז דאָך די דינאַמיש קינסטלערישע קראַפט פון אײן ביאַליק גענוג און איבערגענוג אויף אָנצושטעקן אַ סך מער ווי אײן דור.

המשך, טראַדיציע... ווען זוזיק, בת־מרימס זון, איז געווען גאָר אַ קלײנער און נאָך נישט אַרויסגערעדט דעם אות „שין", האָט ער געפרעגט ביי דער מאַמען: פון וועמען הערן מיר, ווי אַזוי די ייִדן זענען אַרויס פון מצרים? — און די מאַמע, בת־מרים, האָט אים געגומען דערקלערן: וועגן יציאת מצרים האָט זי געהערט פון איר טאַטן, זוזיקס זיידע; דער זיידע האָט עס געהערט פון זײַן טאַטן, זוזיקס עלטער־זיידע; דער עלטער־זיידע אאַז"וו...

— אַה, האָבן זיך ביי זוזיקן אַ צינד אָן געטאָן די אויגן און זײַן קול האָט זיך פרײדיק צעקלונגען — ס ר ס ר ת (שרשרת — אַ קייט). אַ גאָלדענע קייט.

1966

# הדסה רובין

א זאַלסט, מיין ליד, נישט קומען צ׳ריק,
א זאַלסט פאַרבלייבן צווישן מענטשן...

(הדסה רובין: „אַ ליד", 1955)

„פון מענטש צו מענטש" — אַזוי הייסט דאָס ערשטע בוך, וואָס הדסה רובין האָט אַרויסגעגעבן אין ישראל (פאַרלאַג י. ל. פּרץ, 1964).ביידע טיילן פון אָט דעם לידער־בוך: „אַ תפילה צו זיך" (וואַרשע) און „איבערפלאַנצונג" (תל־אביב) האַלטן אין איין פלעכטן און איבערפלעכטן זיך, אָרגאַנישערהייט, מיט אירע פריערדיקע דריי ביכער: „מיין גאַס איז אין פענער", 1953; „ווייטיק און פרייד", 1955; און „טריט אין דער נאַכט", 1957 — אַלע דריי דערשינען אין וואַרשע. אָנגעהויבן מיט די חנעוודיק־אומבאַהאָלפענע לידער, גע־דרוקט אין דער „קרעמעניצער שטימע", 1931, ביזן סאַמע לעצטן רייפן, צייטיקן ליד — וואַקסן אַלע לידער אירע אַרויס און וואַקסן אַריין צווישן אַנאַנדער; און ביי זיי אַלע „ברענט אין פייער און ווערט נישט פאַרצערט" דער זעלבער מענטשיש־קעמפערישער יסוד. נאָך מער: אינעם ליד „גאַנץ פרי" (1931) דערציילט הדסה ווי זי קערט די שטוב מיט אַ באַרשט, וואָס איז גרעסער פון איר און עס דאַכט זיך, אַז פון דעמאָלט אָן ביז דער היינטיקער שעה, אַנטפלעקט זיך אין אַלע אירע לידער אַן עול, וואָס האַלט זיך קוים אויף אירע צאַרט־שמאָלע פּלייצעס, און דערביי, אַזוי דאַכט

זיך, ווערט דער יאָך, פון ליד צו ליד, אַלץ גרעסער און גרעסער פון איר...

אויף זייער טשיקאַווע אַסאָציאַטיווע ווענן פירן אַ סך הדסה רובינס לידער צו דער זאַמלונג פון 137 ליבעבריוו (12טער—20סטער יאָרהונדערט) — אַרויסגעגעבן אין מינכען, 1964, פון קורט פּאַססמאַן אין דער סעריע „בריוו פון וועלט־ליטעראַטור". די בריוו האָבן געשריבן באַרימטע פרויען פון אַלערליי לענדער און פעלקער, פון כלערליי סאָציאַלע און געזעלשאַפטלעכע שיכטן.

דער ערשטער בריוו איז פון העלויז צו אַבעלאַר, דעם באַקאַנטן פראַנצייזישן סכאָלאַסטיקער פון 12־טן י"ה. ווי באַוווּסט, האָט די גרויסע קאָרעספּאָנדענץ און די נאָך גרעסערע אומגליקלעכע ליבע צווישן זיי בײדע אינספּירירט פיל דיכטער פון דער גאַנצער וועלט. צווישן זיי האָבן צוויי ווונדערלעכע פּאָעמעס וועגן העלויז און אַבעלאַר געשאַפן א. פּאָפּ (לאָנדאָן, 1717) און אונדזער ה. לייוויק (וואַרשע, 1936).

די לעצטע צוויי בריוו אין דער זאַמלונג (1921) זענען פון דער טשעכישער שרייבערין מילענאַ יעסענסקאַ־פּאָלאַק צו מאַקס בראָדן — וועגן דער ליבע צווישן איר און פראַנץ קאַפקאַ.

אין זיין הקדמה צו דער זאַמלונג באַצייכנט קורט פּאַססמאַן אַ מערקווערדיקע אייגנשאַפט, וואָס פאַראייניקט די פאַרשיידענע פרויען פון די פאַרשיידנסטע תקופות. אין זייער גרעסטער האַרצנויט קעמפן זיי אַלע מער פאַר דער עצם ליבע, ווי פאַר די געליבטע מענער. און נאָך אַ זאַך, ווידער אַן אַסאָציאַטיווער ווענציכן צו הדסה רובין. די דינסטע, אינטימסטע געפילן און איבערלעבונגען בינדן זיך ענג אין די בריוו — מיט די שאַרפסטע אַלגעמיינע פּראָבלעמען פון זייער צייט.

דער 19טער בריוו אין דער זאַמלונג איז פון דער איטאַליענישער דיכטערין גאַספּאַראַ סטאַמפּאַ (16טער יאָרהונדערט). בעצם איז עס אַ מין הקדמה (געשריבן אין דער פאָרעם פון אַ בריוו צום געוועזענעם געליבטן) פאַרן בוך פון 200 סאָנעטן וועגן איר אייגענער

אומגליקלעכער ליבע. אין דער הקדמה, אָדער ווידמונג פון דער דיכטערין, קומט צו אַן אינטערעסאַנטן אויסדרוק דאָס זעלבע, וואָס חזרט זיך איבער אין נאָך און נאָך בריוו: אַז אויך אין דער אַנטוישטער ליבע איז ווייטיק אָרגאַניש פאַרמישט מיט פרייד, יענער מין שטאָלצער ווייטיק און יענער סאָרט עקשנותדיקע פרייד, וואָס האַלטן שטענדיק אין איין אויפגיין און זיך צייטיקן אויך ביי הדסה רובין, דער דיכטערין.

„ווייטיק און פרייד" — אַזוי טאַקע האָט הדסה רובין אָנגערופן איר צווייטן באַנד לידער. עס דאַכט זיך, אַז צוויי שורות פון דאָרטן וואָלט מען געקאָנט שטעלן פאַר דער גאַנצער זאַמלונג פון די ליבע־בריוו ווי אַ מאָטאָ:

וועד ס׳קאָן קיין גרויסן ווייטיק נישט דערטראָגן,
דער האָט פון קליינער ליבע בלויז געוווּסט — —

(„אין צוג", 1950)

און נאָך מער: דער צווייטער טייל אין דער זאַמלונג פון ליבע־בריוו הייסט: „אַ שפּיל און אַ וועג פון מענטש צו מענטש"; דער דריטער — „אַ געשריי פון דער איינזאַמקייט אַרויס".

איז עס דען נישט מער ווי אַ צופאַל, וואָס הדסה רובינס לידערבוך „טריט אין דער נאַכט" ענדיקט זיך מיט די צוויי, שיִער נישט דעקלאַראַטיווע, שורות:

זיי מיר באַגריסט, זיי מיר געבענטשט —
ליבע פון מענטש צו מענטש.

(„ליבע", 1957)

איז עס אויך אַ צופאַל, וואָס דאָס בוך אירס, דערשינען אין ישראל, הייסט: „פון מענטש צו מענטש"?

צווישן די מענטשן, וואָס הדסה האָט זיך ביי זיי געלערנט הלכות ליבע צום מענטש, לייכטן אין איר זכרון מיט אַ באַזונדער וואַרעמער שיין צוויי פּרויען־געשטאַלטן פון צוויי עקסטרעמע פּאָלוסן אין לעבן, אַזוי שרעקלעך ווייט צווישן זיך, ווי מזרח פון מערב. אָבער ווען הדסה דערציילט אַ מאָל וועגן זיי ביי אַ היימישן טיש, ווייזט זיך אויס, אַז זיי זיצן דערביי צוזאַמען און הערן זיךביידע איין אין אירע רייד.

...אַ דאַרינקע, מיט אַ צאַרט־פּיליגראַנער פיגור, מיט אַ פּאָר בלויע אויגן, ווי קאָרנבלומען, איז די קליינע באָבע אסתר־איטע געווען אין דער גרויסער אָרעמער ענגשאַפט — אַ למד־וואָווניצע, אַ צדקת אויף איר אייגענעם ווייבערישן באַראַט. זי האָט נישט געקענט לייענען און שרייבן. און ווי הדסה זאָגט אין איר ליד „אונדזער באָבע״:

ס׳האָט נישט געזען איר קופּערט
קיין ליבעס־בריוו פון קיינעם —

אָבער פון דער באָבע טאַקע האָט הדסה אין יעדער שעה פון טאָג געלערנט, אַז ווי הונגעריק מען זאָל נישט זיין, איז שטענדיק דאָ עמעצער, וואָס איז נאָך הונגעריקער — דאַרף מען מיט אָט דעם עמעצן זיך טיילן מיטן לעצטן ביסן; און אַז עס איז שטענדיק פאַראַן ווער עס איז נאָך אומעטיקער — דאַרף מען זוכן פאַר אים און געבן אים פרייד... מיט אַ שניי־ווייסן קאַפּטיכל אויף איר ערב־שבתדיקן קאָפּ האָט די באָבע אסתר־איטע ביים בענטשן ליכט שטיל געוויינט און נאָך שטילער „געזאָגט״. אפשר דערפאַר האָט די קליינע הדסה, נאָך אײדער זי האָט זיך אויסגעלערנט לייענען און שרייבן, פּלוצעם גענומען אַליין פון זיך „זאָגן״. פאַר וואָס האָט זי „געזאָגט״ דאָס וואָס זי האָט געמוזט זאָגן — דווקא אין לידער? אָט דאָס פרעגט זיך און פרעגט זיך איבער אויף די גרויסע הדסה — ביז איצט...

...מיט דער צווייטער פרוי, אַן אוקראַינישע פויערטע, וואָס איז געווען פאַרמישפּט אויף אַ לעבנסלענגלעכן טערמין, איז הדסה געזעסן אין דער קרעמעניצער טורמע. עס האָט זיך קיינעם דאָרט בשום אופן נישט געגלויבט, אַז אָט די שיינע פרוי מיטן ווייבלעך־פולן קערפּער, מיטן רונדלעך־געמיטלעכן פּנים, האָט געקאָנט דער־הרגענען איר מאַן, בשעת יענער איז געווען פאַרזונקען אין אַ שיכורן שלאָף. כדי אויפצוהייבן איבערן פייניקער און אַכזר אַ שווערע האַק, — האָט זי אַ פּנים באַדאַרפט פון אַלע ווינקעלעך אין איר נשמה אויסזויגן יעדן ברעקל און יעדן טראָפּן אַכזריותדיקייט. ווייל אַחר המעשה איז זי געווען הוילע גוטסקייט. זי פלעגט צווישן די, אַזעלכע פרעמדע, פּאָליטישע אַרעסטירטע פאַרטיילן עסן פון אירע שפּייזפּעקלעך און דערביי שענקען זיי אַ מילדן שמייכל, אַ צאַרטן גלעט. נישט אין איין שווערער מינוט האָט זי אַן אַ שיעור האַרציק און וואַרעם געטרייסט און דערמוטיקט אויך הדסהן. פון אָט דער „מערדערין" האָט די יונגיטשקע הדסה אָפּגעלערנט און אויף שטענ־דיק פאַרגעדענקט, אַז באַדינגונגען קאָנען אַרויפצווינגען אויף אַ מענטש מעשים, וואָס אין תוך איז ער פאַר זיי נישט פאַראַנטוואָרט־לעך... און אפשר האָט די טויערטע, נישט ווויסנדיק, מיטגעהאָלפן הדסהן זי זאָל אין טורמע דאַרפן און וועלן „זאָגן" לידער. פאַר־שרייבן זיי האָבן די פּאָליטישע אַרעסטירטע בשום אופן נישט גע־קענט, האָט אַ חברטע, ערב איר ווערן באַפרייט, אויסגעלערנט הדסהס לידער אויף אויסוויינציק און אין איר חברישן זכרון אַרויס־געטראָגן די לידער אויף דער פריי...

אויף דער פריי האָט מען אַ פּעקל לידער פון הדסה אויסבאַ־האַלטן ביי אַ מומען אין אַ קליינעם שטעטל. און די מומע, אין אַ רגע פון גרויס פּחד פאַר דער פּאָליציי, האָט אַריינגעוואָרפן דאָס פּעקל אין אַ ברענענדיקן אויוון. אויף דער פריי, בשעת מען איז שפּעטער געלאָפן פון די דייטשן, האָט אַ גוטער מענטש געהאָלפן טראָגן דאָס שווערע פּעקל מיט הדסהס נייע לידער. אין דער מהומה,

אינעם תהו־ובוהו פונעם אַנטלויף, האָבן זיך זייערע וועגן צעשיידט... וואָס איז געוואָרן מיטן גוטן מענטש, ווו איז ער איצט? און די לידער? אויף וועלכע ווינטן זענען זיי צעווייעט?...

אייגנטלעך האָט הדסה רובין פון שטענדיק אָן געדאַרפט באַשיצן אירע לידער. קליינערהייט האָט זי זיך געוואָרפן שלאָגן, ווען מען האָט זיך גערייצט מיט איר און זי גערופן „פּאָעטקע". גרויסערהייט איז איר אויסגעקומען צו באַשיצן די לידער קעגן פיינד, קעגן פריינד און... קעגן זיך אַליין. עס איז איר דאָך געווען באַשערט אָדער, ריכטיקער, זי האָט אַליין זיך באַשערט צו שטיין מיט אירע לידער אויף דער וואַך. סיי פריִער, בשעת זי איז גלייביק און אַקטיוו מיטגעגאַנגען מיטן שטראָם אין סאָוועטן־רוסלאַנד און אין פּוילן; סיי שפּעטער, ווען זי האָט, מיט גרויס ווייטיק און צער זיך געשטעלט קעגן. אַ סך אירע לידער פון יענער תקופה זענען געשריבן ווי אַ ווענדונג צו אַ פריינד, צו אַ קעגנער, אָדער נאָך קירצער: צו... און נאָך אַ מאָל צו... אין די אַלע לידער רעדט זי זיך אַראָפּ פונעם האַרצן אָט אַזוי ווי מען רעדט אין אַן אינטימען טאָגבוך, אָדער אין אַ פּערזענלעכן בריוו צו אַ גאָענטן. זיי זענען פול מיט שטרענגע געבאָטן און פאָדערונגען, דער עיקר צו זיך אַליין, צום אייגענעם געוויסן. דאָס רוב פאַרמאָגן זיי אַן עכט־דיכטערישע שפּאַנונג, סיי אינעם זינען און סיי אינעם ריטעם. פאַראַן אָבער צווישן זיי לידער, וואָס זענען צו פיל באַרעדעוודיק. האָט מען טענות, אַז זיי זענען געדרשנט און איניקע רופן זיי אָן מיטן נאָמען „פּאָליטישע".

אויף אַלע אַזעלכע טענות, וואָס זענען שוין געווען פריִער און וועלן נאָך זיכער זיין שפּעטער, ענטפערן אָפּ צוויי שורות פון הדסה רובינס ליד „צו...", 1957:

מיין גאָט, מיר טוט קיין איין מינוט פון מיינע טעג נישט באַנג —
איך האָב זיי פאַר מיין אמת אָפּגעגעבן...

ווי אַ פולער קאָנטראַסט צו די, אַזוי גערופענע „פּאָליטישע", קומען אירע לידער וועגן איינזאַמקייט. אַ שטילער, פאַרגייענדיקער זיפץ הערט זיך מער צווישן די שורות. ערשט נאָכן ענדיקן לייענען דערפילט מען, אַז זיי ווירקן אויף אַן אויסטערלישן אופן גאָר־גאָר נישט איינזאַם. מיט זיי, און דער עיקר מיט אירע וווּנדערלעכע מאַמע־לידער, טרעפט זיך דער נס פון עכטע לירישע לידער: וואָס שטילער זיי קלינגען, אַלץ ברייטער און שטאַרקער איז דער אָפּ־קלאַנג. יעדעס ליד צווישן זיי איז ווי אַ לעבעדיק באַשעפעניש, וואָס האָט זיך אַ דיכטעריש־אייגענעם וווּקס און אויך אַ דיכטעריש־לייבלעכן המשך.

מיט לידער פון אַלגעמיינעם באַטייט און פּערזענלעכן חשבון־הנפש, העלפט זיך אַרויס הדסה רובין אויף יעדן טריט און שריט אירן ביים איינוואָרצלען זיך טיף און טיפער דאָ אין לאַנד. און פון זיך אַליין זינגט זיך ביי איר עכט־דיכטעריש אַרויס פרייד, אָרגאַניש פאַרמישט מיט ווייטיק.

וואָס מער און נעענטער מען לייענט זיך אַריין אין הדסה רובינס פּריִערדיקע און היינטיקע לידער, דערפילט מען טיפער, אַז פון איר בראשית אָן ביז איצט הערשט אין איר לעבן און שאַפונג — אומרו. אומרו יאָגט זיך נאָך איר ליד, גייט מיט, יאָגט איבער און לויפט אָפּט פאָרויס. איין ליד הייסט ביי איר: „פון וואַנען קומט די פרייד צו מיר"? (1934); אַ צווייט ליד הייסט: „פון וואַנען קומט צו מיר דער אומעט"? (1955). אָבער זי האָט זיך קיין מאָל נישט געפרעגט, פון וואַנען קומט צו איר דער אומרו. ער איז אַ פּנים געבוירן צוזאַמען מיט איר און ער האָט געקענט אין אונדזער וועלט, אין אונדזער פאָלק, ביי אונדזערער אַ דיכטערין, בלויז וואַקסן און וואַקסן...

בשעת אַן אָוונט לכבוד איר ניי־דערשינענעם בוך „פון מענטש צו מענטש" (1964) האָט הדסה רובין דערציילט: „מיט פיר יאָר

**צוריק איז זי געקומען אין ישראל, באַזאָרגט וועגן דער משפּחה, דערשראָקן פאַרן היגן לעבן און אומרויִק. איצט איז די „איכישע" זאָרג אַוועק, דער דערשרעק איז פאַרשוווּנדן. געבליבן איז נאָר דער אומרו — נאָך שטאַרקער, נאָך שאַרפער, נאָך מאָנענדיקער.**

**כמעטביים סוף פונעם בוך „פון מענטש צו מענטש" זאָגט זי:**

איך וויל נישט אויסבייטן
דעם אומרו אויף אַ שמייכל,
כאָטש כ׳בענק אַזוי
נאָך אַ צעשמייכלט וואָרט.

(**„צו טייער"**, 1964)

1965

# ווירדזשיניאַ וואָלף און אירע מיטצייטלערס

אין די געפילן און געדאַנקען
איז אַ מענטש אויפריכטיקער
ווי אין זיינע רייד.
**ווירדזשיניאַ וואָלף**

1

נישט מער ווי מיט אַ צוויי, דריי יאָרצענדלינגער צוריק, פלעגט מען נאָך דעם נאָמען ווירדזשיניאַ וואָלף אַרויסרעדן צוזאַמען מיט די נעמען ד. ה. לאָרענס און דזשעימס דזשאָיס. זיי האָבן געהערט צו די „דזשאָרדזשיאַנער", אַ שיִער־נישט „עלעקטראָנישע" ריכטונג אין דער מאָדערנער ענגלישער ליטעראַטור פון יענער תקופה.

ד. ה. לאָרענס, דער יינגסטער צווישן זיי (1885—1930), איז אַלט געווען 34 יאָר ווען ער האָט פאַרלאָזט ענגלאַנד. אַ טובערקלאָז־קראַנקער, האָט ער ביזן סוף פון זיין קורץ לעבן, זיך אַרומגעדרייט לאַנד־איין און לאַנד־אויס. געשטאָרבן איז ער אין דער פרעמד, אין דער קליינער שטאָט וואַנס (פראַנקרייך).

דזשעימס דזשאָיס, דער אירלענדער, און ווירדזשיניאַ וואָלף, די ענגלענדערין, זענען, אין זייערע הויפּטשטעט דעבלין און לאָנדאָן, געקומען אויף דער וועלט אינעם זעלבן „רויִקן" יאָר 1882; אַוועק פון דער וועלט זענען זיי אין סאַמע ברען פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ביידע — אינעם ווילדן יאָר 1941. דזשאָיס, נאָך אַ צענד־לינג אויגן־אָפּעראַציעס, איז צום סוף פון זיין לעבן געווען כמעט בלינד, דערצו אין אַ מצב פון געפערלעכסטער נויט. אין איינעם פון זיינע לעצטע לאָזונגען האָט ער געזאָגט ווען זיך קורץ און שאַרף: „שטומעניש. פאַרשיקונג. מייסטערשאַפט!" אויסגעהויכט די

נשמה האָט דזשעימס דזשאָיס אין דער פרעמד. אין דער גלייכ־גילטיקער שטאָט ציריך (שווייץ). צו יענער צייט האָט ווירדזשיניאַ וווּלף זיך גענומען דאָס לעבן אין איר היימלאַנד.

אין דעם זעלבן יאָר 1941, זאַט מיט נע־ונד אין דער פרעמד, האָט אויך די 49־יעריקע מאַרינאַ צוועטאַיעוואַ, וואָס סאָלזשעניצין רופט זי „די בלענדיק־שטראַלנדיקע רוס־ישע דיכטערין", זיך גענומען דאָס לעבן, אין איר פאָטערלאַנד, אין רוסלאַנד. איז עס אַ צופאַל? נישט מער?

און נאָך. מיט אַ קנאַפּן יאָר פריִער (1940), איז אין מאָסקווע אויסגעגאַנגען אַ צווייטער בלענדיק־שטראַלנדיקער רוסישער שרייבער: דער 48־יעריקער מיכאַיִל בולגאַקאָוו. אַ לאַנג פאַרשטויסענער, אַ פאַרשטומטער, האָט ער אין 1930 געבעטן ביי דער העכערער סאָוועטישער מאַכט, מען זאָל אים דערלויבן אַרויספאָרן קיין אויסלאַנד. „איך האָב דאָ קיין רעכט נישט זיך צו דרוקן" — האָט ער אין זיין ווענדונג געשריבן — „און פאַר מיר איז עס פּונקט אַזוי, ווי מען זאָל מיך באַגראָבן לעבעדיקערהייט". מען האָט אים נישט אַרויסגעלאָזט און דער חרם אויף אים האָט זיך געשטאַרקט. 22 יאָר נאָך אַנאַנד האָט ער געהאַלטן אין איין שלייפן, פורעמען און געשטאַלטיקן זיין ראָמאַן „דער מייסטער און מאַרגאַריטאַ". אין די לעצטע חדשים פון זיין לעבן, בשעת ער איז שוין געווען בלינד, האָט ער דיקטירט זיין פרוי נייע און נייערע חידושים. „דער מייסטער און מאַרגאַריטאַ" איז צום ערשטן מאָל אַרויס, שטאַרק צענזורירט, אין צוויי נומערן פונעם חודש־זשורנאַל „מאָסקוואַ" 1966, 1967) *). דאָס הייסט, 26 יאָר נאָך זיין טויט...

---

*) א. אַ פולע נישט געקירצטע אויסגאַבע פון „דער מייסטער און מאַרגאַריטאַ" איז אַרויס אין דעם רוסישן עמיגראַציע־פאַרלאַג „פּאָסעוו", פראַנקפורט/מיין, 1969.

ב. „דער מייסטער און מאַרגאַריטאַ", אונטערן נאָמען „השטן במוסקבה", (עברית א. ר.) איז אַרויס אינעם תל־אביבער פאַרלאַג „עם עובד" (1969). ווי עס ווייזט אויס, איבערגעזעצט פון דער מאָסקווער צענזורירטער אויפלאַגע.

עס ווערן דאָ דערמאָנט בלויז פינף נעמען פון פינף שרייבערס אין איין תקופה, וואָס זענען געקומען אויף דער וועלט נישט אין דער ריכטיקער צייט. יעדער איינער פון זיי אַסאָציִירט זיך אָבער מיט נאָך און נאָך היימלאָזע קינסטלערס אָדער „גולים", ווי מען רופט זיי דאָ אין לאַנד. די „גולים" פון פאַרשיידענע פעלקער און לענדער זענען צעזייט און צעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט. זיי בלאָנקען אַרום אומעטום, פון שטענדיק אָן, און ביזן היינטיקן טאָג פּראָווען זיי דאָ און דאָרט גייסטיקן גלות. ווער אין דער פרעמד און ווער אין דער היים. אָפט דאַכט זיך, אַז צווישן זיי ליגט אַ תהום. און דאָס איז מן־הסתם אַן אמת. אָבער עס איז אויך אַן אמת, אַז דער שרייבערישער און מענטשלעכער גורל איז ביי זיי אַן איינהייטלעכער. דאַכט זיך אויך, אַז על־פּי־רוב זענען זיי צווישן זיך גייסטיקע קרובים.

אַפילו דער ענגלישער שרייבערישער דרייעק (לאָרענס, דזשאָיס און ווירדזשיניאַ וואָלף) איז, בעצם, אַ שפּיציקער, אַ שאַרפקאַנטיקער. וואָס פאַר אַ גוואַלדיקער אונטערשייד צווישן זיי אין אָפּשטאַם, אין דערציִונג, אין בילדונג! ווי אַנדערש דער סאָציאַלער און געזעל־שאַפטלעכער הינטערגרונט; ווי פאַרשיידן דער אידעיִשער פאַרנעם, שעפערישער אימפּעט און די מאָס פון זייער מייסטערשאַפט. און דאָך האָבן זיי געהאַט אַ בשותפותדיקע פראָנטליניע קעגן זייערע פאַרגייערס די „עדוואַרדיאַנער", דער עיקר, פאַרשטייט זיך קעגן די וויקטיקסטע צווישן זיי, — א. בענעט, דזש. גאָלסוואָרטי און ה. דזש. וועלס.

אויך אָט די דריי זענען געבוירן כמעט אין דער זעלבער צייט (1866, 1867). ווידער נישט מער ווי אַ צופאַל? אַ מערקווערדיקער צונויפטראַף? אַ פּנים, אַז ניין! קומען דאָך גרויסע קינסטלערס פון מאָל צו מאָל אין גרופּעס, צו דריי אָדער מער. זיי קומען און גייען אַוועק כמעט איינצייטיק. מיט אַ מין שאַפעריש־פאַרבאָרגענער

אָרגאַנישער געזעציקייט, וואָס חזרט זיך איבער אין באַשטימטע תקופות, ביי פאַרשיידענע פעלקער.

די דריי „עדוואַרדיאַנער" זענען געווען עלטער פון ווירדזשיניאַ וואָלף אויף אַ קנאַפּן דור. די דרויסנדיק־סטאַבילע תקופה איז שוין געשטאַנען אויפן סאַמע ראַנד פונעם גלאָבאַלן שטורעם. פּאַקטיש, האָבן זיי די גרעסערע ווערק זייערע געשאַפן ערב און בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה. האָט ווירדזשיניאַ וואָלף זיך נאָך אַ מאָל און אויף ס'ניי געחידושט, בעל־פּה ובכתב:

„די יסודות פון דער וועלט וואַקלען זיך — און א. בענעט, דזש. גאַלסוואָרטי און ה. דזש. וועלס בלייבן אין תוך ביי דעם פעסטגעשטעלטן אופן פון דענקען, פילן און רעאַגירן. אמת, זיי גיבן אָפּ אין זייערע ווערק גרויס כבוד דער גייסטער טעכניק, זיי באַגריסן דאָרט יעדן סימפּטאָם פון מאָדערנעם גייסט. אָבער דערביי בויען זיי זייערע ראָמאַנען אויף אַ פאַרעלטערטן באַזיס, בשעת אַזאַ באַזיס פעלט שוין אויס, איז שוין מער אין לעבן נישטאָ. ווי אַזוי קאָנען זיי — האָט ווירדזשיניאַ וואָלף געטענהט — זייער געניי און זייער פּינקטלעך שילדערן פּלעצער, גאַסן און הייזער — און נישט דערזען, נישט באַמערקן, ווי צווישן זייערע פינגער גליטשט זיך אַרויס, אין קלייניקייט, — די נשמה פונעם מענטש? בשעת אינעם רוסישן ראָמאַן, פון פריִער און שפּעטער, בלייבט זי, די נשמה פונעם מענטש, אַן אייביק־געקריינטע העלדין!"

די אַלע פאָדערונגען, אויפמאַנונגען, וואָס ווירדזשיניאַ וואָלף האָט אַרויסגעשטעלט די עלטערע ענגלישע שרייבערס, האָט זי, אין אַ שאַרפערער פאָרעם, אויך געשטעלט זיך אַליין. זי האָט זיך אָפּגעזאָגט פון די פריִערדיקע שרייבערישע מעטאָדן, נישט אָנער־קענט קיין שום אָנגענומענע געזעצן פון שאַפונג — און אַ באַ־פרייטע, זיך געלאָזט אין אַ ווייניק און זעלטן באַטראָטענער ריכ־טונג. פונקט אַזוי, ווי דאָס האָט געטאָן ד. ה. לאָרענס, ווי דאָס האָט געטאָן דזש. דזשאָיס.

זיי האָבן, אַלע דריי, נישט געלייגט קיין אַכט אויף דער לאָגי־

שער אויסגעהאַלטנקייט פון אַ סאָליד געבויטן סיפור־המעשה און דערמיט זיך שאַרף אָפּגעקערט פון דעם סוזשעט, וואָס האָט גע־הערשט און געוועלטיקט אין דעם ענגלישן ראָמאַן. פאַר זיי, אַלע דריי, איז אויפגעקומען אַ נייער עיקר, אַ נייער ברענפונקט: די קאָמפּליצירטע פּסיכאָלאָגיע (אָדער דער „פּסיכאָלאָגישער רעוואָלט") פונעם מאָדערנעם מענטש — אין דער גרייצטער שפּאַנונג, אין דעם אויפגעטרייסלטן ריטעם פון דער נייער צייט. דערצו האָט זיך געפאָדערט אַן אַנדער שאַפערישער פּראָצעס, וואָס האָט געדאַרפט פאַרווישן די גרענעצן צווישן חלום און וואָר, צווישן רעאַליטעט און טרוים. דערצו האָבן זיי געמוזט אויסזוכן אַנדערע וועגן, כדי צו פורעמען און געשטאַלטיקן דעם נייעם שאַפערישן שטאָף. זיי האָבן זיך נישט גענאַרט. געוווּסט גוט ווי שווער און אַחריותדיק איז זייער שליחות. ביזן סוף פון זייער לעבן האָבן זיי געהאַלטן אין איין פאַרשאַרפן און פאַרשפּיצן די דערציילערישע כלי־זין. ביים פּרוּוון צעגלידערן די פּסיכיק און געמיט פון די העלדן, האָבן זיי, דער עיקר דזשאָיס און וו. וווּלף, שוין דעמאָלט זיך באַנוצט מיט אַן עלעקטראָניש־מיקראָסקאָפּישן מעטאָד. אַזוי אָדער אַנדערש, האָבן זיי נישט אויפגעהערט אויפצושטעלן נייע און נייערע פאָרעם און סטיל. יעדער איינער פון זיי — אויף אַן אינדיווידועלן אופן. דערביי איז קיין איינער צווישן זיי נישט געוואָרן פאַרבלענדט פון זיך אַליין. נישט פאַרוואַנדלט זיין באַפרייטן „איך" אין אַן איך־פעטיש און זיך אויך נישט געשטעלט אין דינסט ביי „קונסט צוליב קונסט".

אפשר דערפאַר און אפשר... אָבער ווער קאָן דען אויסרעכענען פאַר וואָס איז אַזוי שטאַרק געווען זייער דרייפאַכיקע, אומגלייבלעכע השפּעה אויף אַ סך אייראָפּעיִשע שרייבערס, און דורך יענע — אויף דער פּראָגרעסיווער ליטעראַטור אין אַ היפּשן טייל פון דער וועלט?

אין משך פון יאָרן איז די פאַרשיידנקייט צווישן די דריי דזשאָרדזשיאַנער געוואָרן אַלץ בולטער און בולטער, די אָפּשאַצונג פון זייערע ווערק — אַלץ מער דיפערענצירט. אָבער ביז איצט, קוים רעדט מען וועגן ווירדזשיניאַ וווּלף, קאָן מען נישט פאַרבייגיין די

אַנדערע צוויי. און עס איז מער ווי כדאַי צו דערציילן וועגן דעם שווערן שרייבערישן וועג פון די צוויי, זאָל זיין נאָר אין קנאַפּע ווערטער, זאָל זיין בלויז אינפאָרמאַטיוו.

## 2

דער פּאָפּולערסטער צווישן די דריי איז געווען (און אפשר, געבליבן?) ד. ה. לאָרענס. אַ פּאָעט, אַ פּראָזאַיקער, אַ דראַמאַטורג און אויך אַ מאָלער. געבוירן אין אַ קליינער ענגלישער קוילנגרוב־שטאָט, אַ זון פון אַ שאַכטיאָר און פון אַ דאָמינירנדיקער, קולטור־רעלער מוטער — איז ער אין דער יוגנט געווען אַ באַשיידענער פאָלקסלערער. נאָך דעם ווי ער האָט פאַרלאָזט ענגלאַנד (1919), האָט עס לאַנג נישט געדויערט ביז ד. ה. לאָרענס האָט אויפגערו־דערט אַ וועלט מיט זיינע אויפרייסערישע אַנטיפּוריטאַנישע ווערק. בראש פון זיי האָט זיך שפּעטער געשטעלט זיין באַרימטער ראָמאַן „דער געליבטער פון ליידי טשאַטערליי" (אַרויס אין פּאַריז, 1928). *) אַ פריידיק־קינסטלערישער לויבגעזאַנג, אַ גלאָריפיקאַציע פון פרייער ליבע. דאָס רוב זיינע שאַפונגען, און אַפילו אַ פּאָר מאָלערישע בילדער, זענען נישט איין מאָל געווען פאַרבאָטן און אַפילו קאָנ־פיסקירט. אַרום אים און זיין שאַפונג האָט זיך, דער עיקר אין ענגלאַנד, צעפלאַקערט אַ הייסע פּאָלעמיק, וואָס האָט זיך נישט איינגעשטילט אויך נאָך זיין טויט. די קאָמפּליצירטע פּערזענלעכ־קייט פון ד. ה. לאָרענס האָט, אַליין פאַר זיך, גערייצט די פאַנטאַזיע פון די ענגלישע שרייבערס. איניקע צווישן זיי האָבן אַפילו גע־פּרוווט „אַראָפּשילדערן" לאָרענסן דעם מענטש אין זייערן אַ בוך.

---

*) „דער געליבטער פון ליידי טשאַטערליי" איז סוף 1972, שוין צום צווייטן מאָל, אַרויס דאָ־הי אויף עברית. דאָס מאָל — איבערזעצט פונעם פולן, נישט צענזורירטן נוסח: ד. ה. לורנס „מאהבה של ליידי צ'טרלי", מאנגלית: אהרן אמיר, „עם עובד", הספריה לעם, תשל"ג, 320 עמ'.

און יעדעס מאָל, אויך ביז איצט, ווען אַ ווערק זיינס ווערט איבערגעדרוקט אָדער איבערגעזעצט; יעדעס מאָל, ווען אַ שאַפונג פון אים ווערט פילמירט (און אַ מאָל אויך פרעמירט), — טוט זיין פּאָפּולערקייט אַ פלאַם אויף אויף ס׳ניי. אַזוי — מיט אַ קורצער צייט צוריק, האָט אַ פרעמירטער פילם לויט זיין ראָמאַן „פּאַרליבטע פרויען" (1920) געמאַכט אַ שפּאַציר איבער דער וועלט, און אויך געקומען אַהער, אין ישראל.

מיט גרויסען סתירות, ווידעראַנאַנדן און נאָך גרעסערע איבער־ראַשונגען איז פול די פּערזענלעכע און שרייבערישע ביאָגראַפיע פון ד״ה. דזשאָיס, דעם אירלענדער. זיין נישט־פּאַרמעגלעכער פּאָטער, אַ פיינער זינגער, זיין פרומע מוטער, אַ גלענצנדיקע פּיאַניסטין, האָבן אָנגעטרויט די דערציִונג פון זייער זון — די יעזויִטן. קוים פאַר־ענדיקט דעם יעזויִטישן קאָלעדזש אין דעבלין, האָט זיך דער יונגער דזשאָיס אַרויסגעריסן קיין פּאַריז, און דאָרט, אין פּאַריז, אָנגעהויבן אָפּריכטן זיין לעבנסלאַנגן גלות. בלויז איין מאָל, אויף אַ גאַנץ קורצער צייט, איז ער געפאָרן, הין און צוריק, זיך זען מיט זיין שטערבלעך־קראַנקער מוטער.

> איך וויל נישט דינען קיין שום זאַך, אין וועלכער איך גלייב נישט, — האָט דזשעימס דזשאָיס נישט איין מאָל דער־קלערט, — מעג די זאַך הייסן מיין היים, מיין פאָטערלאַנד, אָדער מיין קלויסטער...

אין פּאַריז האָט דזשאָיס געפּרוּווט שטודירן מעדיצין; שפּעטער געוואָלט זיין אַ פּראָפעסיאָנעלער זינגער און מער ווי אַ יאָרצענד־לינג געווען אַ לערער פון שפּראַכן אין איטאַליע און אין דער שווייץ. אין 1922 האָט ד״ה. דזשאָיס אַרויסגעגעבן זיין דריטן ראָמאַן „יוליסעס" (מער ווי 1000 זייטן) וועגן אַ טאָג אין לעבן פון צוויי דעבלינער בירגערס (איינער פון זיי איז לעאָפּאָלד בלום, אַ ייִד),

מיט אַ נאַכטישן אינעווייניק־שטראָמיקן מאָנאָלאָג פֿן מאַריאַן, בלומס פֿרוי. אַ באַזונדערע, פֿילזאָגנדיקע פּרשה, אַליין פֿאַר זיך גופֿא, איז דער אופֿן ווי אַזוי די לייענערס פֿון גאָר דער וועלט האָבן אויפֿגענומען דאָס בוך „יוליסעס". האָט דאָך איין צד באַגייסטערט פּראָקלאַמירט דאָס ווערק שיִער־נישט פֿאַר דער עוואַנגעליע פֿון דער מאָדערנער צייט. בשעת אַ צווייטער, אַ גרעסערע צד, האָט באַטראַכט דעם ראָמאַן ווי אַ שווערע לעסטערונג פֿון יעטווידער עטישן און עסטעטישן ווערט. שוין אָפּגערעדט פֿון אַ לאַנגער קייט נאָכווייענישן: גלייכגילט, פֿאַרבאָט און חרם. אין זיין לעצט בוך „פֿאַר דער קבורה פֿון פֿיניגגען" (1939) האָט דזשאָיס כמעט פֿאָרויסגעזען זיין אייגענע לוויה, כמעט פֿאָרויסגעזאָגט די הספּדים נאָך זיך.

צי האָט אָבער דזשאָיס פֿאָרויסגעפֿילט, אַז „דזשאָיסיזם" וועט ווערן אַ קינסטלערישער באַגריף פֿאַר די נייסטע שטראָמען פֿון דער וועלט־ליטעראַטור אינעם 20סטן יאָרהונדערט, פּונקט אַזוי ווי אינעם 19טן יאָרהונדערט איז עס געווען דער באַגריף „איבסעניזם"? האָט דאָך אויך דער נאָרוועגישער דראַמאַטורג העגריק איבסען (1828—1906) יאָרן־לאַנג אָפּגעריכט אַ פֿרייוויליקן גלות אין אויסלאַנד, דער עיקר אין איטאַליע. וואָס שייך דעם „דזשאָיסיזם", זאָלן דאָ, ווי צוויי טראָפּנס אין אַ ים, דערמאָנט ווערן די נעמען פֿון צוויי היינצייטיקע שרייבערס „גולים": וולאַדימיר נאָוואַקאָוו און אַנטאָני בורדזשעס. ווי באַוווּסט, האַלטן די חסידים פֿונעם רוסיש־ענגלישן שרייבער וולאַדימיר נאָוואַקאָוו, אַז ער איז דער גרעסטער אַמעריקאַנער ראָמאַניסט פֿון אונדזער תקופֿה. זענען ביז גאָר אינטערעסאַנט און טשיקאַווע די אַסאָציאַציע־וועגן, וואָס פֿירן די באַגייסטערטע קריטיקערס נאָך אַ מאָל און אויף ס'ניי צו דזש. דזשאָיס. און אַנטאָני בורדזשעס, אַן ענגלענדער, וואָס פּראַוועט אַ פֿרייוויליקן גלות אין איטאַליע, באַאַרבעט איצט דאָס ווערק „יוליסעס" פֿאַר אַן אָריגינעלן ענגלישן „מיוזיקל" אין לאָנדאָן...

עס גלוסט זיך פֿאַרענדיקן די שטאַרק פֿאַרקירצטע שורות וועגן דזש. דזשאָיס דערמיט, אַז זיין ערשט בוך דערציילונגען, „דעבלינער",

וואָס איז אַ מאָל געווען פֿאַרבאָטן אין ענגלאַנד, איז אין 1971 — דרייסיק יאָר נאָך דעם טויט פֿונעם מחבר — אַרויס דאָ־הי אין עברית־איבערזעצונג; און אַז אויך אַ באַנד זיינע ליבע־לידער „קאַמער־מוזיק" (1907) איז אַרויס אויף עברית, אין 1972.

אַרום ווירדזשיניאַ וואָלף, דער איינציקער צווישן די דריי, האָט זיך קיין מאָל נישט צו שטאַרק געדעשט. קיין איין ווערק אירס איז נישט געוואָרן אַ בעסטסעלער און אויך קיין מאָל נישט געווען אַקטיוו באַקעמפֿט. נישט בשעת איר לעבן און נישט נאָך איר טויט.

אמת, מיט עטלעכע יאָרן צוריק האָט זיך אין דער טעאַטער־וועלט פֿון עטלעכע לענדער אַ טומל געטאָן אַרום דער שלאַגער־פֿאַרשטעלונג „ווער האָט מורא פֿאַר ווירדזשיניאַ וואָלף?" בעצם האָט די שאַרפֿע פּיעסע פֿונעם מאָדערנעם אַמעריקאַנער דראַמאַטורג עדוואַרד עלבי קיין שום קאָנקרעטע שייכות נישט צו ווירדזשיניאַ וואָלף. איז מען אומעטום געווען נייגעריק. געוואָלט דערגיין, אומ־באַדינגט זיך דערוויסן „פֿאַר וואָס עפּעס", וואָס מיינט דער מחבר, וואָס איז ער אויסן מיטן נאָמען פֿון זיין פּיעסע? עס זענען געווען קלאַנגען, אַז די משפּחה פֿון ווירדזשיניאַ וואָלף האָט געפּרוּווט פּראָ־טעסטירן קעגן דעם נאָמען פֿון דער פּיעסע, אַז אין טשעכיע האָט מען די פֿאַרשטעלונג געפּרוּווט אָנרופֿן: „ווער האָט מורא פֿאַר פֿראַנץ קאַפֿקאַ?". און ווי ביי יעדער סענסאַציע איז דער עיקר געווען דאָס ביסל טומל, וואָס האָט זיך אויך אין דעם פֿאַל גיך איינגעשטילט.

ווי פֿריִער, פֿאַר דעם, אַזוי אויך שפּעטער, נאָך דעם, איז מיט אַן אָרגאַניש־פּאַמעלעכן שווונג אַלץ מער געשטיגן דער טיפֿער ערנסטער אינטערעס צו דער פֿילפֿאַרביקער שאַפֿונג פֿון וו. וואָלף. אַ ראָמאַניסטקע און אַ דערציילערין, אַ פּובליציסטין און קריטיקע־ריןָ, אַ רעדאַקטאָרין און אַ לעקטאָרין, און אחרון־אחרון — אַ הייסע קעמפֿערין פֿאַר פֿרויען־רעכט. אין יעדן איינציקן פֿון די אַלע געביטן איז זי געווען און געבליבן קוואַליק אָריגינעל. אַזוי ווייט, אַז מיט דער

צייט איז דער נאָמען ווירדזשיניאַ וווּלף געוואָרן אַ מין סימבאָל פאַר דער אייביקער באַנייונג פון אַ שאַפערישן קלימאַקס. וועגן ווירדזשיניאַ וווּלף זענען אַרויס, אין איינציקע שפּראַכן, קלענערע און גרעסערע פאָרשערישע אָפּהאַנדלונגען. אויך דאָקטאָראַט־אַרבעטן, דיסערטאַציעס. מען האָט דורכגעפירט פּאַראַלעלן נישט בלויז צווישן איר מיט די ענגלישע ד. ה. לאָרענס און דזש. דזשאָיס. מען האָט זי פאַרגלייכט מיט אַ גאַנצער ריי שרייבערס און דענקערס פון אַנדערע פעלקער, צווישן זיי: אַנרי בערגסאָן, פראַנץ קאַפקאַ, זיג־מונד פרויד.

כמעט אַלע, וואָס האָבן ווען עס איז געשריבן וועגן איר, זענען איינשטימיק, אַז אַרויסברענגען, אויפדעקן דעם מהות פון דער קינסטלערין ווירדזשיניאַ וווּלף, איז זייער שווער.

שוין צום דריטן מאָל (אין די יאָרן: 1947, 1965 און 1972) חזרט די שרייבערין פון די שורות איבער אַ פּרווו צו דערציילן דעם יידישן לייענער וועגן ווירדזשיניאַ וווּלף. ווי פריִער, ווייסט זי אויך איצט: די רייד וועגן ווירדזשיניאַ וווּלף וועלן צום סוף ווידער בלייבן ווי איבערגעריסן אין מיטן.

3

אויפן גורל פון ווירדזשיניאַ וווּלף, פון דער היים סטעפען, זענען אויסגעפאַלן פרידלעכע, ביז גאָר גינציקע באַדינגונגען אינעם טאָג־טעגלעכן לעבן. זי האָט אַ פּנים נישט געמוזט קוקן אַ שווערער רעאַליטעט גלייך אין די אויגן, ווי דערצו זענען דעמאָלט געווען געצווונגען סיי מאַרינאַ צוועטאַיעוואַ און מיכאַיל בולגאַקאָוו, — די רוסישע שרייבערס; און סיי דזשאָיס און לאָרענס, אירע ענגלישע מיטצייטלערס.

ווירדזשיניאַ סטעפען איז געבוירן (לאָנדאָן, 1882) אין אַן אַריסטאָקראַטישער שרייבער־משפּחה, פון גייסטיק־הויכן ענגלישן יִחוס. איר פאָטער, סער לעסלי סטעפען — אַן אַטלעט, אַן ערשט

קלאַסיקער ספּאָרטסמאַן — איז געווען אַ פילאָסאָף, רעדאַקטאָר, קריטיקער און שרייבער. פון אים טאַקע האָט די טאָכטער אַ פּנים געירשנט איר שאַרף־אַנאַליטישן מוח. און ווי עס ווייזט אויס, האָט די מוטער, פון פראַנצויזישן אָפּשטאַם, באַשאַנקען די טאָכטער וויר־דזשיניאַ מיט אַ צאַרטן פיינפיליקן חוש. דאָס דערפילט מען בשעת מען קוקט זיך איין אין אירער אַ געדרוקטער פאָטאָגראַפיע, וואָס זעט אויס ווי אַ קמיע: מיט שאַרפע דין־געשניצטע שטריכן, מיט אַ הויכן שטערן פון אַ דענקער און מיט אַ ליבהאַרציקן, פרוי׳יש ווייכן שמייכל, וואָס באַהאַלט זיך אויס אין די ווינקלען פון איר פעסט־געשלאָסענעם מויל.

פּיזיש אַ שוואַכע, האָט זי איר בילדונג באַקומען אין דער היים. יונגערהייט, אַזוי דערציילט מען, האָט זי „אויסגעלייענט" די ריזיקע ביבליאָטעק פון איר פאָטער און אַזוי אַרום, ביי זיך אין שטוב, אַנטדעקט נייע האָריזאָנטן פון אומבאַקאַנטע וועלטן. דערצו האָט זי זייער פרי אָנגעהויבן צו באַשעפטיקן זיך ליבהאָבעריש מיט האַנט־דרוקעריי.

אין יאָר 1912 האָט ווירדזשיניאַ סטעפען חתונה געהאַט מיט דעם אָנגעזעענעם ענגלישן שרייבער און איבערזעצער לעאָנאַרד (סידנעי) וואָלף, (1880 — 1969) — אַן עסיי׳סט און פּובליציסט. האָט ער געשריבן אויך סקעטשן און צוזאַמען מיט ווירדזשיניאַ וואָלף אָנגעשריבן צוויי דערציילונגען (1917). לעאָנאַרד וואָלף, אַן אייניקל פון אַ יי׳דישן שניידער אין לאָנדאָנער איסט־ענד, דער זון פון אַ באַקאַנטן אַדוואָקאַט, דערציילט אין זיינעם אַן אויטאָביאָגראַ־פישן ראָמאַן, ווי אַזוי ער האָט אין עלטער פון פערצן יאָר פאַרלוירן דעם גלויבן אין גאָט און איז שוין אויף שטענדיק געבליבן אַן אַטעי׳סט.

געקומען פון צוויי אַזעלכע פאַרשיידענע ספערן, האָט די שריי־בערישע פּאָר ווירדזשיניאַ און לעאָנאַרד וואָלף אַנטוויקלט צוזאַמען אַ ברייטע קולטור־אַרבעט. אָנגעהויבן פון אַ קליינער האַנט־דרוקעריי, האָבן זיי אויפגעשטעלט דעם באַרימט געוואָרענעם פאַרלאַג „האָגאַרט פּרעס", וואָס האָט

פאַרלאַג „האָגאַרט פּרעס”, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל באַרייכערן די ענגלישע ליטעראַטור מיט נייע שעפערישע כוחות. צווישן די פיל אויסגעצייכנטע פּאָעטן און פּראָזאַיִקערס האָט דאָרטן דעביוטירט אויך קעטרין מענספילד פון ניו־זעלאַנד, וואָס מען האָט זי שפּעטער געקרוינט מיטן נאָמען „ענגלישער טשעכאָוו”. דאָרטן טאַקע זענען אַרויס אַ ריי מוסטערדיקע איבערזעצונגען פון דער וועלט־ליטעראַטור, דער עיקר פון דער רוסישער. אַ חוץ דעם אַלעם, האָבן זיי ביידע, וו. און ל. וואָלף, גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל ביים גרינדן און אָנפירן די באַקאַנטע ראַדיקאַל־אינטעלעקטועלע „בלומסבערי גרופּ”.

עס האָט זיך געדאַכט, אַז ווירדזשיניאַ וואָלף האַלט אין סאַמע מיט פון איר קולטור־געזעלשאַפטלעכן, קינסטלערישן און מענטש־לעכן אויפשטייג, ווען עס האָט זיך פּלוצעם באַוויזן די ידיעה, אַז ווירדזשיניאַ וואָלף איז נישטאָ. און גלייך האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז זי האָט זיך גענומען דאָס לעבן. נאָך איר טויט, אין יאָר 1941, זענען אַרויס צוויי אויפלאַגעס פון איר כמעט פאַרענדיקטן בוך „צווישן די אַקטן” וועגן דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, געשריבן מיט אַ ברענענדיקער דאגה און זאָרג, וואָס די שטייענדיקע ענגלישע רו בלייבט נאָך אַלץ נישט געשטערט אויף אַ האָר. עס איז דעמאָלט אויך אַרויס דער באַנד „שדים־הויז”, מיט אַכצן דערציילונגען, צווישן זיי זעקס נאָך נישט געדרוקטע.

ביי דער שרייבערין פון די שורות איז ביז איצט, צוזאַמען מיטן צער, געבליבן אַ פּאַרדרוס־געפיל: ווער זשע, אויב נישט ווירדזשיניאַ וואָלף, וועט באַלייכטן דעם סוף וועג פון ווירדזשיניאַ סטעפען, וואָס האָט אויסגעפירט אַ טויט־אורטייל אויף זיך אַליין?

אַוודאי, ווירדזשיניאַ וואָלף איז ווייט נישט די איינציקע, וואָס האָט זיך פאַרמאָסטן מיט דער אייביקער רעטעניש: וואָס אַזוינס איז די נשמה פון אַ מענטש? אָבער וו. וואָלף, באַוואָפנט מיט אַלזייטיקן וויסן אויף די געביטן פון מענטש־דערקענטעניש, איז זיך געגאַנגען מיט אַ גאָר אָריגינעלן, פּרוויִש־עמאָציאָנעלן גאַנג.

כמעט אין אַלע װערק אירע גייט אַדורך, אין כלערליי װאַריאַנטן, איין און דער זעלבער געדאַנק: מיר קאָנען װייניק אונדזער נשמה און נאָך װייניקער קענען מיר אַ פרעמדע נשמה. אויך ביי מענטשן װאָס דרויסנדיק זעען זיי אויס גלייכגילטיק, אָדער באַרויִקט, אָדער אַפילו צופרידן מיט זיך, אויך אין זייער נשמה באַהאַלטן זיך אויס עלעמענטן, װאָס זענען נאָך נישט דערגרונטעוועט. דאָרט אין די טיפענישן, קוואַלט אַן אינעוויייניקסטער שטראָם מיט נישט־געאַנטע אומרויִקע עמאָציעס. זי האָט אָט דעם עקשנותדיקן געדאַנק, װאָס האָט איר אַ פּנים קיין מאָל נישט געלאָזט צו רו, איבערגעחזרט אַזוי אָפט, ביז ער האָט גענומען קלינגען װי אַ מאָטאָ צו אַלע אירע פאַרשיידנסטע שאַפונגען — צו די דערציילונגען, ביאָגראַפיעס, ראָמאַנען און אויך צו אירע עסייען און קריטיש־פאַרשערישע אָפּ־האַנדלונגען.

בעצם, קאָן מען אַלע אירע נײַן ראָמאַנען אָנרופן מיטן אולטראַ־מאָדערנעם נאָמען „אַנטי־ראָמאַן". איז דאָך אין זיי נישטאָ קיין פאַבולע, נישטאָ קיין קאָנפליקטן און קריזיסן, קיין „טיפּן" און אויך נישט קיין אָפּגעמאָסטן שטיקל צייט — אינעם באַקאַנטן, איינגע־שטעלטן זינען פונעם װאָרט. אַנשטאָט דעם, — קומט דאָרט צום אויסדרוק אַ מין נײַע דראַמאַטיש־אָנגעלאָדענע רעאַליטעט, אַ מין פּנימיותדיק־געשפּאַנטע אַטמאָספער, װאָס װיברירט מיט פּאָטענציעלע מעגלעכקייטן און פאַרהוילענע אַספּעקטן פון געשעענישן און דער־שיינונגען. שיִעור נישט נאַטירלעך, אַנטפּלעקט זיך מער װי אין געשטאַלט, מער װי אין „איך", ביי דעם אָדער אַנדערן באַזונדערן העלד און מען דערזעט, שיִער נישט באַשיימפּערלעך, װי װייט רעלאַטיװ עס קאָן זיין דער באַגריף פון צייט און אויך דער באַגריף פאַנטאַסטישקייט.

נעכטן, היינט, אָדער מאָרגן? חלום אָדער װאָר? נישטאָ צווישן זיי קיין גרענעצן! אָט ציט זיך אַ מינוט פון גייסטיקן לעבן 120 מאָל לענגער פון אַ שעה אויפן זייגער. און אָט לויפן דורך הונדערטער און הונדערטער שעהען — װי אַ מינוט.

דער צייטאָפּשניט, וואָס קומט פאָר אינעם ראָמאַן „מיסיס דאַלאָוויי״ (1925), איז אַפילו נישט קיין מעת־לעת, פון צען אין דער פרי ביז דריי ביי נאַכט אין אַ זומערדיקן יולי־טאָג נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, די חשובע מיסיס דאַלאָוויי גרייט זיך אויפצונעמען געסט אין איר פיינער ווילע — אַזוי ווי עס פּירט זיך ביי לייטן. אָבער אָט שווימען־אָן אויפן געמיטלעכן פּאָן אויסשטראַלונגען פון איבערלעבונגען ביי אַ ריי מענטשן, אָפּקלאַנגען פון דעם עבר, מאָמענטאַלע איינדרוקן פון איצט, פאָרויספילונגען אויף דער צוקונפט — דאָס אַלץ פאַרמישט זיך, כוואַליעט זיך אַריבער און שיילט אויס פון זיך די נאָכמלחמהדיקע אויסגעפּאָמפּעטליידיקע אַטמאָספער פון דער ענגלישער „הויכער״ געזעלשאַפט. און ביי דער רויקער, בכבודיקער מיסיס דאַלאָוויי אַנטפּלעקט זיך דערביי אַזאַ תהום אין דער נשמה, אַזאַ פאַרלאָרנקייט און פּוסטקייט, כמעט ווי ביי סעפּטימוסן. און סעפּטימוס, דער געוועזענער העלד אויפן שלאַכטפעלד, האָט זיך צוריקגעקערט פונעם פראָנט אַ סך מער ווי האַלב משוגע. צום סוף האָט ער זיך גענומען דאָס לעבן.

אָט איז נאָך אַ ראָמאַן, וואָס הייסט „די יאָרן״ (1937). דער צייטדויער איז שוין דאָ נישט קיין קנאַפּער מעת־לעת, נאָר קיילעכדיקע יאָרצענדלינגער. וויפל? פון 1880 ביז... ביז יעדן טאָג פונעם היינטיקן און, עס דאַכט זיך, אויך פונעם קומענדיקן יאָרהונדערט. עס טרעט דאָ אויף אַ ברייט־פאַרצווייגטע ענגלישע משפּחה. וו. וואָלף ברענגט אַרויס יעדן משפּחה־מיטגליד בלויז אין איין רגע פון זיין לעבן. אין גאַנג פון די יאָרן קומט ווידער איין רגע, און שפּעטער — נאָך אַ מאָל אַ רגע. אין אָט די באַזונדערע, איינצלנע מאָמענטן פון פאַרשידענע תקופות זוכט און געפינט וו. וואָלף יסודותדיקע פּרטים, ניואַנסן, שאַטירונגען. און פון זיי אַלע צוזאַמען כישופט זי אַרויס דעם פילקלאַנגיקן אינעווייניקסטן ריטעם פון אַ שטאָט מיט מענטשן און דאָס פילגעשטאַלטיקע אינעווייניקסטע לעבן פון דעם מענטשן אין שטאָט. ווער עס לייענט דעם ראָמאַן „די יאָרן״ (ווו און ווען עס זאָל נישט זיין), מוז זיך פאַרהאַלטן לענגער ביי איין פּראַזע:

...עלעאַנאָר האָט אויסגעשטרעקט די הענט, פּונקט ווי זי זאָל וועלן איינהאַלטן דעם איצטיקן מאָמענט. אָפּשטעלן אים; פול אָנפילן אים מיטן פאַרגאַנגענעם פונעם אַמאָל, מיטן אָטעם פונעם איצט און מיטן צוקונפטיקן פונעם שפּעטער, ביז דער מאָמענט וועט נעמען לייכטן, שיינען — העל, טיף און גאַנץ...

עס דאַכט זיך, אַז די שרייבערין זאָגט דאָ, קורץ און בילדעריש, וואָס זי איז, אייגנטלעך, אויסן מיט איר נישט־געוויינלעכער שאַפונג.

ווי שוין פריִער געזאָגט, ביי דער גאַנצער נישט־געוויינטלעכער פאָרעם פון איר שאַפן, האָט וו. וווּלף זיך קיין מאָל נישט געלאָזט פאַרפירן פונעם עצם זיין ניי און אָריגינעל. און ווירדזשיניאַ וווּלף ווירקט טאַקע נישט צוגעטראַכט און אַוודאי נישט געקינצלט (ווי אַ טייל קריטיקערס האָבן זי געהאַט באַשולדיקט). וואָרצלען דאָך טיף אין די פּראָבלעמען פון דער צייט אַפילו די פאַנטאַסטישסטע צווישן אירע ווערק.

קאָן דען זיין, וואָלט זיך געדאַכט, אַ מער נישט־באַגלייבט בוך, ווי „אָרלאַנדאָ" (1928), אַ ביאָגראַפיע, וואָס די שרייבערין רופט זי אָן „אַ פאַנטאַסטישע מעשה"? דרייט זיך דאָך אָרלאַנדאָ אַרום איבער לענדער צווישן פאַרשיידענע סאָציאַלע שיכטן אין משך פון עטלעכע הונדערט יאָר. דערצו איז אָרלאַנדאָ פריִער אַ מאַן און שפּעטער אַ פרוי. אָבער אין תוך (אַזוי מיינען אייניקע ערנסטע ליטעראַטור־פאָרשערס) איז אָט דער וווּנדערלעכער סיפּור־המעשה אַ פּערזאָניפיצירטע געשיכטע פונעם ענגלישן גייסט, וואָס האַלט זיך אין איין באַנייען דור־אויס און דור־איין. אַ מאָל אין געשטאַלט פון אַ מאַן און אַ מאָל פון אַ פרוי. און וואָס איז דער אמתער חידוש: ווי דאָס רוב פון אירע ווערק, קלינגט אויך און אַפילו „אָרלאַנדאָ" אַקטועל ביזן היינטיקן טאָג.

4

אַ ראָמאַן און נאָך אַ ראָמאַן. יעדער איינער — אַ נייער דרייסטער עקספּערימענט אין פאָרעם און סטיל, אַ נייער דרייסטער פּרוּוו ביים פאַנאַנדערוויקלען, אויפלייזן פאַרפּלאָנטערטע קנוילן פון איבערלעבונגען און שטימונגען. אויפן ערשטן בליק קאָן זיך דאַכטן, אַז וו. וווּלף איז פאַרטאָן אין צו־הויכע ספערעס און אַז זי מאַכט נישט קיין אויספירן, פירט נישט אונטער בכיוון קיין שום סך־הכלען, בלויז אַ בילד דאָ און אַ בילד דאָרט, איין שאַרפער אָנדייט און אַ צווייטער. אָבער פונקט ווי פון זיך אַליין, נעמען די מענטשן ביי איר זיך פאַר־טיילן אין צוויי מינים, אין צוויי „סאָרטן". איין מין איז סאָליד, באַגרענעצט און לאַנגווייליק. ווי גוט, „אַקוראַטנע", ער פּאַסט זיך דאָס אַריין אין די ראַמען פון אַ פעסט באַשטימטן שטייגער. אַזאַ איינער לעבט זיך אויס, טראַכט, ווען ער טראַכט, און רעדט, וואָס ער רעדט, לויט אַ פאַרטיקן שאַבלאָן און מוסטער. דער צווייטער מין איז אַ מענטש מיט אינעווייניקסטע אויג־און־אויער פאַר עכטע אמתע ווערטן, אָבער די געפילן, וואָס שטראַלן פון אים אַרויס, ווערן אָפט פאַרשטויסן מצד דער געזעלשאַפט און קומען צוריק צו אים מיט אָפּגעהאַקטע פליגלען. פילט זיך שוין אַזאַ איינער, אַפילו אין דער סאַמע געדיכטעניש פון אַ מאַסע מענטשן אין שטאָט, עלנט און אַליייניק.

און דעמאָלט אַנטפלעקן זיך אַנדערע מענטשן, אין גאַנצן פריי פון דער געזעלשאַפט. ווי די ציגיינער אינעם בוך „אָרלאַנדאָ". זיי געפינען זיך אויף אַ הויכן באַרג. פון דאָרטן זעט מען די גאַנצע ערד און זייער הילכיק געלעכטער קלינגט דאָרט פראַנק און פריי, ווי דער ווינט. אין שאַרפן קאָנטראַסט צו זיי, ווירקן נידעריק און נישטיק די „הויכע" ענגלישע שיכטן מיט זייער צעבלאָזענעם יִחוס פון טיטולירטע אָבות און פון רייכקייט, מיט די הונדערטער צימערן, וואָס באַגרענעצן, וואָס צוימען, זייער געפיל און געדאַנק.

ווי שאַרף עס זאָלן נישט זיין די טענות פון וו. וווּלף צו דער

געזעלשאַפט אין אירע ווערק, ווערן דאָרט די העלדן טראָט־ביי־טראָט באַגלייט מיט אַ מאָדנער פּרוויזש־צאַרטער זאָרג, אַז בעצם ווייסן זיי דאָך אַליין נישט ווער און וואָס זיי זענען, וויל זי, אומעטום און שטענדיק, וואָס טיפער זיך דערגרונטעווען צו זייער תוך, כדי צו ווייזן פאַר זיי, און אויך פאַר זיך אַליין, ווו מיר האַלטן מיטן מענטש אין אונדזער ווילדער וועלט.

עס איז טשיקאַווע, ווי אַזוי די שטעכיקסטע טענות פלעכטן זיך איבער ביי איר מיט אַ גלעטנדיקער זאָרג אינעם אָפענעם „בריוו צו אַ יונגן פּאָעט". געדרוקט מיט פיר יאָרצענדלינג צוריק (1932), קלינגט דער בריוו אַקטועל ביז איצט. ער איז גילטיק פאַר יעדן היינטצייטיקן יונגן פּאָעט, ווו ער זאָל נישט זיין: אין לאָנדאָן אָדער מאָסקווע; אין רוים אָדער אין ירושלים. איז שוין קיין ווונדער נישט, וואָס דער עפנטלעכער בריוו ווערט אומעטום אַזוי אָפט און גערן ציטירט:

„...אַן אמתער פּאָעט פון היינט" — זאָגט דאָרט וו. וואָלף — „טראָגט אין זיך די פּאָעטן, וואָס זיין פאָלק האָט, ווען עס איז, אַרויסגעבראַכט פאַר אים, און וועט, ווען עס איז אַרויסבברענגען נאָך אים. אַזוי אַרום איז אַן עכטער פּאָעט (צי ער וויל עס יאָ, צי נישט), במילא פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער פריערדיקער און אויך פאַר דער שפּעטערדיקער דיכטונג".

ווי שאַרף און ווי בייז מאָלט זי אָפּ דעם „מאָדערנעם" דיכטער מיט זיינע נישט־נאַטירלעכע, אָנגעשטרענגטע באַמיונגען זיך אָפּצו־גרענעצן פון דעם עבר, אַרויסצורייסן פון זיך, מיט גוואַלד, די מינדסטע נייגונג צום אַמאָל. די לאָדן אַראָפּגעלאָזט, די אויגן פאַר־מאַכט — זיצט דער מאָדערנער „פּאָעט" אָפּגעזונדערט, אין גאַנצן פאַרטאָן אין די אויסטערלישקייטן פון זיין אייגענעם „איך" און ער קוויקט זיך דערמיט, וואָס זיינע לידער שרעקן אָפּ אַלטע ווייבער.

דערביי רופט און מונטערט וו. וואָלף דעם יונגן פּאָעט: „זאָל ער

אויפרייסן די פענצטער, זאָל ער ברייט צעעפענען די אויגן, אויפ־פראַלן זיין אייגן געמיט — דעמאָלט וועט ער דערזען און אויפנעמען די וועלט, ווי גרויס זי איז מיט אַלע אירע דרייסטע פאָדערונגען, מיט אַלע אירע געוואָגטע אויפגאַבעס. דעמאָלט, ערשט דעמאָלט, וועט דאָס שעפערישע בלוט פון אַ מאָל ברויזן אין אים אויף אַ היינטצייטיקן אופן און ווערן צייטיק און ראוי פאַר דער צוקונפט. נאָר אַזוי און נישט אַנדערש קאָן אַ יונגער פּאָעט זיין אַ רינג אין דער נאָכאַנאַנדיקער שעפערישער קייט פונעם מענטשישן גייסט"...

„למען השם" — האָט וו. וואָלף ערגעץ־ווו אַנדערש זיך געבעטן ביי די יונגע שרייבערס — „דערלאָזט נישט, אַז אינעם געיעג נאָכן אולטראַ־מאָדערניזם, זאָל די נשמה פונעם מענטש, און דערביי אויך די אייגענע נשמה, זיך אין גאַנצן אַרויס־גליטשן ביי אייך פון צווישן די פינגער..."

5

מיט וו. וואָלפס ווענדונג צו אַ יונגן דיכטער, האָט די שרייבערין פון די שורות צוויי מאָל געהאַט איבערגעריסן אירע רייד וועגן וו. וואָלף.ביידע מאָל קוים דערמאָנט די דריי פּרויזיש־קאָמפּערישע ביכער אירע. אייגנטלעך, פאַרנעמט דאָך די פּרוי אינעם רוב פון אירע ראָמאַנען און דערציילונגען אַ צענטראַל אָרט. אָבער די דריי ספּעציפיש־פּרויזישע ביכער: „אַ צימער פאַר זיך", 1929, „פלאַש", 1933 און „דריי גווינעס", 1938, — טיילן זיך שאַרף אויס צווישן דעם כלל שאַפונגען פון וו. וואָלף.

פונקט ווי פריִער, איז אויך איצט נישט לייכט דער צוגאַנג צו די דריי ביכער, נאָך שווערער איז צו דערציילן וועגן זיי אין קורצן, אין קלייניקייט! אין זיי קומט דאָך צום אויסדרוק דער באַשוועריקער פּראָצעס פון פרויען־שאַפונג אין דער וועלט, אויך די געשיכטע פונעם ביטערן געראַנגל פאַר די רעכט פון אַ פרוי און אַחרון־אַחרון:

עס שווימט אין זיי אויף אַ ים מיט שאלות וועגן דער נישטיקער ראָלע פון דער פרוי אין דער גלאָבאַלער געזעלשאַפט. שאלות אָן תשובות!

די נישט־געאַנטע וועגן און שטעגן, אויף וועלכע וו. וואָלף באַוועגט זיך אינעם פּראָבלעמען־געווירבל, געהערן, גיכער פון אַלץ, צו דער ספערע פון געדאַנקען און געפילן. עס דאַכט זיך, לכתחילה, אַז אויף די דערציילערישע פאָרעם איז ביי איר אַ בליץ־אימפּראָ־וויזירטע. אָבער שוין אויפן צווייטן בליק, דערזעט מען, אַז יעדע איינע פון אירע פאַרשיידנסטע קלערענישן און שפּירעוודיקייטן וואָרצלען טיף אין אַ געשיכטלעכן און ליטעראַרישן באָדן. ווי רייך איז די ביבליאָגראַפיע, ווי ברייט פאַרצווייגט איז די רשימה פון ווערק, וואָס די מחברין העלפט זיך מיט זיי אַרויס אין איר אָריגי־נעלער דרייפאַכיקער שאַפונג!

דאָס „רויקסטע" צווישן די דריי, איז דאָס צווייטע בוך „פלאַש"*) אַ ביאָגראַפיע (1933). און מיט דער ביאָגראַפיע טאַקע איז שוין, במילא, לייכטער אָנצוהייבן:

פלאַש איז דער נאָמען פון אַ הינטל — דאָס איינציקע, דאַכט זיך, וואָס די דיכטערין עליזאַבעט באַררעט (1806 — 1861) נעמט מיט פון איר בכבודיקער ענגלישער היים בשעת זי פאָרט אַריבער אויף שטענדיק קיין איטאַליע, ריכטיקער: אַנטלויפט אַהין מיט איר געליבטן, דעם ענגלישן דיכטער ראָבערט בראַונינג (1812—1889). אַן אומגעוויינטלעכער רעוואָלט פאַר יענער צייט!

וו. וואָלף וויזט, ווי דאָס לעבן פון דער דיכטערישער פאַר שפּיגלט זיך אָפּ אין די ווילגענייגטע, תמימותדיק־ערלעכע חושים פונעם געטרייען און קלוגן הינטל פלאַש. פלאַש דערשמעקט, ווי די הויכע אַריסטאָקראַטיש־אָפּגעשלאָסענע פּאַלאַצן פאַרשטעלן און דריקן אויף די נידעריקע דלותדיק־צעעפנטע, אָרעמע הייזלעך אין לאָנדאָן. פלאַש דערפילט שפּעטער דעם גרויסן קאָנטראַסט צווישן דער

*) „פלאַש", עברית ה. קלאי, הוצאת „דביר" 1973.

ענגלישער דאָגמאַטישער פאַרגליווערטקייט און דעם פרייען איטאַ־ליענישן אָטעם. ווי ווונדערלעך, ווי שיין איז די נאַכט פון אַן איטאַ־ליענישער פרייהייט־פייערונג. פלאַש לויפט שטיפעריש אַרום אינעם פריילעך־צעפּראַלטן דרויסן, כאַפּט אויף דאָ און דאָרט ברעקלעך צעוואָרפענעם נחת, וואָס אין משך פון די נאַכטישע שעהען גיסן זיי זיך צוזאַמען און ביזן פרימאָרגן, צעוואַקסן זיי זיך אין אַ ריזיקער פרייד פונעם כלל. און נאָך — און דאָס איז אפשר דער עיקר:

דאָס ליבהאַרציק בעשעפעניש זאַפּט וואַרעם אַריין אין זיך די וויברירנדיקע אַטמאָספער פון דער דיכטערישער היים און שפּיגלט אָפּ, ווי אין אַ מין שאָטן־שפּיל, דעם קאָנטראַסט אין לעבן און שאַפן פון צוויי גרויסע פּאָעטן וואָס איינער איז אַ מאַן, די צווייטע — אַ פרוי...

פון דאַנעט, פון „פלאַש", קערן זיך אום די געדאַנקען פונעם לייענער, ווי באַפרייט, צו „אַ צימער פאַר זיך", וואָס וו. וווּלף רופט עס אַן שטודיע. באַזירט אויף צוויי עפנטלעכע לעקציעס, איז די שטודיע געדרוקט אין אַ בוכפאָרעם (1929), און איז אין משך פון די ערשטע יאָרן אַרויס אין אַכט אויפלאַגעס.

וו. וווּלף האָט אייגנטלעך געוואָלט רעפערירן אויף דער טעמע: „פרויען און פיקציע" וואָס זשע האָט עס צו טאָן מיט „אַ צימער פאַר זיך?" מיט דער פראַגע הייבט די מחברין אָן די לעקציע און שפּעטער דאָס בוך. און ביזן סאַמע סוף פונעם שטודיע־בוך (180 געדיכט־געדרוקטע זייטן) האַלט זי אין איין אויפשטעלן, אויסבויען אַן ענטפער, וואָס קלינגט שיִער נישט ווי איך אני מאמין.

פרויען און פיקציע, — זאָגט וו. וווּלף, — קאָן פשוט מיינען רייד וועגן דער אָדער יענער שרייבערין; רייד, וואָס געהערן צום געביט פון ליטעראַרישן „אַזוינס און אַזעלכס". אויפן צווייטן בליק קאָן עס הייסן: בכלל, ווער זענען און וואָס זענען פרויען, אָדער וואָס שטעלט מיט זיך פאָר די שאַפונג פון פרויען אָדער ווי זעען אויס פרויען אין די ווערק, וואָס ווערן געשאַפן וועגן זיי? און עס קאָן אויך מיינען: אַלע דריי אַספּעקטן צוזאַמען.

די מהברין איז לאַנג געזעסן אויף די ברעגן פון אַ שטראָמיקן טייך — אַזוי דערציילט זי — און האָט זיך פּאַרטיפט אין דעם מהות פון אַ פרוי; און אויך אין דעם מהות פון שאַפונג. אָבער זי האָט זיי, די צוויי באַגריפן, בשום אופן נ״שט געקאָנט פאַרבינדן, פאַר־קניפּן צווישן זיך און זי האָט פאַר זיי נישט געפונען קיין בשותּפות־דיקן באַשייד.

האָט זי זיך געלאָזט אויף אַ זייטיקן שטעג און איז געקומען צו אַן אויבנאויפיק זייטיקן אויספיר, וואָס איז אָבער אין תוך וויכטיק, וואָגיק און גורלדיק פאַר דער פרויען־שאַפונג. דהיינו: כּדי איר שאַפונג זאָל דערגרייכן שלמות, דאַרף די פרוי פאַרמאָגן איר אייגן, אַליין־פאַרדינט געלט, מוז די פרוי האָבן אַן אייגן, אַ באַזונדער צימער פאַר זיך.

ווי אַזוי איז זי געקומען צו דער איבערצייגונג וועגן אייגן געלט און אַ באַזונדער צימער? — פרעגט וו. וואָלף און ענטפערט מיט אַ געשיכטע פון צוויי טעג, און זי באַוואָרנט זיך דערביי: די ערטער, וואָס זי האָט כלומרשט באַזוכט, זענען אויסגעטראַכטע; „איך״ איז פּשוט אַ באַקוועמער ביינאָמען פאַר עמעצן, וואָס לעבט שוין לאַנג נישט, אָדער וואָס האָט קיין מאָל נישט עקזיסטירט. פון איר מויל וועלן פאַלן אַן אַ שיעור ליגנס, אָבער יעדער איינער פון די ליגנס טראָגט אין זיך אַ קערנדל אמת.

די גרענעצן צווישן די „אַן אַ שיעור ליגנס״ און אַן אַ שיעור „קערנדלעך אמת״ זענען אין דער מערקווערדיקער שאַפונג אַזוי וויט פאַרווישט, — אַז פאַרן לייענער בלייבן נישט, דאַכט זיך, קיין סך ברירות. קאָן אפשר דאָס בוך, אין גאַנצן גענומען, אַ מאָל ווירקן ווי איין גרויסער, אימפּאָזאַנטער, קינסטלעריש־אויסגעטאַקטער ליגן. אָבער על־פּי־רוב ווערן ביים לייענען בהדרגה אַלץ מער און מער וואָרהאַפטיק און גלייבלעך אויך די נישט־געוועזענע, סיי וויזיאָ־נערישע און סיי אילוזאָרישע, פּאַסירונגען, באַגעגענישן און געש־טאַלטן. זיי קייטלען זיך אַריין נאַטירלעך ביז גאָר צווישן די פיל ביאָגראַפיש־אויטענטישע שטעלן אין בוך. און ווי פון זיך אַליין קומט

דערביי אויף אַ דורכזיכטיק־קינסטלערישע אַטמאָספער, וואָס איז כל־כולה אמת.

אמתדיק און עכט ווירקן די פּלעיאַדע אויסדערוויילטע שריי־בערינס, דאָס רוב ענגלישע, פון כלערליי ציטן, וואָס דעפּילירן דאָרט פאַרביי. וו. וואָלף לאָזט זיי פריי אַראָפּרעדן זיך פונעם האַרצן: אין ליד און אין פּראָזע, אין בריוו און אין טאָגבוך; און אויך אין אַ וואָכעדיקן געשפּרעך פונעם טאָג־טעגלעכן לעבן. אַלע זייערע טענות און שאלות, די שוין אַרויסגעזאָגטע און, נאָך מער, די פאַרשוויגענע, נעמט וו. וואָלף אַריין אין דער רעם פונעם באַגריף „אַ צימער פאַר זיך", וואָס צעוואַקסט זיך ביי דער מחברין און וואַקסט זיך שיִער נישט אַריבער.

דאָ האַנדלט זיך שוין נישט נאָר אין דעם גאַנץ־קליינעם יִחוס צו זיין אַ טאָכטער ביי די עלטערן, און אויך נישט בלויז אין דעם נידעריקן סטאַטוס פון אַ ווייב און אַ מוטער אין איר אייגענער שטוב. באַקומט דאָך די פרוי, נאָך דער חתונה, דעם פאַמיליען־נאָמען און די בירגערשאַפט פון איר מאַן. און טאָמער פאַרדינט זי נישט קיין געלט, ווערט זי צוזאַמען מיט די קינדער אויסגעשטעלט אויפן חסד און גנאָד פונעם מאַן און פאָטער — דעם געקריינטן „ראש וראשון" אין דער משפחה. עס איז דאָ נאָך עפּעס, און דאָס איז אפשר דער עיקר: דער מחברינס שאַרפסטע שטראָפּרייד, וואָס זענען גע־ווענדט קעגן די הימל־שרייענדיקע אַנטיבאַדינגונגען פאַרן שאַפן פון אַ פרוי. שטענדיק, אומעטום, אין אַלע „קוים־היימען" פון דער פרוי. קעגן וועמען, אויב נישט קעגן דער נאָענטער סביבה, האָבן אַ טייל שרייבערינס זיך געשיצט מיט אַ מענערישן פּסעוודאָנים, אַזוי ווי מיט אַ פּאַנצער?

און נאָך: עס איז אַ פּנים געווען פּשוטער און באַקוועמער — זאָגט וו. וואָלף — צו באַשליסן, אַז אַ פרוי פּאַסט זיך נישט אַריין אין דעם אוניווערס פון גאונים. פרעגט וו. וואָלף און, ווי איר שטייגער איז, חידושט זי זיך זייער: אין אַלע געניאַלע ווערק פון דער וועלט־שאַפונג איז דער שיינטורעם שטענדיק די פרוי. פאַר וואָס זשע האָט

די פרוי כמעט נישט אַרויסגעבראַכט פון אירע רייען אַן אייגענעם זשעני? ווייסט מען דען נישט, אַז אַ זשעני פאַלט נישט אַראָפּ פון די וואָלקנס, ווי אַ הימל־געשאַנק? אַ גאון איז קיין מאָל נישט קיין איזאָלירטער, אָפּגעריסענער רינג אין דער לופטן. וויפל פאָרשערישע איניציאַטיוו איז געווען נייטיק, כדי אויסצוגעפינען די אַלע שאַפע־רישע שטאַפּלען פון פריער, וואָס האָבן באַפרוכפּערט שעקספירס זשעני.

דאָס אַלץ האָט אָבער קיין שום שייכות נישט צו אַ פרוי, ווי הויך־טאַלאַנטירט זי זאָל נישט זיין. זייער מעגלעך — פּרוווט וו. וואָלף זיך פאָרשטעלן, — אַז וויליאַם שעקספיר האָט געהאַט אַ שוועסטער, וואָס האָט געקאָנט הייסן יהודית. פונקט אַזוי פעיק, ווי איר ברודער, האָט זי, ווי ער, געהאַט טעמפּעראַמענט און איז געווען פול מיט דראַנג זיך אַרויסצורייסן פון דער היים, און אפשר האָט זי, ווי וויליאַם, איר ברודער, זיך אַפילו געלאָזט אַליין אין אַ ווייטן וועג צו דער גרויסער וועלט?

אָבער זי איז געווען אַ יונגע פרוי. סוף 16טן יאָרהונדערט, איז זי, אין בעסטן פאַל, דערגאַנגען ביז צו דער ערשטער ווינקעלק ביים שיידוועג, און אויב מען האָט זי דאָרט נישט פאַרהאַלטן מיט גוואַלד, האָט זי קוים אַ לעבעדיקע זיך געראַטעוועט צוריק צו איר ענגער שטוב.

און מיט שעקספּירס שוועסטער יהודית ענדיקט די מחברין איר לעקציע און שפּעטער דאָס בוך „אַ צימער פאַר זיך". די ווונדערלעך־טאַלאַנטירטע יהודית — זאָגט צום סוף, וו. וואָלף — איז מן הסתם זייער פרי אַוועק פון דער וועלט און זי האָט נישט איבער־געלאָזט קיין איין אַרויסגעזאָגט און אַוודאי נישט קיין איין אָנגעשריבן וואָרט. אָבער גרויסע פּאָעטן שטאַרבן נישט. אויך שעקספּירס שוועס־טער לעבט אין איר, אין ווירדזשיניאַ וואָלף, וואָס האַלט איצט די לעקציע, און אין די פרויען, וואָס הערן זיך איצט צו צו אירע רייד. זי, יהודית, לעבט אויך אין די פרויען, וואָס זענען נישט געקומען צו דער לעקציע, ווייל זיי דאַרפן אָפּוואַשן דאָס געפעס און נאָך דעם

לייגן שלאָפֿן די קינדער. און זי לעבט אין נאָך און נאָך אַנדערע פּרויען. פּונקט אַזוי ווי דאָס האָט אַ מאָל געטאָן איר ברודער, וועט זי איינאָטעמען אין זיך דאָס לעבן פֿון אומבאַקאַנטע פֿאַרגייערינס — און וועט געבוירן ווערן אויף ס'ניי.

אָבער פֿריִער דאַרף מען צוגרייטן פֿאַר איר אַ באָדן. מען דאַרף דורכלייגן אַ וועג און מאַכן פֿאַר איר אַ וואַרע. דאָס אַלץ פֿאָדערט אַ סך מי און מאַטער, דאָס אַלץ וועט אָנקומען שווערער פֿון שווער, אָבער עס איז און עס וועט זיין כדאַי.

...פֿון „אַ צימער פֿאַר זיך" (1929) ביז „דריי גווינעעס" (1938) איז זייער אַ ווייטער און גלייכצייטיק זייער אַ קורצער מהלך.

„דריי גווינעעס", — די דריטע עכט־פּרויִשע שאַפֿונג פֿון וו. וווּלף, האָט זיך איר באַזונדערע פֿאַרגעשיכטע. אויפֿן סאַמע שוועל פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט אַ פֿראַנצויזישע פּאַציפֿיסטישע געזעל־שאַפֿט אַרויסגעשיקט צו אַ ריי פּראָמינענטע פֿרויען פֿון דער גאָרער וועלט אַן אַנקעטע: צי קאָן מען נאָך איצט עפּעס טאָן, כּדי נישט דערלאָזן צו דער מלחמה? וואָס זאָל מען אונטערנעמען אויף ווייטער, כּדי צו פֿאַרמיידן מלחמות בכלל? וו. וווּלף האָט אויף דער אַנקעטע געענטפֿערט מיט אַ בוך, וואָס איז אַרויס אין יענער צייט, ווען די קריג־סכּנה האָט שוין הילכיק געקלונגען אין אַלע גלעקער.

לייענט מען דאָס בוך „דריי גווינעעס" און עס דאַכט זיך: אויפֿן ראָג פֿון קאָכעדיק־רעשיקע גאַסן שטייט וו. וווּלף — אַ פֿלאַם־פֿייערדיקע פּריידיקערין — און שרייט פֿאַרצווייפֿלט אַריין אין די פֿאַרשטאָפּטע אויערן פֿון אַ מאַסע מענטשן, וואָס שטראָמען פֿאַר־האַוועט פֿאַרביי. עס דאַכט זיך, אַז דאָס מאָל זענען אירע רייד דראַס־טישער, הייסער און בייזבלוטיקער, ווי ווען עס איז פֿריִער.

נאָך מער ווי ווען עס איז פֿריִער, קלינגען אירע רייד אויף אַזאַ קאַטעגאָריש־איינטייטשיקן אופֿן, אַז פֿאַרן לייענער, און דער עיקר פֿאַר דער לייענערין, איז שוין גאָר נישט שייך צו בלייבן אָביעקטיוו. אויב מען וואַרפֿט נישט אָפּ אַלע אויספֿירן פֿון וו. וווּלף, ווערט מען במילא אַ מיטשותּף צו אַן אַלטן, גרייז־גראָען חשבון מיט אונדזער

אויף דורך און דורך מענערישער וועלט, וואָס פירט צו נייע און נייערע גלאָבאַלע קאַטאַסטראָפעס.

ווירדזשיניאַ וואולף איז נישט קיין סופראַזשיסטין אין ענגן זינען פונעם וואָרט. ניין, זי וויל נישט, אַז די פרוי זאָל באַקומען רעכט לויט אַ גרייטן מענערישן מוסטער, אין אַן אויסגעפּאַרטיקטער מענערישער געזעלשאַפט, וואָס האַלט זיך מיטן כוח פון מורא פאַר גאָט אין הימל און מיטן כוח פון שרעק פאַר מלחמות אויף דער ערד. צוליב וואָס זשע, פאַר וואָס זאָל מען, עקשנותדיק, זיך באַגרע־נעצן בלויז און דורכויס צו די מעגלעכקייטן פון אַ מאַן? — אַזוי פרעגט וו. וואולף און גיט דערביי צו: אויףביידע געשלעכטער, פון מאַן און פרוי, וועלן זיין קוים געגוג אויף איבערצואַנדערשן די וועלט.

וואָס זשע טוט מען פאַרט? פאַר וו. וואולף איז עס קלאָר ביז גאָר: קודם־כל מוז די דערציִונג נעמען אין אַכט די איינגעבוירענע אייגנשאַפטן פון דער פרוי, כדי צו פאַרטיפן, פאַרשאַרפן די פאַר־שיידנמיניקייט צווישן מאַן און פרוי.

און דאָ קומען אינעם בוך צום שײַן דריי אַלט־ענגלישע מטבעות. דריי גינגאָלדענע גווינעעס, וואָס וו. וואולף איז זיי מנדר פאַר דריי קאַרדינאַלסטע, לעבנס־נייטיקסטע צילן. יעדע גווינעע איז ביי וו. וואולף איינגעהילט אין אַן אַ שיעור הייסבלוטיקע אויפקלערונגען און פאַר־טייטשונגען, אין אָריגינעלסטע שילדערונגען און אָפּמאָלונגען און אויך אין דורכגעטראַכטע ממשותדיקע, קאָנקרעטע באַווייזן אויפן היסטאָרישן, געזעלשאַפטלעכן און סאָציאַלן געביט.

צעוואַקסט זיך שוין די וואָג און דער ווערט פון די דריי אַמאָליקע מטבעות אין אַן אַלטן ריזיקן חוב, וואָס די וועלט בכלל און ענגלאַנד בפרט זענען שולדיק דער פרוי — און דער מענטשהייט.

ובכן: וו. וואולף באַשטימט איין גווינעע פאַר אַ פרייען פרויען־קאָלעדזש, געבויט אויף ניי־מענטשלעכע יסודות. די צווייטע גווינעע איז פאַר אַ באַנייטער געזעלשאַפט, ווו די פרוי זאָל קאָנען זיך פריי פאַרדינען איר ברויט. און לסוף, די דריטע גווינעע, איז פאַר אויפ־שטעלן, אויפבויען אַן אַנדער קולטור, וואָס זאָל זיין, אין תוך,

דער אַנטידאָט, וואָס זאָל טראָגן אין יסוד דעם סם־המוות קעגן כלערליי סכנות פון יעטווידער קריג.

צווישן די טענות און שאלות פון ווירדזשיניאַ וואָלף טיילט זיך אויס איין טענה, אַ צענטראַלע: פונעם סוף 18טן יאָרהונדערט, ווען מערי וואָלסטאָנקראַפט האָט פאַרעפנטלעכט אירע „באַשטעטיקונגען פאַר די רעכט פון אַ פרוי" (1792) און ביז די צייטן פון ווירדזשיניאַ וואָלף, האָט די לאַגע פון דער פרוי, ביים קאָלאָסאַלן טעכנאָלאָגישן פראָגרעס, זיך ווייט נישט אַ רוק געטאָן פאָרויס...

און וואָס הערט זיך איצט, אין די לעצטע יאָרצענדלינגער פונעם 20סטן יאָרהונדערט? פון אַלע עקן וועלט קומען אָן קלאַנגען און אויך ידיעות וועגן באַנייטע באַוועגונגען פון „פרויען פאַר פרויען". לעצטנס האָט אין זייערע רייען זיך באַוויזן די באַקאַנטע פראַנצויזישע פּראָגרעסיווע שרייבערין און קעמפערין סימאָן דע באָוואָר (געבוירן 1908), די מחברין פונעם באַרימטן געוואָרענעם בוך „דער צווייטער מין" (1949). און עס דאַכט זיך, אַז אַ מין מאָדערנער וויאַדוקט צווישן ווירדזשיניאַ וואָלף און סימאָן דע באָוואָר וואָלט געפירט צו אַ נייעם אַספּעקט פון דער נאָך אַלץ נישט־געלייזטער פּראָבלעם: „פרוי און וועלט".

און שוין גאָר צום סוף, — אַ פּאָר קנאַפּע ווערטער וועגן דער פרוי ביי אונדז אין ישראל. מען קוקט זיך דאָ אויס די אויגן, עס זאָל זיך באַווייזן אַן אייגענע ווירדזשיניאַ וואָלף מיט אַ היגן הייס־בריִענדיקן אויפרוף קעגן אַ גאָר־קליינער ווילד־פרומער מינדערהייט אין לאַנד, וואָס וויל אין נאָמען פון אַ גרויסן גאָט אין הימל — מיט גוואַלד אַרויפלייגן אויף דער פרוי פאַרזשאַווערטע קייטן.

1972

## ג

עס איז געווען אין תל־אביב, בשעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, — ווען מאַיאַ, דעמאָלט 5 יאָר אַלט, האָט מיך, פּלוצעם, געפרעגט:

— מאַמע! אַ מלחמה ענדיקט זיך אַ מאָל?!

## „ימי צקלג“

מען האָט דאָ אין לאַנד שוין אַ סך געשריבן וועגן דער היגער באַפרייונגס־מלחמה, געדרוקט נישט ווייניק וויכטיקע ווערק, וואָס באַלייכטן אויף אַן אינטערעסאַנטן אופן יענעם קריג, אָבער ס׳איז קיין ספק נישט, אַז דאָס בוך „ימי צקלג“ פון ס. יזהר (אַרויס אין פאַרלאַג „עם עובד“, 1958, תל־אביב) איז אַ גרויסער קינסטלערישער זיג.

אויפן עלפטן יאָרטאָג פון דער מדינה, האָט ס. יזהר באַקומען פאַר „ימי צקלג“ דעם פרס ישראל.

ס. יזהר (פון דער באַקאַנטער היגער שרייבער־משפחה סמי־לאַנסקי) איז געבוירן, 1916, אין רחובות. ער איז געווען אַ לערער און פאַרוואַלטער פון אַ שול און אַקטיוו געקעמפט אין ישראל־קריג; אַ חבר פון דער 1טער, 2טער, 3טער, און 4טער כנסת, פון דער רשימה מפא״י.

ביז „ימי צקלג“ האָט ס. יזהר פאַרעפנטלעכט די ביכער „בפאתי נגב“, 1945; „החורשה בגבעה“, 1947; „סיפור חירבת חזאה“ ו„השבוי“, 1949; „שיירה של חצות“ און „ששת סיפורי קיץ“, 1950. דאָס זענען גרעסערע און קלענערע, ביז גאָר אָריגינעלע, דערציי־לונגען וועגן די צייטן פון מלחמה און שלום אין לאַנד.

די צוויי בענד „ימי צקלג“, העכער עלף הונדערט (1143) געדיכט אָנגעפּיקעוועטע זייטן, וואָס דער מחבר רופט זיי אָן מיט דעם באַשיי־דענעם נאָמען „סיפור“, האָבן אַ צייט לאַנג געשלאָגן אומרו׳קע כוואַליעס אין דער היגער געזעלשאַפטלעכער מיינונג. די ליידנ־

שאַפּטלעכע פּאַלעמיק אַרום דער שאַפונג איז אַליין פאַר זיך זייער אינטערעסאַנט און פילדייטיק.

דאָס גרויסע אומרויִק ווערק איז באַזירט אויף די חירבת מחאז־שלאַכטן, וואָס גראַד אין זיי האָט דער מחבר זיך נישט באַטייליקט. די שלאַכטן האָבן זיך געצויגן פונעם 30סטן סעפּטעמבער ביזן 16טן אָקטאָבער 1948, דאָס הייסט אַ וואָך צייט. דאָרט האָבן די אַראַבער געליטן זייער גרויסע מפּלה אין אַן אָפענעם קאַמף; דאָרט טאַקע איז פאָרגעקומען דער גליקלעכער קער אין ישראל־קריג.

אינעם „ספר פלמ״ח״ פון יאָר 1953 (צווייטער באַנד; ז״ז 594 — 613) דערציילן וועגן דעם אַלעם 13 אַנטייל־נעמערס אין יענעם קאַמף — פון אַן איינפאַכן זעלנער ביז אַ בריגאַדע־קאָמאַנדיר. קיין נעמען ווערן נישט אָנגעגעבן. עס ווערט בלויז אָנגעוויזן דער מיליטערישער ראַנג און די שלאַכט־אויפגאַבע פון יעדן איינעם באַזונדער.

צו יענער צייט, ווערט דאָרט דערציילט, איז דער נגב, אַן אַקטיווע קריגסזאָנע פאַר זיך, געווען אַרומגערינגלט און אָפּגעשניטן פונעם איבעריקן ייִשוב. יעדער ייִדישער פונקט איז געשטאַנען איינזאַם און איזאָלירט, אין אַן אויסזיכטלאָזן קאַמף קעגן גרויסע אַראַבישע כוחות. הילף האָט געקאָנט קומען בלויז דורך דער לופט. כדי אָפּ־צוהיטן דעם פּרימיטיוון, אויף גיך צונויפגעקלאַפּטן אַעראָדראָם אין דער געגנט פון דעם קיבוץ רוחמה, האָט מען געמוזט פאַרלויפן דעם וועג און פאַרכאַפּן אַ ריי בערגלעך אויפן שאָסיי פלוז׳ה־עזה־באר־שבע. איין בערגל אַזאַ האָט געהייסן חירבת מחאז — אַ נעבעכדיק קליין אַראַביש דערפל אויפן גרויסן וועג פון דרום אויף צפון. דער באַפעל האָט געקלונגען קורץ און שאַרף: אומבאַדינגט פאַרנעמען און זיך באַפעסטיקן אויף אָט דעם סטראַטעגיש־וויכטיקן פונקט.

דריי מאָל איז דאָס אָרט, פאַרלאָזט פון די איינוווינער, אַריי־בערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט, צווישן די אַראַבישע און ייִדישע קעמפערס. אין די נעכט האָט אַ קליין הייפל ייִדישע שלאַכטלייט פיבערדיק געגראָבן אָקאָפּעס, ביי טאָג — אָפּגעשלאָגן איין מאַסן־

אַנגריף נאָכן צווייטן. צום שונא האָט געפּלייצט אַלץ אַ גרעסערער צופלוס פון כוחות. אונדזער הילף איז געקומען טראָפּנווייז. אין דער נאַכט פונעם 4טן אויפן 5טן אָקטאָבער האָט מען צום דריטן, שוין לעצטן מאָל, זיך אויף ס׳ניי געלאָזט איינגעמען חירבת מחאז. צו אונדזער רשות זענען געשטאַנען אַ 50 שוואַך באַוואָפנטע מענטשן. די אַראַבער האָבן אָפּערירט מיט אַן אויסלענדישער שטאַרקער רעגולערער אַרמיי (אינפאַנטעריע, פּאַנצערצוג, אַוויאַציע), וואָס האָבן מיט זיך געדעקט די היגע אומרעגולערע צעווילדעוועטע באַנדעס.

די איינגעהאַלטענע רייד פון די דרייצן קעמפערס קלינגען פאַר־וווּנדערט און פאַרגאַפט: עס איז אויך זיי אַליין אַ פּנים שווער צו פאַרשטיין, ווי אַזוי האָבן זיי געפירט און איינגעהאַלטן דעם פאַר־צווייפלטן געראַנגל. פון זייערע קאַרגע ווערטער פילט זיך אַרויס, אַז אויך לאחר המעשה בלייבט נאָך אַלץ דער אומגלייבלעכער זיג פאַר זיי אַליין אַ רעטעניש.

די רעטעניש איז אייגנטלעך נישט קיין מיליטערישע. דאָס געהיים־געווער פון דער אויף שנעל צונויפגעקלאַפּטער ארץ־ישראל־דיקער אַרמיי איז נישט געווען פון אייזן און שטאָל. עס איז באַש־טאַנען דער עיקר פון אין גאַנצן נישט קיין ממשותדיקע עלעמענטן. אָט די ריין־מענטשלעכע סודי־סודות טאַקע פונעם זיג האָט ס. יזהר אַנטפּלעקט אין „ימי צקלג".

קלאָר און איינדייטנדיק ווערט דאָרט געשילדערט און אויסגע־פירט: וואָלטן מיר פאַרמאָגט מער מענטשן, מער געווער און מער נסיון, וואָלטן מיר געהאַט אויף וועמען זיך צו פאַרלאָזן, וואָלט דער צד שכנגד נישט געווען אַזוי שטאַרק זיכער אין זיין אייזערנעם כוח — וואָלט אונדזער זיג אין ישראל־קריג נישט געווען אַזוי בליצאַרטיק און גרויס. דער אויפן ערשטן בליק פּאַראַדאָקסאַלער געדאַנק איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן אין דער היגער קריגס־ליטע־ראַטור אויך פריִער, פאַר ס. יזהרן. אָבער ס. יזהר האָט אָט דעם געדאַנק געלייגט ווי אַ יסוד פאַר זיין ווערק.

דאָס אָרט און די צייט אין יזהרס ווערק זענען באַגרענעצט. די האַנדלונג קומט פאָר אויף אַ באַשטימטן פראָנטאָפשניט אין משך פון זיבן קאָנקרעטע טעג: פון דאָנערשטיק ביי טאָג ביז מיטוואָך פאַר נאַכט. ס. יזהר האָט אָבער די פאַקטישע האַנדלונג שעפעריש פאַרברייטערט און פאַרטיפט. אָן אַ שיעור לעבעדיקע אינטימע פעדעם פאַרבינדן דאָס ווערק מיט די פיל „יזכור־ביכער" וועגן די געפאַלענע און מיט זכרונות פון די לעבן־געבליבענע, וואָס האָבן געקעמפט אויף פאַרשיידענע שלאַכט־פעלדער אין לאַנד.

אַלע אַריינגעפירטע אַפּנייגונגען פון די ווירקלעכע פּאַסירונגען און פאַקטישע אַנטייל־נעמערס, די אַלע אַריינגעבראַכטע „נישט אמתן", ווערן אין „ימי צקלג" פאַרוואַנדלט אין איין גרויסן קינסט־לערישן אמת. עס ווערט דאָרט געבראַכט צום שיין די אויסטערלישע אַטמאָספער פונעם גאַנצן ישראל־קריג; עס ווערט געבראַכט צום אויסדרוק דער אויסטערלישער גייסט פון דער יוגנט אין ארץ־ישראל וואָס האָט אין דעם קריג געזיגט.

נאָך מער: אין „ימי צקלג" ווערן געוויזן די ערשטע וואַקלדיקע טריט פון אַ ישראל־טיפּ, וואָס האַלט ביז איצט נאָך אַלץ אין עצם פּראָצעס פון בילדן און פאַרמירן זיך.

אין „ימי צקלג" ווערט דערציילט:

אין מאָמענט פון העכסטער געפאַר פאַרן קיום פון לאַנד ווערט אַרויסגעשיקט אַ קליינער מיליטערישער טייל אין קריגסגעביט פונעם שונא. דער ציל־פּונקט איז אַ גאָט־פאַרלאָזטער באַרגיקער ווינקל צווישן אַן אומענדלעכער, מאָנאָטאָנער קייט פון ענלעכע בערגלעך. אין אָנהויב זענען זיי בלויז 12 (צוועלף!). אין משך פון די 7 מאָל באַנייטע, פאַרלאָרענע און געוווּנענע שלאַכטן — קומען צו נאָך קעמפערס פון פאַרשידענע עלטער און אינטעליגענץ, פון כלערליי פאַרגעשריטענע און אויך אָפּגעשטאַנענע שיכטן, פון היי־געבוירענע און ערשט וואָס אָנגעקומענע עולים. אָבער מיטן קאַמף פירן אָן אַ חברה יונגע אַקטיווע סאַבּרעס — און זיי טאַקע פאַרנעמען דעם שאַפערישן אויבנאָן אין בוך, סיי קינסטלעריש און סיי אידעיש.

דאָס מיליטער אין „ימי צקלג" איז כאַראַקטעריסטיש „סאַבריש". מאָדנע זעט זי אויס, אָט די, אין לעצטן סך־הכל, זיגרייכע אַרמיי. ביי אַ קנאַקעדיקער אַמעריקאַנער אוניפאָרם טרעפט מען אַ ברייט־ראַנדיקן אַלטן הוט — אַן איבערבלייב פון אַן אויסטראַלישן זעלנער, אַ רויטע אַראַבישע קעפּיע מיט ווייסע פרענדזן, אַ מתנה פון אַ מיידל און סתם אַן אָפּגעריסענעם, אָפּגעשליסענעם הולך. כאַראַק־טעריסטיש סאַבריש זענען אויך די נעמען פון די קאָמאַנדירן: (לאָוו־דווקא די אמתע נעמען פון די פאַקטישע אָנטייל־נעמערס אין די שלאַכטן פון חירבת מחאז). אָבער זיי הייסן יצחקעלע, מישקאַ, אַדעלע און לסוף סרוליק דער מג"ד (מפקד הגדוד, באַטאַליאָן־קאָמאַנדיר).

די קאָמאַנדירן שאַצן אָפּ ווי געהעריק די קאַטאַסטראָפאַלע לאַגע און זיי נאַרן נישט די חברים, די זעלנער: „זייט וויסן" — רעדט פאַר זיי דער פיין געקליידטער מג"ד סרוליק — „אַז אונדזער גדוד איז פאַרשפּרייט אויף אַ שטח פון הונדערט קילאָמעטער די לענג און פופציק די ברייט און מיר ציילן ווייניקער פון פינף הונדערט מענטשן".

„לויט אַלע באַגריפן, אַנגענומען אינעם אַלוועלטלעכן מיליטער, איז פאַר אונדז אויס מיטן נגב. שוין נאָך אַלעמען!" — אַזוי דרשנט פאַר זיי ספּי דער „קמ"ן" (קצין מודיעין, אויפקלערונג־אָפיציר) מיט דעם ישיבה־בחורישן אָפּגעלאָזענעם אויסזען — „אָבער ביים שונא זענען 30 זעלנער פונקט דרייסיק, מיט אַלע אייגנשאַפטן, וואָס דריי צענדליק מענטשן קאָנען העכסטנס אַרויסברענגען פון זיך. ביי אונדז שטעלן זיך אַוועק 30 מענטשן קעגן אַ פאַנצערצוג און דאָס קאָמישע איז, אַז זיי מוזן און וועלן דערביי זיגן".

גידי דער „מם כף" (מפקד כתה) מאַכט עס נאָך פּשוטער: „מיר האָבן נאָך נישט געענדיקט" — שרייט ער הייזעריק, נאָכן אַנטלויפן, אין דער ריכטונג פונעם פאַרלאָרענעם בערגל — „מיר זענען נאָך דאָ, ימח שמכם" און צום שלוס שיסט ער אויס מיט אַ גרויסער לאַדונג פון שווערע אויפרייסערישע קללות.

איין קאָמאַנדיר רעדט קורץ און קאַטעגאָריש, אַ צווייטער חכמהט

זיך און רופט אַרויס אַ געלעכטער, דער דריטער שעלט זיך, אָבער דער זינען פון אַלע זייערע רייד איז דער זעלביקער. מען טאָר נישט וואַרטן קיין איין רגע, מען דאַרף איבעררײַשן דעם שונא תיכף ומיד. נישטאָ קיין שום אַנדערער אויסוועג, נישטאָ קיין ברירה!

ווי כאַראַקטעריסטיש איז דאָס בילד אויף די סאַמע פאָדערשטע פּאָזיציעס. אין אַ קליינער הפסקה צווישן שרעקלעכע שיסערייען און אויפרייסן, טאַנצן די חברה, גוואַלדעווען, שרייען אויס זייער שפּאַנונג. דריי יינגלעך, פּונקט אַזעלכע ווי זיי — גידי, זאביק און צביקה — רוקן זיך אָפּ אין אַ זייט, כדי זיי נישט צו שטערן און מאַכן אין דער גיך, אויף איין פיס, ווייטערדיקע מלחמה־פּלענער. זיי זענען דריי קאָמאַנדירן.

נישט אַ סטאַנדאַרט־זעלנערישע איז אויך די שטעלונג צום שונא — צו די באַנדעס אויפגעהעצט־צערייצטע היימישע אַראַבער, אי־בערגעמישט מיט אַרמייען פון דעם פרעמדן ריזיקן אַראַבישן אויס־לאַנד. די באַציִונג צו זיי וואַקלט זיך פון גראָבער ברוטאַלקייט ביז אמתער מענטשלעכקייט. וואָס וואָלט געווען, טראַכט אין זיך בעני, דעם 19־יאָריקער „פילאָסאָף” פון דאָרף, ווען ער הענגט אַרויס אַ רויטע פאָן און שרייט אַריבער צו די נאָענטע פיינטלעכע ליניעס: „טאָלסטוי, טאָלסטוי, גאַנדי, גאַנדי”...

ס. יזהר פירט אַריין זיינע העלדן אין דער אַקציע איינציקווייז. ער שטעלט זיי פאָר מיט אַן אויסשעפּנדיק־קורצער כאַראַקטעריסטיק און לאָזט זיי איבער, אַלע צוזאַמען, אויפן באַראַט פונעם שטראָם געשעענישן. אָבער יעדער איינער פון זיי בלייבט פונעם אָנהויב ביזן סוף אין די פּרעציז־געצייכנטע, אינדיווידועלע ראַמען פון זיין, שיִער־נישט סצענישער, געשטאַלט. פון דעם ווי גידי דער „מם־כף” רוקט אַרויף דעם אויסטראַלישן הוט אויפן געדיכטן פלאַנטער פון זיינע געקרייזלטע האָר אָדער וואַרפט אַראָפּ דעם הוט אויף דער פּלייצע; פון דעם ווי בעני דער מאַשינביקסער נעמט האַסטיק אַרויס פונעם מויל אָדער שטעקט לאַנגזאַם אַהין צוריק אַריין זיין פייפ — ווערט דעם לייענער קלאָר ווי מען האַלט אויף דער וועלט...

אויף די פאַרשיידנסטע אופנים, אָבער שטענדיק וואַרעם און צערטלעך, האַלט ס. יזהר אין איין אַנטפּלעקן פאַרן לייענער ווי יונג, און אָפּט ווי פּשוט־קינדעריש עס זענען אין תוך די בראַווע סאַברישע זעלנער דווקא און גראַד אין יענע מאָמענטן, בשעת זיי אַליין פילן זיך רייף און זייער געניט. וויפל זענען דען אַלט די אויסגעפּרוּווטע „מלחמה־וועטעראַנען" בראש מיט דעם חבלן קאָבי, דעם סאַניטאַר עמיחי און דעם קאָמאַנדיר מאָטע? אַ ביסל ווייניקער אָדער אַ ביסל מער פון 20 יאָר!

אָט שפּאַנט ער, דער הויכוווקסיקער קאָבי, אין אַ לאַנגער שוויי־גנדיקער שורה, וואָס לאָזט זיך אין דער פינצטערניש איינעמען זייער מיליטערישן צילפּונקט — צום צווייטן מאָל. קאָבי טראַכט זיך דערביי: מען זאָל יעדן איינעם פון דער חברה אַ גוטן טרייסל טאָן, וועלן אַראָפּפאַלן פון אים אַלע שאָלעכצן און עס וועט זיך באַווייזן אַ קליין, צעטומלט נאַקעט פייגעלע מיט אַ דערשראָקענעם ציף־ציף, ציף־ציף...

פאַרן ענדגילטיקן קאַמף רייסן זיך דורך אויף אַעראָפּלאַנען, פונעם פרייען יישוב, אַ פרישע פּאַרטיע שלאַכטלייט, זיי טומלען און רעשן, ווי עס פּאַסט פאַר זעלנער, וואָס קומען ראַטעווען דעם כבוד פונעם גדוד, ראַטעווען דעם נגב. גרויסער גאָט, דערשרעקט זיך גידי, זיי זענען דאָך „צוציקעס"! אָט פאַלט אים איינער אויפן האַלדז. דאָס איז דאָך עודד, אַ יינגל פון זיין דאָרף. אויסגעסטראָיעט אין אַן אַמע־ריקאַנער אוניפאָרם. און גידי, וואָס איז עלטער פון עודדן מיט אַ גאַנץ קיילעכדיק יאָר, רעדט צו יענעם געלאַסן, ווייך און מילד — ווי אַ טאַטע.

און יאַקוש? אַ יינגל אַ ברען, דאַר און בייגעוודיק ווי אַ ריטל, מיט אַ פּאָר ברייט צעעפנטע, נייגעריק פלאַקערדיקע אויגן. וויפל ווילדע שטיק האָט ער שוין אָפּגעטאָן אין זיינע 18 יאָר מיט דריי חדשים, וויפל צרות פאַרשאַפט די לערערס און, דער עיקר, דער מאַמען. ער קערט וועלטן אויך אויפן שלאַכט־פעלד. לויפט אַרום אונטערן פייער פון איין שוצגראָבן צום צווייטן, העלפט אַרויס, גיט

צו מוט די זעלנער פון זיין טייל, וואָס זענען נישט מיט קיין סך יינגער פון אים. און יאַקוש „דער גיבור שבגיבורים״, „דער קעניג פון אַלע יאַקושן אויף דער וועלט״ — ווי עס זאָגט וועגן אים ס. יזהר — ווערט שטערבלעך פאַרווונדעט. ער שרייט אויס פאַרן סוף: „אמא׳לע, אמא!״. און די זעלנער אַרום, וואָס זענען נישט קיין סך עלטער פון אים, שאָקלען צו טרויעריק מיטן קאָפּ: „אַ שרעקלעכער צוציק געווען — און פּלוצעם, דווקא ער!״...

אין „ימי צקלג״ נעמען אָנטייל בלויז און נאָר מענער, על פּי רוב יינגלעך. אָבער די לופט אַרום אָטעמט שטענדיק מיט פרויען: מיט פרויען — מאַמעס, מיט פרויען — מיידלעך.

די מאַמעס, וואָס דערשיינען אינעם אויפגערודערטן געמיט פון די פאַרשיידענע זין, זענען אין גאַנצן נישט ענלעך צווישן זיך, אָבער אַלע צוזאַמען ווירקן זיי ווי איין מאַמע. אויף אַ גאַר באַזונדערן אופן ווערט דאָרט אַרויסגעבראַכט יענע רירנדיקע באַציִונג פון אונדזערע סאַברעס צו די מאַמעס, וואָס איז בשעתן ישראל־קריג ספּאָנטאַן געקומען צום אויסדרוק און אַזוי איבעררראַשט אַלעמען דאַ־הי, דער עיקר — די מאַמעס. עס דאַכט זיך, אַז די זין האָבן מיטגענומען אין קריג און זיי קלאַמערן זיך אַזוי קינדעריש אין דעם וואַרעמען שוצאָטעם פון דער מאַמען. אין די שווערסטע מאָמענטן, ווען זיי פאַלן ביי זיך אַראָפּ, ווענדן זיי זיך צו דער מאַמען; די מאַמע רופן זיי אין דער לעצטער רגע פון זייער לעבן. דערביי ווערן זיי אין דער באַציִונג צו דער מאַמען מיט איין מאָל רייף און דערוואַקסן. „פרעגט אונדזערע מאַמעס — זאָגט גידי אומגעריכט פאַר זיך אַליין — זיי קענען אונדז גוט. נישט אומזיסט זענען זיי שטענדיק אויף אונדזער צד״. עס וואַכט אויף אין זיי אַ מין נייע, מענעריש־ריטערלעכע זאָרג פאַר דער מאַמע. זיי באַגרייפן פּלוצעם, ווי שווער עס איז צו זיין אַ מאַמע דאַ־הי אין שלום־צייטן; און ווי טויזנט מאָל שווערער עס איז איר בשעת אַ קריג. „מיין מאַמע, למשל, איז אַ פאַרפאַלענע, טאָמער קום איך נישט צוריק״ — טראַכט פינעלע מיט דער רויטער קעפּיע אויפן קאָפּ קורץ פאַרן טויט.

וואָס איז זי, נעבעך, שולדיק, די מאַמע! — זאָגט אָדער טראַכט אַזוי צי אַנדערש, איינער, אַ צווייטער, אַ דריטער...

ביז גאָר אינדיווידואַליזיר'ט איז די דערשיינונג פון פּרויען־מיידלעך אין דער צעהוידעטער פאַרשטעלונג פון דער חברה אויפן פראָנט. עס גייען דורך אין „ימי צקלג" אַ לאַנגע פּילגעשטאַלטיקע ריי פון יונגע פרויען.

אָט ליגט דער סאַניטאַר עמיחי אויף דער פּייערליניע מיטן פּנים אין שטויב. שטומערהייט שיקט ער אַרויס אין אַלע עקן פון דער וועלט אַן אייגענעם „שיר השירים" צו לילך, זיין מיידל. ער בענקט נאָך איר אַזוי שטאַרק, אַז ער שטעקט אָן מיט בענקשאַפט די לופט, ווערט שוין גידי, דער „מם־כף", שיער־נישט פאַרברענט און פאַרשרפהט פון באַגער און גלוסטונג צו לילך, וואָס ער האָט זי בעצם קיין מאָל נישט געזען. פון דעם דערהויבן־ראָמאַנטישן עמיחי ביזן ליידנשאַפטלעכן גידי און נאָך ווייטער, ביזן סתם־ציניקער יאַקאָבסאָן — גייען דורך אינעם בוך אָן אַ שיעור שטאַפּלען פון יינגלשער ליבע און האַס.

ביטער איז בשעת חברה קלייבט זיך צונויף און זיצט צוזאַמען. דעמאָלט שניידן מיידלעך אָפּ זייער שלעכט. זיי באַקומען אַזעלכע פאַרציעס ניבול פה, אַז פון זייערע גראָבע רייד דערשרעקט זיך אַזש דער ווינט. אָבער אָט קומט אָן אַ מאָמענט, בשעת עפּעס רירט זיי אָן טיפער, ווערט דער בראַוווער חברהמאַנישער טאָן ווי אָפּגע־שווענקט. עס ווייזט זיך פּלוצעם אַרויס, ווי פיינפילּיק זיי זענען אין תוך.

עס איז גלייך נאָך זייער ערשטער ביטערער מפלה. ביים צוריק־טריט דערגרייכן צו זיי פון דער באַזע פּעקלעך און טעפּלעך מיט שפּייז. צוגעגרייט און געפּאַקעוועט האָבן זעלנערקעס. און זיי טאַקע האָבן אַריינגעלייגט אַ צעטל מיט די פּאָר בפירושע ווערטער: „לבנים באהבה מהבנות". (פאַר די בחורים מיט ליבע פון די מיידלעך). איין קלייניקייט! דאָס צעקנייטשט, פאַרשטויבט פּאַפּירל גייט איבער פון האַנט צו האַנט. יעדער וויל אַ ווייל עס האַלטן, אָנרירן עס, מען

לייענט עסביים פלאַם פונעם צעלייגטן פייער נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל. נישטאָ גאָר קיין גרענעצן צו זייער באַגייסטערונג: הו־הו־הו און האַ־האַ־האַ!

אַ צווייט מאָל דערגייט צו זייערע פּאָזיציעס אַ ידיעה: אינעם קיבוץ „דורות" זענען דערהרגעט געוואָרן צוויי מיידלעך. די יינגלעך קאָנען נישט קומען צו זיך פון צער און פאַרדראָס. ווי האָט מען עס דערלאָזט? עס פאַרפּלייצט זיי אַן עכט־מענערישער געפיל פון באַשי־צערס. אונדזערע מיידלעך — וואָס הייסט? און סטייטש? און היתכן!?

דער סטודענט ברזילי, אַ ווילקענער צווישן זיי, זאָגט אַרויס אין אָנהייב אַ סברה: דאָס פאַרנומענע בערגל האָט אַ מאָל געהייסן צקלג, שפּעטער נעמט ער צוריק זיינע ווערטער, אָבער פאַר דער חברה קלינגט צקלג, ווי דער נאָמען פון אַן אַמאָליקן יידישן יישוב, נאָענט און וואַרעם — אַ סך מער ווי די טרוקענע, מיליטערישע באַצייכענונג פונעם אָרט: משלט 244. און זיי האַלטן זיך, זיי בלייבן ביזן סוף ביים נאָמען צקלג. אין משך פון דער וואָך ווערט עס שוין אונדזער צקלג.

יאָ־צקלג אָדער נישט־צקלג, — איז עס ווייט נישט יענער נגב, וואָס האָט געלעבט אַזוי בולט און שאַרף אין זכרון, אין דער פאַרשטעלונג פון דער חברה. מיט איין מאָך פאַרווישן זיך פּלוצעם די איינדרוקן און אָפּקלאַנגען פון די פריערדיקע שפּאַצירן, פון אַלע געזונגענע לידער און דערציילטע מעשיות, פון די פאַרשיידענע חלומות און טרוימען, וואָס זענען געווען פאַרבונדן מיטן כישוף־וואָרט „נגב", דאָ באַגעגנט זיי אַ מידבר. דאַרנדיק־שטעכיקע סטעפּעס פאַרלירן זיך אין אומענדלעכע ווייטן, בערג און טאָלן זינקען אין ברייט צעעפנטע פאַרהוילענע תהומען, רויב־פייגל שוועבן אין אַן אָפּגעפרעמדטן הימל, קרייזן דאָרט אַרום מאָדנע פראַנק און פריי. אַן אומהיימלעכע הפקר־שיינקייט הערט נישט אויף בייטן אירע געשטאַלטן און קאָלירן, לאָזט נישט מען זאָל זי אויפנעמען מיט

געוויינטלעכע חושים, האַלט אין איין פאַרטרייבן יעדן פונק פון היימישקייט.

אַ מוראדיקע שטילקייט פליסט און ריזלט ווי אַ וואַסערפאַל, און פלוצעם בלייבט זי הענגען אַ שווער אָנגעלאָדענע איבער די קעפ און פאַרשטאָפּט אַזש די אויערן. יעדעס מאָל מאַכט זי אויף ס'ניי צו נישט דעם גאַנצן אויפרייסערישן טומל און רעש, וואָס די מענטשן הייבן דאָ אויף מיט זייער פייער־געווער; רופט אַרויס ביי דער חברה, יעדעס מאָל אויף ס'ניי, אַ געהיימען געפיל פון הילפסלאָזיקייט און פאַרלאָרנקייט קעגן דעם אייביקן דאָ־זיין פון נאַטור, קעגן דעם אייביקן פאַרויסגאַנג פון דער צייט.

דאָ באַגעגענען זיי זיך פנים לפנים מיטן אוראַלטן תושב פונעם מידבר — מיטן פחד. אָט איז ער, דער פחד, אַ קאַלטער און אַ נאַסער. און אָט בריט ער און באַקט אָפּ. ער מיידט קיינעם נישט אויס. ער פאַרגנבעט זיך צו די ייִנגערע און צו די עלטערע, צו שרעקעוודיקע און צו דרייסטע. ער פּאַקט זיי בשעת זיי רעדן, בשעת זיי עסן און אַוודאי בשעת זיי בלייבן אַליין מיט זיך.

יעדע שעה פון זייער זיבנטאָגיקן צוזאַמענשטויס מיטן ווילד־גייעם נגב איז באַהערשט פון אַ מין בראשיתדיקער צויבערקראַפט.

עס איז די צייט פון ראש־השנה. ביי טאָג איז דאָרט נאָך אַלץ אומדערטרעגלעך הייס מיט דער סוף־זומערדיקער פאַרביסענער ביטערער היץ; אַ מבול פון בלענדיק־העלער פלאַמיקער שיין פייערט און ברענט. געדיכט און דריקנדיק דרייען זיך, קנוילן און שלענגלען זיך עקשנותדיקע זיילן שטויב. זיי קומט צו הילף דער ווינט. אָט צעפיצלט ער זיך אויף אָן אַ שיעור ביסנדיקע ווילד־פייגלשע שנאָב־לען, אָט פליט ער און יאָגט זיך אין אַ שטורמישן שווונג און אָט טראָגט דער ווינט דאָרט שיִער נישט אַוועק צוויי חברה־לייט העט ווייט. „אַ ריזיקער ווינט" — רופט זיך אָן איינער מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם. „אַ מעכטיקער" — רעדט קוים אַרויס דער צווייטער. אוןביידע דערפילן זיי, באַמערקט ס. יזהר, — אַז זיי האָבן נאָך גאָרנישט געזאָגט וועגן דעם כוח פון ווינט.

ווינט, שטויב און היץ זענען אַזוי פול אומעטום, אַזוי דאָמיני־רנדיק אַקטיוו, פונקט ווי זיי וואָלטן געווען די אמתע קאָמאַנדירן, וואָס קערן און ווענדן מיט דער שלאַכט אין די העלע שעהען פונעם מעת־לעת.

סוף־כל־סוף ווערט עס יעדעס מאָל פאַרט אויס מיטן טאָג, די בערג און די בערגלעך ווערן גרוי און גרויער ביז די פינצטערניש שלינגט איין הימל און ערד. מיט אַ רגע פריִער האָבן נאָך די חברה־לייט געזען ווער־איז־ווער צווישן זיי, איצט גיסן זיי זיך צונויף אין איין שטיק געדיכטן חושך. ביי נאַכט איז שטאַרק קאַלט מיט דער בייסנדיקער ערב־ווינטערדיקער קעלט, אַזוי אומדערטרעגלעך קאַלט, אַז חברה פּרוּווט זיך דערוואַרעמען מיט די היציקע ציקצאַק־גריל־צערייען פון די נאַכט־גרילן, מיט די גלייִקע נאַכטישע ריחות פון די טרוקענע גראָזן.

דערצו קומט נאָך צו דער אומגעווינטלעכער גאַנג פון דער צייט בשעתן קריג. ביי טאָג, אין די שעהען פון געפּאַר און ערב־געפּאַר, פאַרלאַנגזאַמט זיך דער גאַנג פון דער צייט, רירט זיך כמעט נישט פון אָרט, פאַרהאַלט אין אַ פאַרגליווערטן הימל אויף די זון. עס דאַכט זיך, אַז די צייט רייצט זיך מיט דער חברה, צווינגט זיי אויסאָטעמען ביזן סוף יעדן אויגנבליק. גאָר אַנדערש איז אין די ביינאַכטיקע קאַמף־הפסקות: די צייט רינט דעמאָלט אַרויס פון צווישן די פינגער און יאָגט זיך הענדעם־פּענדעם צו אַ נייעם פרי־מאָרגן מיט אַ שפּאָגל נייער געפּאַר.

ווער וויסט, צי וואָלטן זיי דאָס אַלץ אויסגעהאַלטן ווען עס טרעט נישט אַרויס יעדעס מאָל פון אַן אַנדער באַהעלטעניש — די חברשאַפט.

ס. יזהר האָט אָט די אַלוועלטלעך באַזונגענע מענערישע פריינד־שאַפט אין שלאַכט באַוויזן אין דעם ספּעציפישן „נוסח פלמ״ח". ווי נאָר עמעצער פון די צקלג־חברה גיט זיך אַ וואַקל, ווערט אויסגעשעפּט און פאַרצווייפלט, דערשיינט פון ערגעץ־ווו גאָר נאָענט א חבר, אַ פריינד. ווי פאַרבייגייענדיק, דרך אגב, שטעלט ער גוט־

ברודעריש אונטער אַ פּלייצע. עס טרעפט, אַז יענער, וואָס ווערט געהאָלפן, וויל זאָגן דעם ווילן יאָט, דעם האַרציקן פריינד, אַ פּאָר „ריזיקע" ווערטער, אָבער אין בעסטן פאַל גיט ער יינגלש פאַרשעמט אַ שמייכל.

אָט דער איינגעהאַלטן קאַרגער צקלג־שמייכל איז שטענדיק פול מיט אַזאַ גלעטנדיקער צערטלעכקייט, אַז יעדעס מאָל ווערט דערפון אויך דעם לייענער וואַרעם און גוט אויפן האַרצן.

עלנט, מיד און דערשלאָגן קלייבט מען זיך צונויף אויפן זאַמל־פּונקט — נאָכן צווייטן אַנטלויף פון צקלג. פּלוצעם נעמט אַרומגיין צווישן זיי קאָבי, דער חבלן, דער בלאָנדער מיט די בלויע אויגן. ער טיילט איין אין דער אָוונט־שטילקייט יעדן איינעם אַ פּעקל ביסקוויט און נאָך דעם — אַ טרונק וואַסער פון אַ בלעכל. אַ קליי־ניקייט, דאַכט זיך, אַ האַנט פול ביסקוויט, אַ קאַפּ וואַסער! אָבער אומדערוואַרט ביז גאָר ווערט יעדער איינער פון די באַזיגטע אויפ־געהייטערט און געשטאַרקט.

דער זעלבער קאָבי טאָקע שאַפט מיט זיינע געהילפן ביים מינירן אַ זעלטענעם מענטשלעכן דרייעק. די באַציונגען צווישן זיי געהערן אפשר צו די דערהויבנסטע מאָמענטן אין בוך. „ווי ווייל ביסטו, חיימקע, און ווי ליב איז דיין שמייכל" — טראַכט קאָבי וועגן איינעם פון די צוויי — „ווען איך זע דיך, צעפּלאָנטערן זיך אַלע מיינע חשבונות און איך נעם טרוימען וועגן אַ שיין רויק לעבן מיט אַ סך חיימקעס אַרום מיר".

אָבער דער 20־יאָריקער חבלן און פּאָעט קאָבי, אַ בן־יחיד ביי זיינע עלטערן אין קיבוץ, ווערט אויפגעריסן פון די אייגענע מינעס. חיימקע באַוויינט אים, ווי נאָר אַ געטרייער זון קאָן באַוויינען אַ האַרציקן טאַטן. די יינגלעך אַרום און אַרום פאַרגעסן אויף אַ וויילע דעם זעלנערישן האָנאָר און זיי וויינען מיט.

ביים אַנטפּלעקן די חברשאַפט, גייט נישט ס. יזהר אויף לייכטע וועגן. ער געפינט שפּורן פון חברשאַפט נישט בלויז ביים פּאָעט קאָבי און זיינס גלייכן.

און ווער איז ער דען, אָט דער קאַבטשיק, דער שאָפער? חברה קענען אים ווייניק. ער האָט אַ ממזרישן אויסדרוק, זאָגן זיי, און זיין דזשיפּ רופן זיי: „האַלטע זאַכני״ (אַלטע זאַכן). ער שלאָפט אַ פּנים קיין מאָל נישט. ביי טאָג און ביי נאַכט פירט ער הין און צוריק צווישן דער באַזע און צקלג אַלץ וואָס עס לאָזט זיך נאָר — פון געווער ביז ליבע־בריוועלעך. ווי צופעליק און סתם אַזוי זיך דער־קוויקט ער שווייגנדיק, איז מהנה דעם אָדער יענעם, מיט אַ פּיינעם פּאַפּיראָס, מיט אַ נאַש, און שטענדיק טרעפט ער אָן אויף עמעצן גראָד אין אַ מאָמענט, ווען יענער נייטיקט זיך אין אַ גוט וואָרט. יעדעס מאָל ווען ער פאָרט אַוועק בלייבט אין דער לופטן איבער אַ וואַרעמער הויך און חברה וואַרטן אויף אים, ווי אויף אַ גוטער בשורה.

דווקא ביי בעני, דעם פּעסימיסט און שיִער נישט ציניקער, אַנטדעקט ס. יזהר און ווייזט אָן אויף פּעדעם פון ליכטיקער נאָענט־קייט, וואָס ציִען זיך פון אים אָט צו איינעם, און אָט צו אַ צווייטן פון די חברים.

אויפן פינפטן געפּערלעכן טאָג קומען פרייוויליק קיין צקלג אַ טייל פון דער „אַלטער גוואַרדיע״, וואָס האָבן דאָ געקעמפט פונעם ערשטן טאָג. אומגעריכט פאַר אַלעמען, געפינט זיך צווישן זיי אויך דער נודניק שאול. ער הייבט גלייך אָן מיט די שטענדיקע טענות און מענות, מיט זיין אייביקן פאַר וואָס און פאַר ווען. ער האַלט, ווי פריִער, אין איין קלאָגן און באַקלאָגן זיך. אָבער דאָס, וואָס ער, דווקא און גראָד ער, קומט צוריק אין פייער אַריין, פונעם אייגענעם ווילן, מונטערט שטאַרק אויף די חברה.

יאָ, די חברה! ס. יזהר אידעאַליזירט זיי נישט. ער אַנטדעקט, און נאָך ווי, אויך שלעכטע אייגנשאַפטן און דערמיט שטרייכט ער אונטער די אינדיווידועלע באַזונדערקייט פונעם צופעליק צונויפ־געבראַכטן געזינדל. אָט שטעלט זיך ס. יזהר אָפּ ביים ענגהאַרציקן עגאָיסטל פּעמפּיק, וואָס אַפילו אין די שרעקלעכסטע שעהען און רגעס קריכט יענער נישט אַרויס פון זיין פּעמפּיק־הויט. ס. יזהר

ברענגט אַרויס אין דער גאַנצער נעבעכדיקייט שמוליקן דעם קעכער. אין גרויס פּלאָטערניש פאַר זיין בידנע לעבן, טוט שמוליק אָפּ אַ ריי געמיינע שטיק.

ס. יזהר שטרייכט אין „ימי צקלג" אויך אונטער אַ טשיקאַווע דערשיינונג, וואָס קומט צום שײַן אומעטום אויף דער גאָרער וועלט. נישט אַלע, וואָס ווערן אין רויִקע צייטן געקריינט ווי העלדן, האַלטן אויס דעם פייער־פּרווו פון ווידערשטאַנד און קאַמף. מאָטע, דער אימפּאָזאַנטער 20־יאָריקער „מם־מם" (מפקד מחלקה), וואָס פאַרהילכט די חברים מיט זיין באַס און מיט זיינע געשליפענע רייד, פול מיט פּסוקים, פאַרלירט זיך ביים ערשטן קריטישן מאָמענט. ער ווערט פאַרשווונדן פון דער קאַמף־אַרענע און פון דעם סיפור־המעשה — ווי נישט געווען. און דווקא בעני, דער קליינוווקסיקער צווייפלער און גריבלער, ווייזט זיך אַרויס פאַר אַ קעמפער און זיגער אויף אַלע 100 פּראָצענט, אויב נישט נאָך מער, אומגעריכט פאַר די אַרומיקע, אומפאַרהאָפט פאַר זיך אַליין.

געוויס, אַ טייל יונגע־לייט זענען צום פראָנט בכלל נישט דער־גאַנגען. געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין אויסלאַנד פון יעדער מעגלעכער פליכט. מען דערמאָנט זיי גאַנץ אָפט מיט גרינגשאַץ און ביטול אינעם הייסן וויכוח, וואָס שניידט זיך שאַרף אַריין אין סאַמע מיט און תוך פון „ימי צקלג".

ווי נאָר מען אָטעמט אָפּ אַ רגע פרייער, פאַרזאַמלט מען זיך. מען פּאָלעמיזירט, מען אַמפּערט זיך, מען רעדט זיך אַראָפּ פונעם האַרצן. אינעם שמועס באַטייליקן זיך כמעט אַלע. איינער רעדט שיין און גלאַטיק, אַ צווייטער שטאַמלט, ביים דריטן צעקלינגט זיך די שטימע קינדעריש־דין. אָפט שרייען זיי און גוואַלדעווען אַלע צוזאַמען, שלאָגן זיך איבער די רייד. יעדער איינער רעדט אין נאָמען פון דער גאַנצער יוגנט אין ארץ־ישראל. די פּאָלעמיק איז אַן איבערגעטריי־בענע, אַ היציקע. אָט — מיט אַ צולהכעיסדיקן דווקא־טאָן, אָט — דערפירט צו אַן אַבסורד. אָבער אין דער אייגנאַרטיקער רייד־דעמאָנסטראַציע דעפילירן פאַרביי אַן אַ שיעור פּראָבלעמען: אייביקע

און אַקטועלע, אַלגעמיינע און לאָקאַלע, אבות ובנים, מלחמה און שלום, שטאָט און דאָרף, קליינלעכע באַלעבעסלדיקייט און פרייער זוכערישער גייסט, און נאָך און נאָך וויכטיקע פראַגעס, וואָס טראָגן זיך אַרום אין דער לופטן דאָ־הי.

פאַראַן צווישן די חברה אויך אַזעלכע, ווי די צוויי קאָמאַנדירן יודקאָ און זאביק, וואָס טרייסלען זיך אָפּ מיט אַ כיוון פון אַלע פּראָבלעמען און ראַנגלענישן. זאָל מען זיך דערמיט פאַרנעמען אין פראַנקרייך אָדער ענגלאַנד — דערקלערן זיי פעסט און אַנטשלאָסן. חלומות, ספקות און זוכענישן זענען אַן ענין פאַר שרייבערס. די ארץ־ישראלדיקע יוגנט האָט דערצו נישט קיין צייט. זי איז מאָבי־ליזירט. זי געפינט זיך אין אַ פּערמאַנענטער שליחות. דער איצטיקער קריג איז נישט דער לעצטער. אין סאַמע מיט פון די בעסטע פּלענער און שענסטע טרוימען וועט מען די יונגע ווידער רופן. די גאַנצע תקופה הייסט „מען פרעגט דיך נישט". אַנטרינען איז נישט שייך. נאָך די דעזערטירן וועט מען זיך יאָגן. טאָמער כאַפּט מען זיי נישט, וועט זיי פּאַקן דער אייגענער געוויסן — און דאָס וועט זיין נאָך ערגער...

דראַסטישע געשעענישן רייסן אָפּט איבער דעם שמועס מיט גוואַלד, אַ מאָל שטילט ער זיך גלאַט אַזוי איין, אָבער ער לאָזט זיך קיין מאָל נישט אויס. ער ווערט שטומערהייט געפירט ווייטער ווען נאָר די חברה־לייט בלייבן אַליין. פאַרטיפט אין זיך, שווייגן זיי אויס אין דער שטיל גאַנצע מאָנאָלאָגן און אָפּט דיאַלאָגן. אָט דער אינע־ווייניקסטער שטראָם שפּירונגען און טראַכטענישן האַלט אין איין קייטלען זיך מיט די געשפּרעכן אויף אַ קול און זיי שאַפן צוזאַמען דעם דינאַמישן אומרו, וואָס וויברירט און באַוועגט זיך אָן אויפהער אין אַלע שעהען פון צקלג.

פון אַלע צעוואָרפענע רייד און מחשבות אין „ימי צקלג" שטעלט זיך אויף אַן אוניקום־בילד פון די ארץ־ישראלדיקע אבות ובנים, עפּעס אַ מין פאַרמעסט, ש׳ער נישט קיין אייפערזוכט מצד

דעם יונגן דור, פונקט ווי דער עלטערער דור וואָלט זיי, דעם יונג־וואַרג, פאַרלאָפן דעם וועג. וואָס זשע, איז אייגנטלעך, דער רעש און פאַרדראָס קעגן די עלטערן?

זיי, די עלטערן — אַזוי טענהן די סאַברעס — האָבן געלאָזט שטיין די גייסטיקע ירושה פון די זיידעס און געמאַכט אַ ריזיקן שפּרונג פון דער אַלטער היים אַזש אַהער. אָבער אונדז, זייערע אייגענע קינדער, האָבן זיי, ווי מען האָדעוועט פייגעלעך אין אַ נעסט. מען גיט אונדז גרייטע לאָזונגען, פאַרטיקע מוסטערן. די עלטערן האָבן געוואָלט, אַז מיר, די קינדער זייערע, זאָלן אין איין צוויבער־שעה זיך פאַרפלאַנצן אין די וועלדער און פעלדער. אָבער די נייע היימען זענען דערוויל עקספּערימענטאַלע גרינע ווינקלען צווישן ווילדע פּײַנטלעכע שטחים, אָנגעלאָדן מיט אַ שטענדיקער געפאַר.

אייניקע טאַטעס האָבן געטרוימט: די זין וועלן פאַרמאָגן דעם מוט פון נמרד דעם יעגער, די קריגערישע דרייסטקייט פון יואב און פון אבנר בן נר. אַנדערע טאַטעס האָבן געפּרוווט אַרײַנטריפן אין די קינדער אַ „רגש יהודי״, אַ געפיל צום פאָלק, טאַטעס האָבן געחלומט, אַז אין די קינדער וועט אויפגיין דאָס ליכט פון ר׳ נחמן בראַסלאַווער. אָבער ווו האָבן די קינדער געזען אַ פאָלק? אין דעם ארץ־ישראלדיקן שטעטל עפולה? מען האָט זיי געבראַכט אויף דער וועלט אונטער אַ שוואַכן דאַך פון אַ יישוב, וואָס איז אַלט איין טאָג, מיט אַן אָפּגעהאַקטער יחוס־קייט, וואָס הייבט זיך אָן פון די טאַטעס.

און נאָך אַ זאַך, טענהן די סאַברעס אין די היציקע רייד: די עלטערן האָבן געהאָרעוועט איבער די כוחות, נישט דערעסן און נישט דערשלאָפן, אָבער די קינדער האָבן זיי געשטאָפּט מיט אַל דאָס גוטס, מיט די בעסטע שפּייזן און אויך מיט די גרעסטע קולטור־ווערטן — פון תנ״ך ביזן היסטאָרישן מאַטעריאַליזם, מיטן העכסטן פּאַטאָס פון בית־מדרש און פון רעוואָלוציע. דאָס אַלץ האָבן זיי געגעבן אין צו גרויסע מאָסן. האָבן די קינדער דעם גייסטיקן איי־בערפלוס געשטעמפּלט מיט אַ צו־להכעיסדיקן שפּאָטוואָרט: „ציונות״.

אַט זאָגט מען איינעם פון דער צקלג־חברה, בשעתן וויכוח, אַז ער דעקלאַמירט א. ד. גאָרדאָנען. באַליידיקט זיך יענער: „גלייבט איר דען, — פרעגט ער געטראָפן — אַז מיט אַזאַ פּרצוף ווי מיינער, האָב איך אַ מאָל געלייענט א. ד. גאָרדאָנען״?

זיי רעכענען זיך אָפּ, פון דער ווייטנס, מיט דער גאַנצער סביבה, בראש מיט די מדריכים פון די יוגנט־באַוועגונגען, פאַר אַלע יאָרן. אָבער נאָך שאַרפער רעכענען זיי זיך אָפּ מיט זיך אַליין. „ימי צקלג״ קלינגט ווי אַן אמתער „אשמנו ובגדנו״ (מיר האָבן געזינדיקט און געפעלשט) — אין אַ חוצפהדיק יונג־סאַברישן נוסח. עס איז אינטע־רעסאַנט: דורך זייערע אייגענע ספקות און ראַנגלענישן שפּיגלען זיך אינעם בוך אָפּ סיי די פאַלשע און סיי די גערעכטע טענות, וואָס די סביבה הערט נישט אויף מיט אַזאַ ברייטער האַנט צו באַשענקען אונדזער יונגוואַרג דאָ־הי.

וואָס וואַרפן זיי זיך, די יונגע, נישט פאָר? און וואָס באַשולדיקן זיי זיך נישט אינעם ברען פון דעם וויכוח? אַ שרעקלעך צעטל! עס קומט אויס, רחמנא ליצלן, אַז זיי האָבן נישט קיין וואָרצלען — נישט אין פאָלק, נישט אין לאַנד, נישט אין קולטור.

אמת זיי ברענגען אַהער ייִדן אויף שיפן און שיפלעך, זיי שטעלן דערביי איין דאָס לעבן — דאָס אַלץ ווערט שוין באַזונגען אין מויזנט און איין ליד! אָבער האָבן זיי דען ליב די אָריינגעבראַנגטע ייִדן? יעדערער, וואָס איז נישט פונקט אַזוי ווי זיי — איז אַ פרעמדער, מעג ער זיין אַ ביסל ווייסער פון זיי, ווי דער איראָפּעיִשער ייִד, אָדער אַ סך שוואַרצער, ווי דער ייִד פונעם ווייטן מזרח.

הײמלאַנד? פאָטערלאַנד? — מיטן הײמלאַנד האַלט מען דאָך, אין בעסטן פאַל, אין סאַמע אָנהייב. ביים פאָטערלאַנד דאַרף מען ערשט פאַרטייטשן די יסודות.

קולטור? זיי אַנטלויפן דאָך ווי אָפּגעבריטע פון אַלץ, וואָס דער־מאָנט די מיטגעבראַכטע גייסטיקע אוצרות פון גלות און זיי שטאָל־צירן דער עיקר מיט זייער אויסגעגלייכטן רוקן!

בלייבט איבער — ליבע צום מענטש. 18־19־20 יאָר האָט מען

געציטערט איבער זיי און אין 8 חדשים האָט זיך אַלץ געשטעלט אויפן קאָפּ. נאָך אַלע שבת־זמירות און שיינע ווערטער וועגן מענטש און פּראָגרעס, זענען זיי געוועזן געצוווּנגען אַריינשטעקן אַ שפּיז אין אַ מענטשישן בויך און דערביי קיין פינטל נישט טאָן מיט אַן אויג.

ווי געזאָגט, זענען די טענות פון דער חברה צו דער סביבה און צו זיך אַליין שטאַרק איבערגעטריבן, אָפט דערפירט צו אַן אַבסורד. אָבער אין זיי אַלע שטעקט אַ גרעסערער אָדער קלענערער ברוכטייל פון אמת. אָט ווערן זיי, די טענות, באַשטעטיקט אין „ימי צקלג״, און אָט ווערן זיי דאָרט אָפּגעוואָרפן — נאָך אַ מאָל און אויף ס׳ניי.

ווי דרך אגב ווערט אין „ימי צקלג״ באַוויזן די סאָברישע אָפּ־געפרעמדקייט צו די מאָביליזירטע און פרייוויליקע פונעם גרויסן ברייטן יידישן אויסלאַנד. כדי צו פאַרלאַטען דעם שרעקלעכן מאַנגל אין מענטשן, האָט מען אין אויסלאַנד אויף גיך צונויפגעשטעלט גרופּעס פון „מח״ל״ און „גח״ל״ און געבראַכט זיי גלייך פון דער שיף — אויפן פראָנט.

זיי האַלטן זיך אַן אַ זייט, טוליען זיך איינער צום צווייטן, זינגען מוטיקע פרעמדקלינגעוודיקע לידער. זיי וואַרטן, מען זאָל איבערזעצן דעם באַפעל צו גיין פאָרויס אויף די פייער־ליניעס און זיי רופן אַרויס עפּעס נישט קיין באַקוועמען געפיל ביי דער חברה: עס איז שרעקלעך צו זיין פרעמד! טאָמער פאַלן זיי, וועט אַפילו נישט זיין וועמען אָנזאָגן וועגן זייער טויט.

און דאָרט, אין פייער גופא? אָט לויפט אַ שווער־פאַרוווּנדעטער. ער לאָזט נישט אַרויס פון די הענט, ער קלאַמערט זיך אין זיין שיסגעווער און הערט נישט אויף עפּעס צו שרייען. אויף רוסיש? אויף פּויליש? אויף יידיש? דאָס איז, ווייזט זיך אַרויס, עפּעס אַ פּיליפּ, אַ געוועזענער פּאַרטיזאַן פון די וועלדער. ער ליגט שוין אויפן סאַניטאַרישן טראָגבעטל, דאָס געווער געפינט זיך שוין ערגעץ אַן אַ זייט, אָבער ער שרייט נאָך אַלץ, אַז ער וועט בשום אופן נישט אָוועקגעבן דאָס געווער. מען טומלט זיך אַרום אים,

מען פּרוּווט אים באַרויקן אויף אַ צעבראָכענעם ייִדיש, אָבער ווען מען פירט אים אַוועק — אָטעמען אַלע אָפּ פרייער. און עס דאַכט זיך דעם לייענער, אַז עס אָטעמט אָפּ פרײַער אויך דער מחבר, דער צבר.

איז פאַר דער חברה באמת אַזוי ווילד־פרעמד דער קלאַנג פון ייִדיש? אין אַ צווייטער שטעלע פון בוך טיילט עמעצער אויס אין דער פינצטערניש עסן. „אכלו, קינדערלעך!" — זאָגט ער, און דאָס ייִדיש וואָרט „קינדערלעך" קלינגט פאַר זיי אַלע פּלוצעם צערטלעך און וואַרעם, ווי אַ גלעט פון דער מאַמען...

ווי כאַראַקטעריסטיש איז, למשל, אָט דאָס וווּנדערלעך גע־שילדערטע בילד: ברזילי, דער אינטעלעקטועלער בחור פון שטאָט, גראָבט אין דער ערשטער צקלג־נאַכט אַן אָקאָפּ. דערביי זינגט ער זיך אונטער. עס גייט פאַרביי עמיחי, דער פּעיִקער בחור פון קיבוץ. עס איז דאָך בראַמס — דערקענט עמיחי, דער סאַניטאַר. ער פאַרהאַלט זיך, כאַפּט אונטער די מעלאָדיע און עס גייט אַוועק אַ פאַרמעסט אין קלאַנגען. זיי זינגען און פייפן אויס די בעסטע שאַפונגען פון דער וועלט־מוזיק. נישטאָ מער אַרום זיי דער משלט 244 און אויך נישט צקלג. די נאַכטישע לופט איז פול מיט בראַמס, מיט באַך, מיט בעטהאָווען...

בלויז מיט בראַמס, מיט באַך, מיט בעטהאָווען? עס איז פיר אַ זייגער נאָך מיטאָג. דער זעקסטער צקלג־טאָג. באַלד וועט די לענגערע הפסקה אין שיסערייען זיכער קומען צו אַ סוף. ביי עמעצן רייסט זיך פּלוצעם אַרויס: יאַה־בי־באַם־באַם און ווידער יאַה־בי־באַם־באַם. אַ חסידישער ניגון דווקא! און פּונקט ווי מען האָט גאַר אויף דעם געוואַרט, כאַפּן עס אַלע אונטער פון אַלע זייטן. אויך דער פיינשמעקער עמיחי. ווער עס זינגט מיטן פולן אָטעם, ווער עס קלאַפּט צו מיט די הענט און מיט די פיס. דאָס זינגען צוזאַמען צעעפנט ברייטע טויערן צו עפּעס, וואָס איז זיי אַלעמען טייער און זיי קוקן זיך אַריין אין די אויגן מיט אַ בפירושער נאָענטקייט — אַזוי דערציילט דער מחבר, ס. יזהר, דער צבר...

גלייבט טאַקע די כאַליאַסטרע אין גאַרנישט, ווי עס קאָן זיך באַקומען פון זייערע רייד? אָבער דאָס עצם פרעגן: „וואָס האָבן מיר חוץ דעם געביט פון מלחמה, אַריינגעטראָגן אונדזער אייגנס אין דעם אוצר פון די אבות?"; דאָס עצם פרעגן און איבערפרעגן: „און וואָס גלייבן מיר, צו אַל די רוחות?" — איז דאָך געגוג. דיינו. „זאָלסט וויסן, ווי איך וויל, מיט מיין גאַנצן האַרצן און חיות, גלייבן אין לעבן, אין ליבע, אין פּראָגרעס" — זאָגט עמיחי צו ברזילי. דאָס זעלבע חזרן איבער, אַזוי אָדער אַנדערש, דאָס רוב צווישן זיי.

גראָד אין דער קאָלעקטיווער זיך־באַשולדיקונג שפּיגלט זיך אָפּ דאָס פייער, וואָס האָט זיך אָנגעצונדן אין זיי מיטן אויסבראָך פון דער באַפרייונגס־מלחמה. זיי זענען געלאָפן אין קריג פון די קיבוצים און דערפער, פון די אָרעמע און רייכע היימען אין שטאָט. אַ 16־יאָריקער האָט געשווירן, אַז ער איז אַלט 18, אַ פאַרוווּנ־דעטער האָט זיך אַרויסגעגנבעט פון שפּיטאָל און צוריק אַוועק אויפן פראָנט. קיין שום קראַפט אין דער וועלט וואָלט זיי נישט געקאָנט אָפּהאַלטן.

זיי האָבן אויך אין די „רויִקע" צייטן זיך קיין מאָל נישט אַרויסגעדרייט פון אַ געפערלעכן גאַנג אין דער „מחתרת" (אונטער־ערד). ווי נאָר מען האָט אַ ווונק געטאָן: „היי, מען רופט דיך!" זענען זיי גרייט געווען צו לויפן אין עק וועלט. אָבער ערשט אינעם איצטיקן אָפענעם קאַמף זענען זיי געוואָרן זעלבשטענדיק אויף אַ רעכטן אמת. מיט איין שפּרונג זיך געשטעלט אויף די אייגענע פיס און גלייכצייטיק דערפילט ווי גוואַלדיק גרויס איז די אחריות, וואָס לייגט זיך אויף זייערע שוואַכע יִינגלשע פּלייצעס. דער „מם־כף" גידי פילט בײַם אַנטלויפן פון צקלג, אַז צוזאַמען מיט זיי שפּאַנט האַסטיק אויף צוריק אויך די גרענעץ פון לאַנד און מיט יעדן טריט ווערט קלענער און קירצער פאַר זיי דער נגב.

ביי דעם און ביי יענעם פון דער חברה נעמט אויפגיין פון די טיפענישן אַרויס דאָס באַוווּסטזיין, אַז זיי שטייען אויף די פאַ־

דערשטע פּאָזיציעס נישט בלויז פון ארץ־ישראל, נאָר פונעם גאַנצן יידישן פאָלק, באשר הוא שם, אַז זיי זענען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער יידישער געשיכטע אין דער פאַרגאַנגענהייט און פאַר די האָפענונגען פון פאָלק אין דער צוקונפט. די אַחריות שטעקט ווי אַ מין דיבוק אויך אין די יעניקע, וואָס פּרוּוון זיך פון איר אָפּטרייסלען.

זיי הייבן אָן צוהערן, איינהערן זיך אין די פּרקים פון תנ״ך, פון שמואל א׳ און שמואל ב׳, וואָס ברזילי לייענט זיי פאָר. לכתחילה הערן זיי נישט גערן, מיט אַ מין „מען ווייסט שוין די אַלע זאַכן״. אָבער צו ביסלעך נעמען די מעשׂיות וועגן צקלג, וועגן דוד און די פלישתּים זיך ממשותדיק באַהעפטן מיט די איצטיקע געשעענישן און איבערלעבונגען. די צופיל־באַקאַנטע פּסוקים דער־שיינען אין אַ נייעם, אַ נאָענטן ליכט.

עס טרעפט, אַז ביי זיי הייבן אָן אַרויסשווימען ווערטער און באַגריפן, וואָס פריִער האָבן זיי דערפון נישט געוואָלט הערן. עס קומט אַ רגע, ווען נחום, דער געזונטער, באַלאַנסירטער בחור פונעם קיבוץ, דערפילט, אַז איצט וואָלט מען באַדאַרפט נעמען צו הילף אַ פּסוק, כּדי אויפצומונטערן די חברה. זאָל זיין ציונות, זאָל זיין עפּעס פון דער באָבעס סידור — אַבי דער מענטש זאָל האָבן אין וואָס זיך אָנהאַלטן. אין מאָמענט פון „כּלו כל הקיצין״ קוועלט אויף ביי איינעם פון דער הפקר־חברה, פון ווייט־ווייטן זכרון, אַ געבעט פון דער באָבען אָדער עלטער־באָבען: גאָט אין הימל, גאָט פון אברהם פון יצחק און פון יעקב — גיב אונדז אַ „בזוקה״, אַ קליין „בזוקונת״ (אַ באַזוקע, אַ באַזוקעלע, — אַ האַנטגעווער קעגן טאַנקען) דו ווילסט דאָך מיר זאָלן לעבן, דער נגב זאָל לעבן — גיב זשע אונדז אַזאַ מין „בזוקה״, וואָס זאָל דורכברעכן דעם ענגן פאַרכישופטן קרייז...

זיי האָבן אַריינגעקוקט דער מלחמה גלייך אין די אויגן און זענען דערשיטערט געוואָרן. אייגנטלעך טרעפן זיי זיך צום ערשטן מאָל אַזוי נאָענט און אַזוי אַכזריותדיק מיטן טויט: דער רירעוו־

דיקער זוזיק — צעקוועטשט פון אַ טאַנק; שמוליק דער פּחדן — געשאָכטן; און אורי, דער עסטעטישער, שיינער אורי, אַ בן־יחיד ביי זיין טאַטן, דעם דאָקטער, — וואַלגערט זיך אַ געקעפּטער, אַן דעם וווּנדערלעכן קאָפּ זיינעם.

דער עיקר האָבן זיי זיך דערשראָקן פאַר זיך אַליין. זיי וואָלטן דאָך אַ לעבן אָפּגעלעבט און קיין אָנונג נישט געהאַט, אַז זיי זענען מסוגל צינדן, אויפרייסן און חרוב מאַכן; שלאָגן, רויבן און מאָרדן. „דו מוזט הרגענען" — פּייניקט זיך פאַר און נאָך יעדער שלאַכט בעני, דער געשווירענער פּאַציפיסט — „טאַטע־מאַמע, דאָס גאַנצע לאַנד קוקט אויף דיר: הרגע, זון מיינער, כדי מיר זאָלן קאָנען לעבן רויק און שיין"...

לויט אַלע דייטלעכע, דרויסנדיקע סימנים שטעלט „ימי צקלג" פאָר מיט זיך אַ קריגסווערק, שיער נישט קיין „אויסגעשריי" אויפן שלאַכט־פעלד. אָבער אין תוך קלינגט „ימי צקלג" ווי אַ הימן צו שלום. איבערן האַלדז פאַרזונקען אין פייער און רויך, האַמערן אויס די יונגע שלאַכטלייט אַ פּלאַמיקן געבאַט קעגן דעם עצם קריג, קעגן יעדער מאַכט און יעדער פאָן, וואָס באַזינגען און גלאָריפיצירן דעם קריג, אַפילו קעגן די פיר באַרימט־געוואָרענע שורות פון דער אומגעקומענער ארץ־ישראלדיקער פאַראַשוטיסטין חנה סענעש: „אשרי הגפרור שנשרף והצית להבות"... (גליקלעך איז דאָס שוועבעלע וואָס האָט ביים אויסברענען אָנגעצונדן אַ פלאַם)... עס הערט זיך אין „ימי צקלג" אַ ליידנשאַפטלעכער אויסרוף פון כמעט אַלע קעמפערס: „איך האָס, איך האָס דעם קריג!..."

געוויס איז עס אַ בושה צו זיין אַ פּחדן, אַ פינצטערער בזיון צו זיין אַ דעזערטיר, אָבער מען טאָר נישט ווערן פאַרבלענדט. מען טאָר נישט פאַרגעסן, אַז מלחמה איז שטענדיק און אומעטום אַן אומגליק. אומגליקלעך איז די תקופה און דער גאַט, וואָס קאָנען זיך נישט באַגיין אָן אַן עקדה. אומגליקלעך און נעבעכדיק זענען אַלע טאַטעס אין דער וועלט, בראש מיט אברהם אבינו, וואָס פירן

זייערע זין צו דער עקדה. פֿאַר אַן אידעע דאַרף מען לעבן... לאַנג לעבן זאָל דאָס לעבן! — הערט זיך די גאַנצע צייט, אַ מאָל העכער און אַ מאָל שטילער, אין „ימי צקלג".

עפּעס אַ מין פֿאַרשיכורנדיקע קווינטעסענץ פֿון לעבן קוועלט אַרויס פֿון די יונגע הערצער. זיי ברענען מיט בענקשאַפֿט צו דעם אַלעם, וואָס שטייט זיי נאָך פֿאַר אין דער צוקונפֿט. נחום פֿון קיבוץ און רפי פֿונעם מושב קלייבן זיך צעאַרזעצן די איבערגעריסענע אַרבעט, די איבערגעריסענע ליבע צו זייערע מיידלעך. טשיבי וויל זיין, נאָך מער ווי פֿריִער, אַ פֿרייער פֿויגל אויף דער וועלט. אָבער דער רוב ווייסן נישט וווהין, ווי אַזוי וועלן זיי זיך קערן און ווענדן, עס איז דאָך אוממעגלעך זיך אויפֿצופֿירן און האַנדלען — זאָגן זיי — פֿונקט ווי קיין שום זאַך איז נישט געשען!

אַ נייער גייסט וועט מוזן ריינוואַשן יענע טונקעלע פֿלעקן אויף דער נשמה, וואָס וועלן זיכער איבערבלייבן נאָכן גאַנצן שוידער און גרויל. אַ טייל צווישן זיי לאָזט נישט צו רו דער געדאַנק: צי וועלן זיי נאָכן קריג זיין פֿעיִק צוזאַמען צו לעבן און שאַפֿן, אַט אַזוי ווי זיי קעמפֿן און צעשטערן איצט צוזאַמען.

עס איז זיכער נישט קיין צופֿאַל, וואָס דער מחבר לאָזט דווקא ביי בעני, דעם זוכער און פֿאַרשער, אַנטשטיין אַן אידעע, אַז די אָנטיילנעמערס פֿונעם איצטיקן קאַמף זאָלן אָפּגעבן נאָך דער מלחמה צען יאָר און אויפֿבויען אַ נייעם ארץ־ישראלדיקן ווונדער, אַ ישוב, אויפֿן אָרט פֿון די שלאַכטן, אין „משלט 244".

דער סטיל און די שפּראַך פֿונעם בוך אַנטפּלעקן נישט־געאַנטע שטאַפּלען פֿון שפּאַנונג. נאַטור־דערשיינונגען, פּאַסירונגען און סיטואַציעס אין קריג, איבערלעבונגען און שטימונגען פֿון די העלדן — דאָס אַלץ ווערט געגעבן אין פּראָצעס פֿון ווערן, פֿון וואַקסן, פֿון דערגרייכן אַ הויכפּונקט און ווידער אַ מאָל פֿון אַנטשטיין און פֿון וואַקסן. אין דער נאָכאַנאַנדיקער שפּאַנונג ווערן ביי די אָנ־טיילנעמער רייף און צייטיק געפֿילן און געדאַנקען, וואָס וואָלטן

מן הסתם, נאָך לאַנג געדרעמלט אין זיי און אפשר גאָר קיין מאָל נישט געקומען צום אויסדרוק.

די שפּראַך — זי איז שווער בלויז אין אָנהייב. וואָס ווייטער ווערט קלאָרער, אַז אַן אַנדער שפּראַך, אַן אַנדער מין סטיל און ריטעם — זענען גאָר נישט שייך. די קינסטלערישע פאָרעם וואַקסט אָרגאַניש אַרויס פון טיף מקורותדיקע וואָרצלען, אַנטוויקלט זיך און מאַכט דורך אַלע וואַנדלונגען פונעם דערציילערישן גאַנג. עס ווירקט אויך נאַטירלעך, וואָס דאָס בוך איז אַזוי געדיכט געזעצט און געדרוקט. אַלץ גייט דאָרט כסדר, אָן נייע שורות. עס דאַכט זיך, מען זאָל פון דער מאָנאָליטער מאַסע אויסטיילן באַזונדער די מאָנאָלאָגן און דיאַלאָגן — וואָלט דערמיט געשעדיקט געוואָרן דער ריטעם, ערשט ביים סוף פונעם בוך, ווען פון די לעצטע צוויי זייטלעך פליִען שיִער נישט קיין פונקען, ווערן די שורות אָפּגעהאַקט און קורץ־אָטעמדיק.

אַן אינטערעסאַנטער, פּילזאַגנדיקער פּרט: ביים איבערזעצן גייט דאָס מקורותדיקע עברית פון „ימי צקלג״ איבער אין יידיש, — מיט אַן אומדערוואַרטן פרייען שווונג.

דאָס ווערק „ימי צקלג״, געשריבן מיט אַזאַ נישט געוויינלעכן פאַרנעם, פאָדערט אַן אַקטיוון, שעפעריש־וואַכן אָנטייל פונעם לייענער. דער מחבר דערלאָזט נישט דעם לייענער זיך גליטשן איבערן אויבערפלאַך פון דעם סיפור־המעשה. דער מחבר דער־לאַנגט נישט קיין גרייטע, פאַרטיקע אויספירן. ער רוקט שאַרף אַרויס אַ גאַנצע ריי שווערע פּראָבלעמען און פראַגעס, וואָס סטי־מולירן, רעגן אָן דעם לייענער, יענער זאָל אָננעמען אַן אייגענע דייטלעכע שטעלונג. קלערן זיך טאַקע אויף, שוין אין עצם פּראָצעס פון לייענען, אַ סך זאַכן, וואָס פריִער זענען זיי געווען צעוואָרפן און צעשפרייט. דורך דעם בינדט זיך צו דער לייענער צו דער צקלג־חברה גאָר אָן אַ שיעור.

אויב ער איז אַן עלטערער, ווערן די צקלג־חברה פאַר אים ווי אייגענע גוטע אָדער שלעכטע קינדער. דאָס שטענדיקע האַקן,

קנאַקן, אויסהאַמערן שוצגראָבנס אינעם האַרטן פעלדזיקן שטיין קלינגט שוין אין זיינע אויערן, ווי אַ געמיינזאַמער אומרויִקער דופק פון אַלע קינדערס הערצער צוזאַמען.

און אויב עס איז אַ לייענערין, דאַכט זיך איר ביים אומקומען פון קאָבי דעם חבלן און פאַעט, אַז עס איז געפאַלן דער בעסטער, ווי עס וואָלט זיך געדאַכט זיין אייגענער מאַמע.

די זעלטענע טרערן, וואָס ווייזן זיך ביים לייענער, זענען ווייט פון זיין ווייכהאַרציק. די טרערן זענען קאַרגע, זיי ברייִען און ברענען און פאָדערן אומרויִק אויף, ווי אומרויִק און אויפּ־פאָדערנדיק עס איז די גאַנצע שאַפונג „ימי צקלג״.

און אָט קומט דער לעצטער, דער זיבעטער טאָג. אַלע ידיעות און קלאַנגען האָבן זיך באַשטעטיקט. אויף „אונדזער צקלג״ רוקט זיך אַן אומגעהייערער כוח פון אייזן און שטאָל. דאָס, וואָס עס קומט פאָר, איז שוין נישט קיין געראַנגל, קיין קאַמף, קיין שלאַכט. נישטאָ מער קיין גרענעצן פאַר צייט, רוים און שטח. עס איז אַ הייסער געווירבל!

פלוצעם, אויפן שמאָלן ראַנד פון אַ תהומיקן סוף, באַווייזט זיך אין סאַמע מיט פון מוראדיקע טאַנקען ביים שונא אַ מין גראָטעסקע האַרמאַטן־סטראַשידלע, וואָס קאָלערט זיך און קייקלט זיך אין אַ פאַרקערטער ריכטונג, מיטן הינטערשטן חלק פאָרויס. דער אויפמערקזאַמער לייענער וועט זיך זיכער דערמאָנען, אַז סרוליק דער „מג״ד״ האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט עפּעס אַ פּאַטענט: צוזאַמענשטעלן באַזונדערע טיילן פון פאַרשידענע אַלטע מאַשינען, לייגן אַ לאַטע אויף אַ לאַטע, און... די חברה האָט זיך דעמאָלט געקאַטשעט פון געלעכטער, ווען ספּי, דער „קמ״ן״ האָט זיי וועגן דעם דערציילט.

איצט איז אָט די „מפלצת״, דאָס פאַרזעעניש, דאָ. זי צילט פון גאָר נאָענט. שיסט, רייסט אויף, איבערראשט, רופט אַרויס

מיסטישע שרעק, זייעט בהלה צווישן די אייזערנע רייען פונעם שונא...

עס קומט דאָס לעצטע בילד פונעם בוך. איינס פון די פּרעכטיקסטע אין דער לאַנגער קייט פּרעכטיקע בילדער. אין גאַנצן פאַרשיכורט פונעם אומגלייבלעכן, ריזיקן זיג, לויפן די קעמפּערס, ווי פלאַקערדיקע פאַקעלן, אין אַ מין ווילד־אויפגע־פּראַלטן אַנטבלויזטן מצב פון אויסער זיך. זיי לויפן, ניין — פליִען, אַלע ווי איינער, פאָרויס און...

און דאָס בוך ווערט ווי איבערגעריסן אין מיטן. דעם לייענער טוט באַנק. עס איז אים אַ שאָד צו שיידן זיך מיט דער צקלג־חברה. און עס גלוסט זיך אים אַזוי שטאַרק וויסן, וואָס איז געוואָרן מיט יענעם אָרט, וואָס הייסט יאָ־אָדער־נישט — צקלג...

בשעת ס. יזהר האָט באַקומען דעם „פּרס־ישראל" (1959), האָט ער צום סוף פון זיין רעדע דערציילט: ער האָט נאָר וואָס אויף ס'ניי באַזוכט דאָס בערגל, וואָס פון יענער ווילדער סביבה, פון יענעם אויסגעטריקנטן באָדן איז אַרויסגעוואַקסן דאָס בוך „ימי צקלג". איצט זעט דאָרט אַלץ אויס פּשוט נישט צום גלויבן. עס פאַרלירן זיך דאָרט אין אומענדלעכע ווייטן ברוינלעך צעאַקערטע און פריש־גרינע פעלדער; עס רויטלען זיך דעכער פון נייע ווייסע הייזער און נעבן זיי — אַ סך טונקעלע פלעקן פון יונגע ביימער; איבערן גלאַנציקן אַספאַלט־שאָסיי לויפן אַרום, הין און צוריק, אויטאָס. דאָס וואָלט זיך נישט געקאָנט לייגן אויפן זינען, ווען אַלץ זעט נישט אויס אַזוי רעליעף און באַשיימפּערלעך. און מען האָט זיך דאָרט נישט געקאָנט באַפרייען פון עפּעס אַן אומרויִקן און פילגעשטאַלטיקן:

ובכן ?...

**יוני 1960**

# אַ פּאָר ווערטער וועגן דער עמאַציאַנעלער מאַפּע פון ישראל

זינט דעם 5טן יוני נייטיקן מיר זיך אָן אויפהער
אין נאָך און אין נאָך אויגן און אויערן, נייטיקן
זיך נאָך אין איין האַרץ.

**חיים גורי**

**איצט איז סוף יולי יאָר 1967. דאָס הייסט, אַז אָנהייב פּאַריקן חודש איז נאָך געווען „פּאַרן קריג". היתכן? איז עס דען מעגלעך? אָבער לויטן יאָר־לוח איז פּאַרט זעקס וואָכן פון זינט דער איצטיקער ישראל־קריג האָט זיך פאָרמעל „פאַרענדיקט" און זעקס וואָכן מיט זעקס טעג פון זינט דער קריג האָט זיך פאָרמעל „אָנגעהויבן".**

**איזהו חכם? ווער איז דער חכם אָדער דער נביא, וואָס וועט קאָנען פעסטשטעלן אָדער פאָרויסזאָגן ווען דער איצטיקער קריג האָט זיך באמת אָנגעהויבן און ווען ער וועט זיך ענדיקן אויף דער אמת?**

**מען ווייסט און מען ווייסט נישט, מיט וועלכע אייליקע וועגן און אומוועגן עס זענען פון אַלע עקן וועלט אָנגעקומען און קומען אָן אַהער טויזנטער און טויזנטער יונגע מענטשן — בייצושטיין ישראל מיט זיך אַליין. און דערביי אויך ניט־ייִדן, צווישן זיי איין סטודענט אַ כינעזער. אַן אידעאַליסטישער דראַנג צו העלפן די ייִדן פאַרטיידיקן זייער איין־און־איינציק קליין לאַנד קעגן די**

אַראַבער, וואָס זייער צאָל איז אַ סך, און זייערע לעגדער זענען גרויס און אַ סך.

און וויפל מען ווייסט, ווייסט מען נאָך ווייט נישט גענוג, ווי גרויס איז דער פאַרנעם און דער שווונג פון אַל־די זאָרגן און דאגות, ברכות און ווונטשן, טריומף־באַגריסונגען און טיפן מיטלייד אין צער, וואָס זענען פאַר, בשעת און נאָך דעם קריג געשיקט געוואָרן אַהער דורך לופט־פּאָסט, טעלעגראַף און ספּעציעלע שליחים פון דער גאַנצער וועלט, פון אַנגעזעענע ייִדישע און נישט־ייִדישע אָרגאַניזאַציעס, אַנשטאַלטן, גרופּעס, איינצעלנע באַרימטע פּערזענ־לעכקייטן אויפן געזעלשאַפטלעכן, וויסנשאַפטלעכן און קינסטלערישן געביט; אויך פון לינקע און קאָמוניסטישע קרייזן (אָפט אין געהיים); אויך, און אפשר דער עיקר, פון ייִדישע און נישט־ייִדישע „עמך" שיכטן...

אַ מין ברייטער, טיפער ים פון לייבלעך־האַרציקער פריינד־שאַפט, וווּ יעדער טראָפּן פאַר זיך איז נישט אָפּצושאַצן. ווי זאָל מען דען אָפּשאַצן די טעלעגראַמע מיט אַ קורצער פאָלקס־תפילה, אַדרעסירט: אל הכותל המערבי, ירושלים. געחתמעט: כלל ישראל, אַנטווערפּן, בעלגיע?...

און אַנטקעגן און קעגן — גיפטיק־פיינטלעכע איינהייטן, בראש מיט דעם מעכטיקן ס.ס.ס.ר., וואָס אין זייער מלוכישער גרויל־פּראָפּאַגאַנדע און אָפיציעלער זידל־העצע, ווילן זיי נישט זען און נישט הערן דעם פּשוטסטן אמת, פאַרשטעלן זיך אויג און אויער פון דעם העכערן צדק און יושר, בלייבן עקשנותדיק און ציל־באַוווּסט טויב און בלינד צו אַלץ און צו אַלעמען, דרייען זיך אין אַ מין פאַרכישופטן קרייז פון אינטערעסן און קלענערע, אָפט קליינטשיקע, אַמביציעס. האָט דאָך אין די ערשטע מלחמה־טעג אַ קאָמוניסטישער פירער אין אַרגענטינע פייערלעך דערקלערט, אַז באַלד נאָכן חורבן־ישראל וועלן די רעשטלעך ישראל־ייִדן איבערגעשיקט ווערן קיין... ביראָבידזשאַן.

דערווייל — בשעת די שלום־אונטערהאַנדלונגען פון די גרויס־

מאַכטן — גייט אין גאַנג אַן אַלט־נייע מטבע: דער גורל פון ישראל. אַרום דעם דינגט מען זיך, דערמיט צאָלט מען מזומנים, דערויף מאַכט מען חובות, און דערווייל גליטשט זיך אַרויס פון וועלט־אויער און וועלט־אויג — דאָס לעבעדיקע, צאַפּלדיקע לאַנד ישראל.

דאָ אין לאַנד, אינעם לעבעדיקן, צאַפּלדיקן ישראל, דערציילט מען און מען דערציילט זיך איבער, בכתב און בעל פּה, וועגן דעם וואָס עס איז לעצטנס פאָרגעקומען און געשען אַרום און אַרום און מען האַלט אין איין שטוינען: איז דאָס אַלץ געשען און פאָרגעקומען אין דערווירקלעכקייט? מעשיות און נאָך מעשיות, וואָס צווישן זיי און די אַראַבישע מעשיות וועגן דעם זעלבן קריג אין דער זעלבער צייט, ווערט פון שעה צו שעה גרעסער און טיפער דער תהום.

זיכער, אויך אין ישׂראל האָט מען, אינעם הייסן אימפּעט פון די איבערלעבונגען, נישט ווייניק אונטערגעשטראָכן, אויב נישט איבערטריבן. און מן הסתם עפּעס־וואָס, דאָ און דאָרט, אויך אויס־געטראַכט. ווי גוואַלדיק ווייט איז אָבער דער מהלך דערפון ביז צו דעם זעלבסטהערשערישן אַראַבישן יצר פון גוזמא, וואָס ווערט אַ דאָמינירנדיקער צוועק אַליין פאַר זיך, שיִער נישט קיין אָפּגאָט, וואָס עסט און פרעסט זיי אויף לעבעדיקערהייט.

גראָד דאָס איבער־געטריבענע און אַפילו צוגעטראַכטע דאָ־הי באַפאַרבט און פאַרשטאַרקט אָפּט דאָס אַקטועלסטע און וויכ־טיקסטע אויף דער עמאָציאָנעלער מאַפּע פון לאַנד, אויף יענער אייביק באַוועגלעכער מאַפּע, וואָס שעה־איין און שעה־אויס ברענגט זי אַרויס די שטימונג און דעם געמיט פון ישראל.

אין אויסלאַנד ברעכן זיך די מומחים מכל המינים דעם קאָפּ: אין וואָס באַשטייט דער כוח פונעם ישראל־מיליטער? ווו, אַקוראַט, ליגט פאַרבאָרגן דעם סוד פונעם „פאַנטאַסטישן", „מאָנומענטאַלן", „אומגלייבלעכן" נצחון אינעם קריג פון די 6 טעג?

דאָ־הי הערט מען נישט אויף ביזן היינטיקן טאָג צו באָמ־באַרדירן מיט „שאלות" די אַקטיווע אָנטיילנעמער אינעם קריג,

אַלעמען, פון גרויס ביז קליין. און עס איז מערקווערדיק: די קעמפּערס ענטפערן אָפּ על פּי רוב פריי און גערן, פונקט ווי זיי וואָלטן דערביי אויפגעקלערט אַ סך פאַרבאָרגענע זאַכן אויך, און אפשר דער עיקר, פאַר זיך אַליין. אַ מאָל דאַכט זיך, אַפילו, אַז זיי רעדן צו פריי, אָבער זייערע אָפענע רייד קומען אַרויס, על פּי רוב, גלייך פון האַרצן. און די קלאָרע „תשובות" זענען אָפט געבענטשט מיט יענער דערהויבענער פשטות, וואָס איז אָנגעלאָדן מיט טיפן זין, און וואָס זיי פּאַסן זיך אַריין מאָדנע לייכט און אָרגאַניש אין די ראַמען פון דער ערשט וואָס דער־מאָנטער עמאָציאָנעלער מאַפּע פון לאַנד.

וועגן דעם טאַקע גלוסט זיך זאָגן אַ פּאָר ווערטער. די שוועריקייט דערביי איז: פון וואָס הייבט מען אָן? וועגן וואָס זאָל מען נישט דערציילן? ווייל יעדע זאַך, וואָס מען לאָזט דורך, טוט ממש וויי.

אָבער עס איז פאַרט טשעקאַווע: זעלטן באַגעגנט מען דאָ לעצטנס די הויך־הויכע פראַזע, בעל פה און בכתב. עס ליגט נישט, ווייזט אויס, דער קאָפּ און עס ליגט נישט דאָס האַרץ צום געציקלטן וואָרט. און טאָמער באַנוצט זיך עמעצער פון געוווינהייט, מיט מליצה — פאַרענטפערט ער זיך.

פון אַ הויכער פראַזע באַוואָרנט זיך און היט זיך אויף זיינעם אַ באַזונדערן אופן דער שעף פונעם גענעראַל־שטאַב אין צה"ל, רב אלוף יצחק ראַבין. אין שייכות מיט אַ ספּעציעלן נאָמען פאַרן בליצקריג, וואָס מען האָט אין אויסלאַנד און דאָ־הי געהאַט אַרומ־געזוכט מיט ליכט, האָט יצחק ראַבין געפרעגט אין דעם 1000סטן יובילייִ־נומער פון „במחנה": צו וואָס דאַרף מען צוטראַכטן אַ נאָמען? רעדן דאָך דער פאַרנעם און די רעזולטאַטן פונעם איצטיקן קריג אַליין פאַר זיך. די פאָרגעשלאָגענע נעמען, ווי „מלחמת התעוזה", „מלחמת הישועה", „מלחמת בני־אור", זענען פּרעטענציעז. קאָן דען זיין טרעפלעכער, פּאַסיקער פונעם פשוטן נאָמען: מלחמת ששת הימים? דאָס קלינגט ווי די זעקס טעג פון בראשית. מיטן אונטערשייד,

אַז די איצטיקע זעקס טעג האָבן נאָך נישט געבראַכט די גע־בענטשטע רו פונעם זיבעטן טאָג.

אויב ביים עלטערן און מיטל־דור האָט די געקרוינטע און גערודפטע מליצה געבומען איינשרומפּן און איינגיין, מערקט זיך איצט ביים יונגן און ייִנגערן דור, ביי די סאַברעס, אַ נייגונג צו זוכן אַ פייערלעכן וואָרט און אויסדרוק פאַר דער אויסערגעוויינ־לעכקייט פון זייערע איבערלעבונגען. (און סאַברע, אגב, מיינט דאָ יעדער יונגער מענטש, יאָ אָדער נישט הי־געבוירן, וועלכער אָטעמט מיט דער ישראל־לופט פון גרויסער געפאַר און נאָך גרעסערער איינשטעלערישקייט). דערביי גיבן זיי, ווי סאַברעס, אַריין אַ נייערן טעם און פרישערן חן אין די אַלע סטאַנדאַרטע, קורץ־לאַקאָנישע, ריין־סאַברישע זאָגן.

מה יש? מה פתאום? (וואָס איז? וואָס עפּעס פּלוצעם?) — אַזוי פלעגן זיי אין משך פון יאָרן אָפּענטפערן אויף אַלע דערוואַקסן־סאָלידע טענות און מענות, וואָס האָבן זיך, צום סוף, קאָנצענטרירט אין צוויי גרינגשעציקע, איראָנישע שלאָגווערטער: „אַ דור פון עספּרעסאָ", „אַ יוגנט פון דיסקאָטעקן".

מה יש? מה פתאום? — ענטפערן זיי אָפּ אויך נאָכן נצחון אויפן ריזיקן שטראָם פון לויב און התפעלות, וואָס דערמיט שלאָגט זיך דער עלטערער דור „על־חטא"...

...דער 21־יעריקער סגן (לייטענאַנט) גיורא, איז דער ייִנגסטער מיראַזש־פּליִער אויף דער וועלט, וועלכער האָט, אין די ערשטע לופטקאַמפן פון זיין לעבן, אַראָפּגעוואָרפן פינף פיינטלעכע מיגן. אַזוי באַשטעטיקן זיינע קאָמאַנדירן. אָבער לויט גיוראס אייגענעם, סאַבריש־פּאַרעקשנטן חשבון — זענען עס „בלויז און נאָר" ...פיר מיגן. מה פתאום? האָט ער זיך געוווּנדערט, ווען אַ היגער זשור־נאַליסט האָט אים אין די „שאלות און תשובות" געפרעגט, צי ער פילט זיך ווי אַ „סופּערמען", אַן איבערמענטש, וואָס איז? וואָס עפּעס פּלוצעם אַ סופּערמען? אין ערשטן קאַמף זיגט מען, ווייל מען מוז, ווייל אַנדערש קאָן דאָך נישט זיין און באַלד דערוווּסט

מען זיך, אַז דיינע בעסטע חברים זענען געפאַלן, פליט מען אַרויס אין ווייטערדיקן קאַמף — אויך אין זייער שליחות...

עס קלינגען איצט ביי די סאַברעס אין גאַנצן אַנדערש, מאָדנע געלייטערט און פאַרטיפט, אַ סך „געוויינלעכע" ווערטער און אויס־דרוקן פון פריִער. אויב קורץ פאַרן קריג האָט דער אויסדרוק „אין ברירה" געדינט פאַר די קעמפער, ווי אַ שלאָגלאָזונג, איז „אין ברירה" אין די גורלדיקע זעקס טעג געוואָרן פאַר זיי שוין נישט קיין פאַן. און עס איז ממש צו שטוינען, וואָס דווקא אין דער מלחמה־צייט ווערט דאָס פאַרהאַרעוועטע אָפּגענוצטע וואָרט „שלום" ביי אַ גרויסער טייל יוגנט אין לאַנד (בראש מיט דער קיבוצישער יוגנט), אַנגעלאָדן מיט אַ ברייטן, פולן פרידן־זין. און דער פריִער־וואָכעדיקער „כל הכבוד", וואָס די סאַברעס פאַרטיילן איצט מיט אַזאַ ברייטן האַרץ, קלינגט ווי די העכסטע אויסצייכענונג פאַר יעדן איינעם, וואָס איז זוכה דערצו.

אין די ערשטע טעג, גלייך נאָך דעם, ווי דער אַרויפגעצוואונגענער קריג אין ישראל האָט „אויפגעריסן", האָט דאָס גאַנצע לאַנד זיך געפילט איינזאַם און פאַרלאָזן, אַנגעוויזן בלויז און אויס־שליסלעך אויף זיך אַליין. ביי אַלעמען, ביי גרויס און קליין, איז דער אָטעם געווען פאַרכאַפּט פון די גרויסע נצחונות, אָבער דאָס האַרץ האָט געוויינט און זיך געשראָקן פאַר יעדן טייערן קרבן, וואָס איז געפאַלן און וועט נאָך פאַלן. דעמאָלט איז אַ היגע זשורנאַליסטין געקומען אויף אַ באַזע פונעם מיליטערישן לופט־פלאָט און, צווישן צוויי לופט־רייסן, געכאַפּט אַ שמועס מיטן פליִער רן (ראָן). דער שמועס „אונטער פיר אויגן" איז געווען אָפּגעדרוקט אין יענעם טאָג, ווען אויף אַ ביולעטין פון אַ קיבוץ אין נגב איז געווען אָנגעגעבן די דאַטע: 9 יוני 1967, דער דריטער טאָג נאָכן באַפרייען ירושלים.

„כל הכבוד פאַרן אמת" — האָט דער פליִער רן, דער יונגער רב סרן (מאַיאָר) דעמאָלט געענטפערט דער זשורנאַליסטין — „אויב זאָגן דעם אמת, קומט דער כבוד נישט בלויז די פליִער,

נאָר יעדן איינציקן אין צה״ל. אמת, דער געמיט פון אַ פליִער איז גאָר אַ באַזונדערער. ער פליט איינזאַם און אייביק אַליין אין אַן אומענדלעכן רוים, אַנגעוויזן בלויז און אויסשליסלעך אויף זיך. ער דאַרף האַלטן דעם רודער, די ריכטונג, מאַכן די נייטיקע אויסרעכענונגען, אָננעמען באַשלוסן, ברענגען אין באַוועגונג דעם געוועֶר־מעכאַניזם. נאָך מער — ער מוז אונטערשטרייכן, צוגעבן היץ און מוט, זאָגן: איך מוז זיין בעסער, נאָך בעסער. בעסער פון וועמען? בעסער פון זיך אַליין״!

„ווען איך הער״ — האָט ער געזאָגט, — „די מיליטערישע מאַרשן אין ראַדיאָ פון קאַהיר, בין איך שטאָלץ, וואָס מיר נייטיקן זיך נישט אין הו־הו־מוזיק, אין טרומייטער־שאַלן, כדי צו מאַרשירן פאָרויס. מיר גייען און דערגייען צום ציל מיט לידער וועגן דער גבורה פון בחורים, וועלכע זענען געפאַלן אין פריִערדיקע קאַמפן. דערמיט זענען מיר, די סאַבּרעס, אמתע ייִדן. דור־איין און דור־אויס אָטעמען מיר איין מעשיות וועגן קידוש השם, וועגן מסירת הנפש פאַרן קיום פון פאָלק. איצט האָט געשלאָגן אונדזער שעה...״.

...ווי באַוווּסט, האָט סוף יוני דער באַפרייטער ירושלימער אוניווערסיטעט אין זיין אַמפיטעאַטער אויפן הר הצופים געקרוינט זעקס פראָמינענטע פערזענלעכקייטן מיטן ערן־טיטל פון דאָקטאָר־פילאָזאָפיע. די רעדע, וואָס יצחק ראַבין האָט ביי דער פייערלעכער געלעגנהייט געהאַלטן, איז געווען, ווי זיין שטייגער, פּרעציז, וואָגיק, באַשיידן און מענטשלעך־דערהויבן. די רייד, וואָס ער האָט גערעדט, האָט טיילווייז שוין געזאָגט אָדער וואָלט געקאָנט זאָגן נישט איין קעמפער אָדער בירגער אין לאַנד. זיכער דערפאַר איז די ווירקונג פון דער רעדע דאָ־הי אין לשער. מען חזרט זי איבער אין ראַדיאָ, שיִער נישט ווי אַ פאָלקס־תפילה. און מען האָט שוין אַפילו געהאַט עפנטלעך פאָרגעשלאָגן, מען זאָל די רעדע איבערזעצן אין פיל שפראַכן, אָפדרוקן מיליאָנען עקזעמפּלאַרן, צעשיקן זי איבער דער

גאַנצער וועלט, כדי די וועלט זאָל וויסן און פאַרשטיין: אין וואָס באַשטייט, אייגנטלעך, דער כוח פונעם ישראל־מיליטער און ווו ליגט פאַרבאָרגן דער סוד פונעם פאַנטאַסטישן נצחון אינעם קריג פון די זעקס טעג.

און אחרון, אחרון: אַ 5־יעריק ירושלימער ייִנגל האָט אין אַ מאָמענט פון השתפכות הנפש אַרומגענומען זיין מאַמע: דו ביסט וווּנדערבאַר, דו ביסט „מיין ראַבין"...

זונטיק, 23סטן יולי 1967

## ,,חברים מספרים"...

חברים דערציילן... מען וועט זיכער אין משך פון אַ גאַנצן דור נישט באַוויזן איבערדערציילן, וואָס חברים זאָגן וועגן חובי, וועגן מאָש, וועגן דני און וועגן נאָך און נאָך, וואָס זענען געפאַלן אין די פאַרשיידענע עטאַפּן פון איין לאַנגן, לאַנגן קריג.

חברים דערציילן... פאַרווונדערט און דערשלאָגן, פונקט ווי יעדער איינער וואָלט געווען פערזענלעך שולדיק אינעם אומגליק, קלייבן זיי זיך צונויף, אָפט אין בייזיין פון די פאַריתומטע עלטערן. זיי פּרוּוון צווישן זיך מספּיד זיין אַ לייבלעך־נאָענטן חבר, וואָס ווערט אַזוי אכזריותדיק־אומדערוואַרט אַרויסגעריסן פון זייער מיט און ס'איז אים אַזוי אוממעגלעך צו פאַרטרעטן.

אין אָנהייב קומט עס אָן זייער שווער, אָבער באַלד, איינער נאָכן אַנדערן, רעדן זיי שוין און דערציילן אוממיטלבאַר און פריי וועגן דעם חבר, וואָס איז אַוועק; וועגן זיך און וועגן דעם נאָענטן און ווייטן אַרום. ווי פון עפּעס אַ געהיימען אומאויסשעפּלעכן קוואַל שווימען פלוצעם אַרויף אָן אַ שיעור מאָמענטן, שטריכן, געשעענישן, איבערלעבונגען און עס צעוואַקסט זיך אַזאַ פיל־פאַרביקע וועלט, אַז זיי ווערן, על פּי רוב, אַליין איבערראַשט און צוזאַמען מיט זיי זענען נישט וויניקער, אויב נישט נאָך מער איבערראַשט אויך די עלטערן.

יונגע זעלנער פון 18 און פון 19 יאָר, וואָס זענען געפאַלן אין צווייטן וועלט־קריג, האָט מען אין סאָוועט־רוסלאַנד גערופן „מענטשן אָן אַ ביאָגראַפיע". זיי זענען, האָט עס דאָרט געהייסן, געווען נאָך

צו יונג — כדי צו פֿאַרמאָגן אַן אייגענע, אינדיווידועל־באַפֿאַרבטע ביאָגראַפֿיע.

ווי אַנדערש זעט עס אויס ביי אונדז! דער אומרויִקער לעבנס־לויף פֿון יעדן איינציקן צווישן די יונג־געפֿאַלענע, וואָס די חברים דערציילן וועגן זיי — איז גענוג, אויב נישט איבערגענוג, פֿאַר דער געשפּאַנטסטער, מערקווערדיקסטער ביאָגראַפֿיע.

איז שוין גאָר קיין ווונדער נישט, וואָס דער חבריש־געשלאָסענער, ריין פּערזענלעכער שטייגער פֿון טרויערן בצוותא, ווערט אַזוי פֿאַרשפּרייט דאָ־הי. בעצם וואָרצלט זיכער אַזאַ פֿאָרעם פֿון טרויער אין דער ווייטער פֿאַרגאַנגענהייט, אין אַן אַלגעמיין־מענטשלעכן (און אפשר אויך ספּעציפֿיש ייִדישן) מנהג. קוים זאָגט מען אָבער אַרויס די ווערטער „חברים דערציילן", וואַכט אויף אין זכרון און רופֿט זיך אָפּ אין האַרצן דאָס בוך „חברים מספרים על ג'ימי". דערשינען מיט אַ דור פֿריִער (אין 1952), געבראַכט צום דרוק דורך די עלטערן: דעם מאָלער מנחם שמי (שמידט) ז"ל, און דער חיפֿהער לערערין רבקה שמידט. מיט אַ הייליקן ציטער האָבן ביידע צוגעגעבן צום בוך: דער פֿאָטער — זיינע פֿאַרצייכענונגען, די מוטער — אַ באַגלייט־וואָרט פֿאַר איר זון.

דער גורל פֿון אונדזער יוגנט האָט אין משך פֿון יאָרן געפֿירט דערצו, אַז „חברים מספרים על ג'ימי" זאָל אַן אַ שיעור בייטראָגן צום היגן עפּאָס פֿון בענקשאַפֿט נאָך די „בנים שנפלו"; אַז אָט דאָס בוך זאָל ווערן און בלייבן ווי אַ לייכט־טורעם פֿאַר יעדעס מאָל פֿריש דערשינענע זכרונות וועגן ניי געפֿאַלענע זין און חברים. דאָס רוב צווישן זיי איז דאָך, פּונקט ווי דזשימי; אָריגינעל און איינמאָליק ביז גאָר; און דערביי, פּונקט ווי דזשימי, טראָגן זיי אין זיך בולטע סאַברישע שטריכן און אייגנשאַפֿטן, ווי עס ווערט געזאָגט וועגן דזשימי אין דער הקדמה צו „חברים מספרים על ג'ימי".

אויך איצט, נאָך דעם 6־טאָגיקן קריג, בלייבט די ווירקונג פֿונעם ווונדערלעכן דזשימי־בוך אויפֿן לייענער, נישט געמינערט, אויב נישט געשטאַרקט.

אָט פּרוּווט מען איצט נעמען אין האַנט דעם צניעותדיק־באַשיידענעם בלוילעכן באַנד, מען לייענט אויף ס׳ניי נאָך און נאָך פון די האַרציק רירנדיקע שורות און מען שטוינט: איז עס דען מעגלעך — גלויבט מען זיך אַליין נישט, — אַז פון דעמאָלט אָן, פון יענע בראשיתדיקע טעג אין אונדזער מלחמה, זענען אַריבער אין גאַנצן צוויי צענדליק יאָר? אָבער באַלד דאַכט זיך שוין, אַז דזשימי, מיט אַלע׳ זיינע חושים און אייגנשאַפטן, געהערט אָרגאַניש צו דער הייַנטיקער חברה. און עס דאַכט זיך, אַז ער איז געפאַלן ערשט וואָס, מיט אַ קנאַפּער שעה פריִער...

אין דער ווירקלעכקייט, איז דער 23־יאָריקער דזשימי, מפקד פלוגה „איום ונורא”, געפאַלן בשעת דער שלאַכט ביי דירבאַן — אין יאָר 1949.

מען קאָן נאָר באַגרייפן מיטן האַרצן דאָס אַלץ, וואָס חברים (פונעם קיבוץ חקוק, פון מיליטער און פון הדרכה) האָבן געהאַט צו דערציילן וועגן דזשימי. און נישט בלויז וועגן דזשימי. אויך וועגן נחום און יעקב, וועגן עמוס און אליעזר, וועגן זוזיק און וועגן נאָך און נאָך... וואָס איניקע צווישן זיי זענען געפאַלן אַ פּאָר טעג פאַר אָדער אַ פּאָר טעג נאָך זייער חתונה. יעדער איינציקער אַזוי פאַרשיידן, אַזוי אַנדערש פון די איבעריקע, און דערביי — אַלע ווי איינער.

און דזשימי? דער פילגעשטאַלטיקער דזשימי? עפּעס אַזוי ווי מיט אַן אינעווייניקסטן, טיף אין אים וואָרצלענדיקן, פלי־אַפּאַראַט האָט ער באַוויזן צו זיין אומעטום, ווו מען האָט זיך אַזוי שטאַרק גענויטיקט אין אים: אין נען, אין בית־הערבה, אין עין־חרוד, אין דליה, אין אבא־גוש, און ווו דען נישט? אומעטום אינסטרוקטירט, אינספּירירט, געפירט אין קאַמף, אַליין געקעמפט.

איר באַגלייטוואָרט צום בוך וועגן דזשימי הייבט אָן זיין מאַמע מיט אַ ווענדונג צו די חברים:

„איר רופט אים דזשימי, דזשים. ער האָט ליב געהאַט דאָס צונעמעניש, וואָס די חברים האָבן אים געגעבן. איך האָב אים גערופן אהרון, אהרונטשיק, אהרונעלע, און אַזוי וועל איך אים רופן אויך איצט. אַ סך פון דעם, וואָס איר האָט דערציילט, איז געווען ניי פאַר מיר. איך האָב קיין סך נישט געוווּסט פון דזשימיס וועלט. ער האָט אָט די וועלט אָנגע־פּראָפּט מיט שוועריקייטן, מיט געפאַרן און שלאַכטן, אויס־געבאַהאַלטן פון מיר. אייער דזשימי איז געווען אַ חברהמאַן, אַ לץ, אַ שטיפער, און אין די שלאַכטן — אַ העלד. און מיין אהרון איז געווען ווייך, סענטימענטאַל, אינטים און אָפּנ־האַרציק. ער האָט ליב געהאַט, איך זאָל אים צערטלען און גלעטן און צוגעבן מוט, ווייל צייטנווייז האָט ער זיך גע־נויטיקט אין אַ ביסל מוט..."

דאַכט זיך דען נישט, אַז פון זיי ביידע פירט אַן אויסגעטראָטענע מאַמע־סטעזשקע ווייט אויף צוריק, ביז צו אונדזערע „אמהות" שרה און רבקה ?...

יזהר אשל, אָדער ווי די חברים רופן אים זוזיק, איז געפאַלן מיט 18 יאָר שפּעטער נאָך דזשימי. אָבער עס הערט זיך נישט אויף צו דאַכטן, אַז די רייד פון רבקה שמידט, דזשימיס מאַמע, האַלטן אין איין איבערפלעכטן זיך מיט די רייד פון יזהרס מאַמע, שרה אשל.

עלם־עד — זר מלים אחרון ברעות וחיבה מידידים (יונג — אויף אייביק. אַ לעצטער ווערטערקראַנץ מיט חברישקייט און ליבע פון פריינד) — אַזוי הייסט דאָס בוך אַרויסגעגעבן דורכן קיבוץ חצור, אין 1968, אין הייליקן אָנדענק פון זייער זון און חבר, דעם צוויי־און־צוואַנציק יאָריקן פליִער, יזהר אשל, געפאַלן דעם 20סטן סעפּטעמבער 1967, אַ פּאָר חדשים נאָך דעם 6־טאָגיקן קריג.

דעם 4טן יוני 1948, אין סאַמע ברען פון דער באַפרייונגס־מלחמה, האָבן די חברים און קעמפער אינעם קיבוץ חצור — גע־שריבן צו זייערע קינדער אין עוואַקואַציע :

„צו אונדזערע קינדער אין חוץ־לאָרץ!
היינט איז פרייטיק צו נאַכטס. עס קומט דער שבת צו
אייך — אָן אייערע עלטערן. מיר בעטן אייך: זייט נישט
טרויעריק. זינגט, טאַנצט און פרייט זיך. אויך מיר זענען
נישט טרויעריק. מיר באַדויערן נאָר זייער, וואָס איר זענט
נישט מיט אונדז. „שבת שלום", אַ גוט פרידלעכן שבת שיקן
אייך איבער אַלע פאַרטיידיקער פון חצור..."

(אַ פראַגמענט פונעם קיבוץ־בלעטל „מתחת לתל")

יזהר איז דעמאָלט נאָך נישט אַלט געווען קיין 4 יאָר. עס קאָן
זיין, אַז אָט דער בריוו האָט פאַר די חצור־קינדער געדינט ווי
איינער פון זייערע וועגווייזערס. באַוווּסטזיניק אָדער אונטערבאַוווּסט־
זיניק. און יזהר? זיין לעבן האָט ער דאָך פאַרווענדט אויף צו שאַפן
און פאַרטיידיקן אַרום זיך און אין זיך אַ האַרמאָנישע, פרידלעך־
שעפערישע וועלט, איבערפולט מיט פרייד. דערפאַר האָט ער זיך
געראַנגלט מיט הימל און ערד, זיך געראַנגלט אויך מיט זיך אַליין.
עס איז אומגלויבלעך, וויפל געשטאַלטן אין יזהר האָט געטראָגן
אין זיך — אַזוי אַנטפּלעקט זיך אינעם יזהר־בוך. יעדע גע־
שטאַלט — אַ באַזונדערע וועלט פאַר זיך, אָבער זיי אַלע פאַר־
איייניקט דער זעלבער וויכער, אָפּנהאַרציקער שמייכל, וואָס וועגן
אים האָבן אַזוי פיל צו דערציילן זיינע חברים און קאָמאַנדירן —
דער שמייכל וואָס שטראַלט אַרויס פון אַלע פאָטאָגראַפיעס אינעם
בוך „עלם־עד"...

...חברים מספרים... עס מערן זיך די חברשע זכרונות, וואָס
זענען גלייכצייטיק אַ המשך פון די פריערדיקע און אַ הקדמה צו
די שפּעטערדיקע זכרונות וועגן די געפאַלענע אין אונדזער אומ־
ענדלעכן קריג. עס וואַקסט און פאַרטיפט זיך, שעה־אויס און שעה־
איין, זייער עמאָציאָנעלער און היסטאָרישער ווערט. פּרוּווט מען

איבערדערציילן, רעדן וועגן זיי — איז ווען מען זאָל זיך נישט אָפּשטעלן און ווו מען זאָל זיך אַליין נישט איבעררייסן, שטייט מען סיי־ווי שטענדיק ביים סאַמע אָנהייב.

צום סוף, (אייגנטלעך ווייט פון וועלכן־ס'איז סוף) — אַ פּאָר ווערטער וועגן „קינדער דערציילן" אין צייכענונגען, וואָס זיי האָבן אויף זייער קינדערשן אופן געמאָלן לזכר די געפאַלענע אינעם 6־טאָגיקן קריג. די צייכענונגען זענען ציטעריק און רירנדיק צונויפגעזאַמלט געוואָרן אינעם פּאַוויליאָן „לזכרם" אויף דער צה"ל־אויסשטעלונג זומער 1968 אין תל־אביב.

אין פּאַוויליאָן „לזכרם" — אַ ווייכע, שמאָלע, קוים באַלויכטענע, אָפּגעזונדערטע סטעזשקע פּירט אַרום און אַרום אָן אומענדלעכן, לאַנגגזאַמען דינעם שטראָם פון מענטשן, זויגט איין אין זיך די שריט פון יונג און פון אַלט, מאַכט מאָדנע זאַכט די פּאַרזיכטיקע טריט פון אַ סך און אַ סך זעלנער.

אַ ווײַלע דאַכט זיך, אַז עס הענגט אין דער לופטן, עס רירט זיך נישט, אַ ציטעריק־אָפּגעהיטע שטומקייט פון אַ טעמפּל, וואָס פאַרכאַפּט דעם אָטעם און נעמט איין אין דאָס קלאַפּן פון האַרץ. און טאָמער רייסט זיך אַרויס ביי עמעצן אַ האַלב וואָרט, ווערט עס ערגעץ־ווו איינגעזאַפּט און פאַרלאָרן, אָבער באַלד ווערט די שטיל־קייט אָנגעפּילט ביז איבער די ברעגן מיט אַ לעבעדיקן קינדערשן חיות.

אַ ביסל דערוויטערט, נישט צו דערלאַנגען מיט דער האַנט, לייכטן אַראָפּ פון אַלע זייטן אַ ים מיט פילפאַרביקע קינדערשע מאָלערייען. זיי באַדעקן אין דער גאַנצער לענג און ברייט דריי ווענט — אַ ראָזע, אַ גרינע און אַ בלויע — און זיי ציִען זיך ווייט־ווייט אַרויף, העכער פון דער סטעליע און אפשר אויך העכער פונעם הימל. אין ערשטן אויגנבליק דאַכט זיך, אַז אַלע פאַרשיידענע ליניעס, פאַרמעס, צווייגן, וואָרצלען, בלעטער און אָן אַ שיעור בלימלעך און בלומען גיסן זיך צונויף אין איין כוואַליעדיקן פיל־

קאַליריקן בלומענפעלד, וואָס עטעמט מיט איין אָטעם און קלאַפּט מיט איין האַרץ.

אָבער באַלד נעמען זיך אויסטיילן איין בילד און נאָך איינס, און נאָך איינס. יעדעס איינציקע אויף זיין אייגענעם, באַזונדערן אופן. און ווען מען רייסט זיך שוין אָפּ פון די בילדער, גייט מען אַרויס פון דאָרטן מיט אַ דאַנקבאַר געפיל צו די קינדערלעך, וואָס זיי האָבן דערפילט אַ הייליקן חוב אויף פאַר אונדז.

אין דער איצטיקער רגע, ווען אָט די שורות ווערן געשריבן, געדענקען זיך דער עיקר צוויי פון די קינדערשע צייכענונגען:

אין צייכענונג: אומקלאָרע פאָרמעס זענען אַריינגעזעצט איינער אין דער אַנדערער. אין דער קלענסטער, אינעווייניקסטער, וואָס דערמאָנט מיט זיך אַ האַרץ, זענען מיט אַ בולט קינדערשן כתב אויסגעפירט די ווערטער: „נצחון בידינו אך עצב בליבנו״ — דער זיג איז אין אונדזערע הענט, אָבער אין אונדזער האַרצן איז טרויער.

די צווייטע צייכענונג: אויף אַ ברייטן שוואַרצן פאָן — אַ קליינע העל־בלויע בלום מיט אַ טרויעריק־אַראָפּגעהאָנגענעם קעפּל אויף אַ דין בויגעוודיק שטענגל, און דערביי, מיט גרויסע קינדערשע אותיות, איז אָנגעשריבן איין וואָרט „נזכור״ (מיר וועלן נישט פאַרגעסן).

ווערט מען ביז גאָר איבערראַשט, ווען אויף אַן אַלטן תל־אביבער בית־עולם דערזעט מען צופעליק אַ שמאָל־הויכע שטיינערנע מצבה נאָך אַ גאָר יונגן בחור, וואָס איז אַוועק פון דער וועלט מיט אַ פּאָר צענדליק יאָר צוריק. אויפן מצבה־שטיין איז אויסגעקריצט: אַ דין־בויגעוודיק צווייגל מיט אַ טרויעריק אַראָפּגעהאָנגענעם קעפּל, וואָס דערמאָנט שאַרף ביז גאָר די בלויע בלום געצייכנט פון אַ מיידעלע, אין דעם פּאַוויליאָן „לזכרם״, אויף דער צה״ל־אויסשטעלונג, זומער 1968, תל־אביב.

יאַנואַר 1969

# ביכער...

„דער שלום איז אַזוי ליב, אַזוי שטיל און ווייל..."

(פונעם בוך „קינדער אין פייער פון מלחמה")

אָנהייב סעפּטעמבער פאַריקן יאָר האָט אַן אָנגעזעענער ענגלי־שער סטראַטעג, נאָך זיינעם אַ באַזוך דאָ אין לאַנד, פאָרויסגעזאָגט: די אַלע ביכער וועגן דעם יוני־קריג, וואָס זענען אין גרויס אײַלעניש אָנגעשריבן געוואָרן אויף איין פוס, וועלן צום סוף פונעם ערשטן יאָר קלינגען נאַריש, אויב נישט קאָמיש...

איצט איז דאָס ערשטע יאָר שוין אַוועק, עס רוקט זיך אַלץ ווייטער און ווייטער דאָס צווייטע יאָר, און ווי עס איז אַלעמען גוט באַקאַנט, האָט אין משך פון די אַלע פאַרגאַנגענע חדשים, וואָכן און טעג ממש געשטורעמט מיט ביכער וועגן דעם 6־טאָגיקן קריג: ביכער היגע און אויסלענדישע, ביכער אייליקע און ביכער דורכגעטראַכט־גרינטלעכע.

איז דער ענגלישער מומחה געווען גערעכט? דאַכט זיך, אַז ניין. אַפילו די אייליקסטע צווישן די ביכער קלינגען נישט נאַריש און אַוודאי נישט קאָמיש, נישט איצט און מן הסתם קיין מאָל נישט. אמת, וואָס שייך דעם ברייטן עולם, האָבן אַ מאָסע ביכער (סיי אייגענע און סיי פרעמדע) שוין געהאַט אָפּגעקלונגען זייערס — נאָך פאַרן סוף פונעם ערשטן יאָר, ווי עס פירט זיך, געוויינטלעך, ביי אַ ברייטן עולם. אָבער דערביי, אויב אַ בוך איז נאָר עכט אין יסוד, אויב עס איז געשריבן מיט אַ וואַרעמער אינערלעכער באַציִונג,

מעג עס זיין ווי „אָפּגעקלונגען", געפינען זיך שטענדיק לייענער, וואָס לייענען דאָס בוך מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם. אַזוי אָדער אַנדערש, זענען זעלטן די ביכער, וואָס האָבן פאַרלאָרן פון זייער ספּעציפישער בראַשית־דיקער ווערט. על פּי רוב, פאַרהיטן זיי אַ באַזונדער אָרט אין דער רייזיקער ליטעראַטור וועגן אָט דער מערקווערדיקסטער פון אַלע מערקווערדיקע מלחמות.

עס איז נאַטירלעך, וואָס פון דער ביכער־פאַרפלייצונג הויבן זיך אַרויס, ווי טורעמס, איינצלנע ווערק. און אַ טייל צווישן זיי ווערן מיט דער צייט עפּעס ווי העכער און העכער. איצט, נאָכן ערשטן יאָר, דערזעט מען און מען דערפילט שאַרפער און טיפער נאָך און נאָך מאָמענטן, וואָס ביים לייענען אויף דער הייסער מינוט האָבן זיי זיך ווי פאַרבייגעגליטשט.

די ריי פון די טורעם־ביכער הייבט זיך אָן מיט „ירושלים לנצח" — וועגן דער איבערמענטשלעכער גבורה פון די ישראל־פאַראַשוטיסטן אינעם קאַמף פאַר דער „עיר העתיקה", דערשינען אין אויגוסט 1967 און אין משך פון די ערשטע צוויי חדשים ארויס אין 5 אויפלאַגעס. פון „ירושלים לנצח" ציִען זיך אָן אַ שיעור מענטשלעך־צאַפּלדיקע אַסאָציאַציעס כמעט צו אַלע ביכער וועגן אָט דעם קריג, וואָס זענען אַרויס שפּעטער און נאָך שפּעטער. און די ריי ענדיקט זיך נאָך נישט אַפילו מיט „שיח לוחמים" וואָס פון אים און צו אים פירן אַזוי פיל וועגן און שטעגן פון דעם לייענערס געוויסן און אחריות־געפיל פאַר דעם אַלץ, וואָס עס קומט פאָר דאָ אין לאַנד.

און נאָך: וואָס העכער אַזאַ טורעם הייבט זיך, אַלץ נעענטער ווערט ער מיט „ימי צקלג" פון ס. יזהר, וואָס איז געווען און געבליבן דאָס שטאַרקסטע, דאָס איינדרוקספולסטע און דער עיקר — דאָס מענטשלעכסטע פון אַלע ביכער וועגן דער „מלחמת השחרור". נאָכן ענדיקן „ימי צקלג" איז ביים לייענער בשעתו געבליבן אויף לאַנג אַ באַנג־געפיל, פּונקט ווי דער מחבר וואָלט אים איבער־געלאָזט אין מיטן לויף פון די געשילדערטע געשעענישן, אין מיטן

האַסטיקן גאַנג פֿון די איבערלעבונגען ביי דער יונגער חבריה.

אַ המשך פֿון „ימי צקלג" איז געקומען ערשט איצט, אין יאָרן אַרום. שוין גאַרנישט יענער שפּעריש־געבענטשטער, רויִקער המשך, וואָס דער לייענער האָט דערוואַרט, אָבער דערביי, ביי דעם גאַנצן שוידער פֿון אַ היינטצייטיקן קריג, האָט דער איצטיקער המשך פֿאַר־היט דעם מענטשלעך ליכטיקן אַנטי־מלחמה יסוד פֿון אַלע פֿריִער־דיקע נצחונותדיקע מלחמות דאָ אין לאַנד. מיט אַ דראַסטיש־אויפֿ־ריכטיקן אויסדרוק אין „שיח לוחמים", אין אָט דעם „בוך פֿון די ביכער" וועגן מלחמה און שלום אין ישראל.

ווי באַוווּסט, האָבן דעם „שיח לוחמים" פֿאַרטראַכט און צו שטאַנד געבראַכט אַ גרופּע יונגע חברים פֿון דער קיבוצישער באַוועגונג. יעדער איינער פֿון די איניציאַטאָרן האָט אין אַן אַנדער קיבוץ דורכגעפֿירט אַ שמועס צווישן קעמפֿער, וואָס זענען דעמאָלט ערשט נאָר געהאַט געקומען צוריק פֿונעם שלאַכטפֿעלד, מענטשיש אויפֿגעטרייסלט און דערשיטערט פֿון די עצם שלאַכטן און. דער־שטוינט פֿון דער אייגענער חברה אין דעם אומגעהייער געפֿערלעכן אַרויפֿגעצוווּנגענעם קאַמף. די זאַמלונג פֿון אָט־די דרייסט אָפֿנ־האַרציקע שמועסן צווישן פֿיל, פֿיל צענדליקער קעמפֿער אין צענדליקער קיבוצים פֿון פֿאַרשיידענע ריכטונגען, איז לכתחילה (אין אָקטאָבער, 1967) דערשינען ווי אַן אינעווייניקסטע אויסגאַבע. מיט אַן אויסדריקלעכן פֿאַרבאָט צו פֿאַרקויפֿן, איבערשרייבן און פֿאַרלייענען דערפֿון. אין דער הקדמה צום בוך ווערט טאַקע בפּירוש געוואָרנט: „...די רייד זענען דאָ זייער פּערזענלעכע, אָפּגעהאַקטע, פֿאַרטרויעלעכע..."

אָבער שפּעטער, נאָך פֿאַרשטאַרקטע פֿאָדערונגען און דרוק פֿון דער ברייטער געזעלשאַפֿטלעכקייט, איז די זאַמלונג ענדלעך אַריבער אויף פֿרייע בוך־רעלסן. מען האַלט שוין איצט אין איבערזעצן די זאַמלונג אויף יִידיש און אויך אויף אַ גאַנצע ריי פֿרעמדע שפּראַכן, און ווי עס ווייזט אויס — אויך אויף אַראַביש. עס וואַקסט און וואַקסט

די צאָל לייענער, וואָס זייער געמיט ווערט אויפגערודערט און גלייכ־צייטיק דערהויבן פונעם „שיח לוחמים". אָרום „שיח לוחמים" פאַר־שפרייט זיך נאָך אַלץ און פאַרברייטערט זיך אַ וויכוח, וואָס שפּיגלט אָפּ שאַרף און פּילזייטיק די עמאָציאָנעלע און פּאָליטישע אַטמאָספער דאָ אין לאַנד. עס זענען שוין וועגן אָט דעם „געשפּרעך צווישן קעמפער" אָנגעשריבן געוואָרן דאַ־הי מער שורות, ווי עס אַנטהאַלטן אין זיך די 283 געדיכט־געדרוקטע זייטלעך פון דער זאַמלונג.

דעריבער לייענען זיך מיט אַ באַזונדערן אינטערעס די פּאָר ווערטער פון יריב בן־אהרון, דעם מיטרעדאַקטאָר פון „שיח לוחמים".

„מיר דאַכט", — האָט ער, צווישן אַנדערן, לעצטנס גע־זאָגט אין אַן אינטערוויו, — „אַז די זאַמלונג ,שיח לוחמים' דאַרף רעדן צום האַרצן פון די ייִדישע סטודענטן אין דער גאַנצער וועלט אַ סך מער, ווי דער טאָגבוך פון טשע געוואַראַ. אויב די פּראָגרעסיווע סטודענטן נייטיקן זיך אין אַ נייַעם תנך, פאַר וואָס זאָלן עס זיין דווקא די שריפטן פון מאַאָ, — און נישט ,שיח לוחמים'? מיט וואָס איז דען די ראָמאַנטיק פון די באָליוויער בערג שענער און דערהויבענער, ווי די ראָמאַנטיק פון די בערג אין גולן?..."

עס איז, פאַרשטייט זיך, נאַטירלעך, וואָס אַ טייל היגע לייענער האָבן שוין גענומען טראַכטן, אַז מיטן „שיח לוחמים" שליסט זיך דער קרייז פון די אוממיטלבאַרע איבערלעבונגען אויפן שלאַכט־פעלד.

ווען דער רב־אלוף יצחק ראַבין האָט, בשעתו געקרוינט די יוני־מלחמה מיטן נאָמען „6־טאָגיקער קריג", האָט ער דערביי דער־קלערט: „דאָס קלינגט ווי די 6 טעג פון בראשית. מיטן אונטער־שייד, וואָס די איצטיקע 6 טעג האָבן נאָך נישט געבראַכט די געבענטשטע רו פונעם זיבעטן טאָג". אָט דער זאָג, וואָס איז ברייט באַקאַנט, איז שוין געוואָרן אַ קלאַסישער, סיי דאָ אין לאַנד, סיי אויסערן לאַנד.

„דער זיבעטער טאָג״ — אַזוי הייסן טאַקע צוויי ביכער (און אפשר מער ווי צוויי?) וואָס זענען לעצטנס דערשינען אויסערן לאַנד. איין בוך אין איטאַליע, פון דעם לינקן איטאַליענישן דיכטער און פובליציסט פּיעטראָ א. בוטיטאָ און אַ צוויטס — אין אַמעריקע, פון דער ייִדיש־אַמעריקאַנער זשורנאַליסטין רות גרובער. דאָס ערשטע בוך, פול מיט לעבעדיקע איינדרוקן און אויך מיט דאָקומענטן און פאָטאָגראַפיעס, האָט שוין באַוויזן צו ווערן אין דרום־איטאַליע אַ בעסטסעלער. נאָך אַ רייזע אין דער לענג און אין דער ברייט פון נאָכמלחמהדיקן ישראל, האָט דער 37־יאָריקער מחבר זיך געפּרוווט פאַנאַנדערקלייבן אינעם קנויל פון די נייע ישראל־אַראַבער פּראָבלעמען, געטאָן עס מיט ווילגעניגטע אויגן און האַרץ בנוגע צו ישראל און דערמיט אַרויסגערופן אומבאַהערשטן צאָרן ביי די עקסטרעם לינקע קרייזן אין איטאַליע — בראש מיט אַ ייִדן פון יענעם מין גייסטיקע משומדים להכעיס, וואָס אינעם קרענקלעכן קאַמף קעגן זיך אַליין, שפּייען זיי אויס די אייגענע נשמה.

„דער אַכטער טאָג״ — אַזוי האָט משה דיין, דער זיכערהייט־מיניסטער, אָנגערופן די איצטיקע תקופה פון ערב שלום, וואָס נאָך אַזאַ קורצער מלחמה, ציט זי זיך אַזוי לאַנג.

אויך דאָ אין לאַנד זענען שוין דערשינען אַדער האַלטן ביים דערשיינען אַ נייע ריי ביכער, וואָס באַהאַנדלען „דעם זיבעטן טאָג״ און אויך „דעם אַכטן טאָג״. צווישן זיי — „סופת האש״ (פייער־שטורעם) פון דוד קמחי און דן בבלי; צווישן זיי — דאָס בוך „ישראל, אַראַבער און די גרויסמאַכטן״ פון שמואל שגב, דעם מחבר פונעם זייער פּאָפּולערן בוך „סדין אדום, מלחמת ששת הימים״ (אויגוסט 1967) און נאָך, און נאָך... עס ווערן געשריבן, עס מערן זיך ביכער, וואָס געהערן צו אַ נייעם „נאָך־מלחמה״־קרייז, פול מיט אַ גורלדיקן, שאַרף־פּאָליטישן אַלאַרם אַנטקעגן די קומענדיקע טעג...

הייסט עס, אַז דער ערשטער ביכערקרייז וועגן די פּאַראַיאָריקע מאַי־און יוני־טעג האָט זיך באמת געשלאָסן? עס ווייזט זיך אַרויס,

אַז ניין, בפירוש ניין! נייע און נייערע ביכער מאַכן דעם בראשית־דיקן קרייז אַלץ ברייטער און טיפער — עד אין סוף.

אָנגעהויבן מיטן „יומנו של חייל״ פון יהושע בר־דיין. געדרוקט אין חודש מאַי 1968 אין דריי המשכים פון דער וועכנטלעכער ביילאַגע צו דער טאָגצייטונג „הארץ״, און זיכער נאָך ווייט נישט געענדיקט מיט „ילדות באה באש, ילדים במלחמת ששת הימים״ (קינדער אינעם פייער פונעם 6־טאָגיקן קריג), אַ מין וווּנדערלעכע אויפלאַגע פון „שיח לוחמים״, מיט געשפּרעכן, בלעטלעך פון טאָג־ביכער, לידער און צייכענונגען פון קינדער אינעם עלטער פון 4 מיט אַ האַלבן ביז 13 יאָר, צונויפגעזאַמלט אין 30 קיבוצים פון פאַרשיידענע ריכטונגען.

יהושע בר־דיין, אַ זעלנער אין „מילואים״ (מיליטערישער רעזערוו), האָט זיין „טאָגבוך פון אַ זעלנער״ אָנגעהויבן דעם 18טן מאַי (אין דעם טאָג איז ער געוואָרן מאָביליזירט) און געענדיקט דעם 27סטן יוני 1967 — מיט די פאָלגנדיקע שיִער נישט עפּישע שורות:

„איך האָב אַרויסגענומען מיין פּערזענלעכן האָב־און־גוטס פונעם טענדער, און אים, דעם טענדער, אַ גלעט געטאָן מיט אַ וואַרעמען בליק. אין משך פון 42 טעג און נעכט איז ער געווען פאַר מיר אַ מין היים. מיר האָבן דאָך צוזאַמען דורכגעמאַכט דעם קריג. איך האָב אַרויסבאַקומען פון דער קאַבינע דאָס קליין נאָטיצביכל אינעם גרינעם טאָוול. אַ פּאָר צענדליק זייטלעך זענען געדיכט באַשריבן מיט קליינינקע אותיות. אַ טייל פון זיי איז שוין שווער איבערצולייענען. מיין טאָגבוך, דאָס איינציקע טראָפּיי פון די שלאַכטפעלדער, וואָס איך ברענג מיט אַהיים״.

זיין טענדער־היים איז געווען אַ טייל פון אַ באַוועגלעכער טעכנישער איינהייט ביי דער פּאַנצער־דיוויזיע אינעם מדבר סיני.

די טעכניקער האָבן אין סאַמע ברען פון די שלאַכטן געפּרוּווט פאַרריכטן, ברענגען צוריק אין באַוועגונג יעדן טאַנק, יעדע מאַשין, וואָס איז אַרויס פון קאָן. און דער 34־יאָריקער אַגראָנאָם פון ראשון לציון איז אינעם קריג געוואָרן דער שאַפער פונעם טענדער, וואָס האָט געפירט די פאַרבינדונג־אַפּאַראַטור פון דער טעכנישער איינהייט און אויך דער „טאַטע" פון דער יונגער חבריה זעלנער אַרום אים. מוראדיקע פּאַסירונגען, געשעענישן זענען נאָכגעלאָפן, מיטגעלאָפן און פאַרויסגעלאָפן דעם „פאַרבינדונגס"־טענדער, וואָס האָט זיך געטראָגן איבער די ווילד־געוואָרענע, משוגענע וועגן פון קריג. און עס איז שווער צו באַגרייפן, ווי אַזוי האָט יהושע בר־דיין דאָך באַוויזן ביי יעדער מינדעסטער געלעגנהייט, אין די פאַר־שיידנסטע שעהען פון טאָג און פון נאַכט, אַריינשרייבן אין זיין קליין גרין ביכעלע, וואָס ער האָט געזען, געהערט, אַריינגעטעמט און איינגעזאַפּט אין זיך.

דער בליצגאַנג פונעם קריג אינעם מדבר סיני בכלל און פון דער פּאַנצער־דיוויזיע בפרט, איז גוט באַקאַנט דעם היגן לייענער פון די פריערדיקע ביכער, בראש מיט „חשופים בצריח" פון שבתי טבת. דערשינען אין פעברואַר 1968, איז דאָס דאָזיקע בוך אין משך פון די ערשטע צוויי חדשים אַרויס אין 45.000 עקזעמפּליאַרן (4 אויפלאַגעס).

אָבער אַט לייענט מען די אינדיווידועל־באַלויכטענע זייטלעך פון „יומנו של חייל" — און עס דאַכט זיך, אַז ערשט איצט דערוויסט מען זיך, ווי ווייט די ישראל־זעלנער זענען על פּי רוב אינעם שרעקלעכן געווירבל פונעם קריג געבליבן מענטשן.

מערקווערדיק, די בלעטלעך פון „יומנו של חייל" מישן זיך ביים לייענער איבער מיט די צוויי קינדערשע טאָגביכער אין „ילדות באה באש". די 12־יאָריקע רונית האָט די זייטעלעך גע־שריבן אין בונקער פון איר קיבוץ „להבות הבשן", צופוסנס פונעם פייער־שפּייענדיקן באַרג גולן. דער 13־יאָריקער י—ר האָט די שורות פאַרצייכנט אין זיין קיבוץ „עין החורש", עמק חפר, אויף

דער 34־יאָריקער זעלנער אין רעזערוו האָט דעם טאָגבוך געפירט זיצנדיק אין זיין נישט־געפאַנצערטן טענדער אַלץ ווייטער און טיפער אין סיני. נישט בלויז די דאַטעס און די שעהען פון די ערשטע טעג אינעם קריג זענען אין אַלע טאָגביכער די זעלביקע; אידענטיש איז אויך, און דער עיקר, די אַטמאָספער און דער דערהויבן־מענטש־לעכער גאַנג פון געדאַנק און געפיל. פונקט ווי אַלע דריי טאָגביכער וואָלטן געהערט צו איינעם און דעם זעלבן מענטשן, געשריבן אין פאַרשיידענע עטאַפּן פון איינער און דער זעלבער ישראל־מלחמה, פריער, בשעת דער מענטש איז אַלט געווען נישט מער ווי 12—13 יאָר, און שפּעטער, ווען ער איז שוין אַלט געווען 34 יאָר.

...צום סוף — צוויי טראָפּנס פונעם ברייטן טיפן ים מיט ביכער וועגן דעם 6־טאָגיקן ישראל־קריג:

### 1. („שיח לוחמים", ז' 59)

„דאָס איז געווען אין אל־עריש.
צווישן פאַרלאָזטע געצעלטן, בילדער פון נאַסערן און מצרישע פּראָפּאַגאַנדע־העפטן, האָט זיך געוואַלגערט אַ בריוו פון מצרים, פון אַ פאַרליבטער פרוי צו איר מאַן, אויפן פראָנט קעגן ישראל.

מיטוואָך 26/5

„אין נאָמען פון גאָט, דעם באַרעמהאַרציקן אין הימל, לכבוד דעם פילגעליבטן און ליבהאַרציקן און אומפאַרגעס־לעכן־טייערן מאַן מיינעם. איך פיל זיך גאַנץ גוט, עס פעלט אונדז נאָר דער אָנבליק פון דיין טייערן פנים, וואָס מיר ווינטשן זיך אייביק צו זען.
מיין טייערער מאַן, איך שיק דיר אַ סך גרוסן. ווי אַ קראַנקער באַגערט צו ווערן געזונט, ווי אַ שילער שטרעבט צו דער־

**פאָלג, ווי אַ פלאַנץ לעכצט נאָך וואַסער און ווי אַ קינד גאַרט נאָך אַ גלעט פון דער מאַמען — פונקט אַזוי בענק איך נאָך דיין טייערן אַנבליק.**

**ווען מען קאָן נאָר שיקן אַ גרוס דורך די כוואַליעס פון ים, וואָלט איך אויף יעדער איינציקער פון די ים־כוואַליעס איבערגעשיקט דיר טויזנטער, טויזנטער גרוסן. און ווען מען קאָן נאָר שיקן אַ גרוס דורך פליענדיקע טייבעלעך, וואָלט איך מיט יעדער איינציקער פון זייערע פיל פעדערן — איבערגעשיקט דיר מיליאָנען גרוסן.**

**טייערער און אייביק געליבטער מאַן מיינער, ווען וועל איך דיך זען, האַרציקע נשמה מיינע? זאָל דיך גאָט היטן, מיין ליבער, געטרייער מאַן, פרידן צו דיר.**

**איך בעט דיך, ענטפער אונדז באַלד, לאָז אונדז גלייך וויסן וועגן דיין געזונט, כדי מיר זאָלן זיין רויק, ביז עס וועט אָנקומען פרידן."**

**סעידה אחמד צלאח**

**2. („ילדות באה באש", ז' 22)**

## דער שלום

דער שלום איז אַזוי ליב, אַזוי שטיל און ווייל,
דער שלום איז ווי אַ פרוכט פון גאָרטן, ווי אַ בלום פון טאָל.
ער איז, ווי דער הימל, טיף און בלוי,
פריילעך ווי אַ קליין פייגעלע, שיין ווי די זון.

אָבער מלחמה איז ביטער און שלעכט
אין מלחמה זיצט מען אונטער דער ערד.
מלחמה הייסט שרפות, מלחמה הייסט טויט
און זייער אַ סך מענטשן פאַרוווּנדעט.

**גיטל מייזיל / עסייען**

מלחמה צעשטערט דערפער און שטעט
און הרגעט און הרגעט גאָר אָן אַן עק,
און זויגט אויס דאָס בלוט ביי דעם העלד
און דער הימל איז שוואַרץ, און די זון איז פאַרשטעלט.

**אילה, 9 יאָר אַלט, קיבוץ „שמיר"**

**אָקטאָבער** 1968

# אַ פּאָר צוגאָב־ווערטער צום בוך

בשעת דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט אַ מיידעלע פון 5 יאָר געפרעגט אין תל־אביב ביי איר מאַמען:

— מאַמע, אַ מלחמה ענדיקט זיך אַ מאָל?

אַזוי הייבט זיך אָן דער לעצטער, דער מלחמה־טייל פונעם בוך „עסייען", וואָס האָט נאָך נישט באַוויזן אַרויס פון דרוק, אָבער שוין מער נישט געווען אין מיין רשות, ווען —

... שבת, יוד תשרי תשל"ד, דעם 6טן אָקטאָבער 1973, האָט דער איצטיקער קריג זיך אַריינגעריסן אין ישראל, ווי אַרונטערגעשמיסן פון די אָפענע יום־כיפור־הימלען...

... האָבן די מלחמה־שעהען, אויפגערייצט און געשפּאַנט, גענומען אויסציִען און פאַרלענגערן זיך, פונקט ווי זיי וואָלטן גאָר קיין עק און קיין סוף נישט געהאַט...

און ווען מיין געדאַנק האָט, ווי צופעליק, אויף ס'ניי זיך פאַר־קערעוועט צו דער עסייען־זאַמלונג, — איז שוין געווען 1974 יאָר.

דער לעצטער, דער מלחמה־טייל פונעם בוך ענדיקט זיך מיט אַ בריוו פון אַן אַראַבישער פרוי אין מצרים — צו איר מאַן אויפן פראָנט קעגן ישראל און מיטן ליד פון אַ 9־יאָריק מיידעלע פאַר דער קיבוצישער בונקער־צייטונג. ביידע, דער בריוו, אַ מין יונג־פרוייִש געבעט פאַר פרידן, און דאָס ליד, אַ קינדערשע תפילה צו שלום, — זענען געשריבן בשעת דעם 6־טאָגיקן קריג, יאָר 1967.

און פון אָט דעם סוף־בוך האָט מען דאָך באַדאַרפט, אומבאַ־דינגט, אַריבערוואַרפן אַ לעבעדיקע בריק צו אונדז אין דעם איצ־טיקן קריג.

עס איז, אָבער, אַ פּנים, צו שווער, און אפשר צו פרי, זיך געבן אַן עצה מיט אונדזער צאַפּלדיקער, לייבלעכער שייכות צו דעם, וואָס עס קומט פאָר אויף די נאָענטע, ווייטערע און גאָר־ווייטע ריזיקע פראָנטן קעגן דעם לאַנד. און עס איז, ווייזט אויס, אוממעגלעך שוין איצט צו באַנעמען די גוואַלדיקע אויפטרייסלונג, וואָס מיר מאַכן אַדורך אינעם הינטערלאַנד.

זענען געווען אומזיסט די אַן אַ שיעור פּרוּוון צו שרייבן וועגן דעם; שרייבן, מעקן און איבערשרייבן. עס האָט זיך, סיי־ווי, גע־דאַכט, אַז די ניי־אָנגעשריבענע שורות שאַקלען, יעדעס מאָל, מיטן קאָפּ אויף „ניין": עס איז נישט דאָס!

און דערווייילע צינדן זיך אָן אין זכרון, און לעשן זיך נישט אויס, מאָמענטן פון פאַרשיידענע אומרו־תקופות; און, פאַרשטייט זיך, פון ערב־קריג; קריג אין צווישן־קריג — אין משך פון מיינע 47 יאָר דאָ אין לאַנד.

וויפל מאָל איז שוין אין ארץ־ישראל און שפּעטער אין ישראל, געווען אַ מצב פון „באו מים עד נפש"; ווען עס האָט זיך געדאַכט, אַז ערגער קאָן שוין נישט זיין, און שטענדיק האָט מען זיך אַרויס־געראַטעוועט, יעדעס מאָל מיט אַ שפּאָגל־נייעם נס פונעם גורל. און דאָס לאַנד?

די לופט האָט יעדעס מאָל געהילכט מיט אונדזער הימל־געשריי פאַרן ריזיקן פּרייז פון קרבנות, וואָס מיר צאָלן שטענדיק פאַרויס, — און דאָס לאַנד האָט נישט אויפגעהערט זיך בויען און וואַקסן. שנעלער אָדער לאַנגזאַמער, איז דאָס לאַנד שטענדיק גע־וואַקסן און זיך שטענדיק געבויט...

... עס בליצט אויף אין זכרון אַ קינדערשער זאָג פון דער שיער־נישט „פאַרצייטישער" הגנה־תקופה אין ארץ־ישראל. דאָס 5־יאָריק מיידעלע פון קרית־חיים האָט געוווּסט, אַז יונגע „שטאַרבן פון אַ קויל". און דאָ קומט, פּלוצעם, פאָר אַ לוויה פון אַ שכן, אַ זיידע, האָט זיך דאָס מיידעלע פאַרוווּנדערט:

— מה, גם זקנים מתים?!

...און אַט וואַקסט אויס פאַר די אויגן און טרעט נישט אָפּ דאָס בילד פון... אָבער קאָן מען דען מעסטן מיט אַ נאָרמאַלער מאָס די צוריקצייט צו יענעם זומערדיק־וואָכעדיקן פרימאָרגן אין דער קליין־קליינער, אַרבעטסלאָזער, שטאָט תל־אביב?

ח. נ. ביאַליק שטייט אויף אַ ראָג פון אַלענבי־גאַס און, ווי זיין שטייגער איז, רעדט ער זיך פריי אַראָפּ פון זיין שטענדיק איבערפולטן האַרצן פאַר אַ גרופּע מענטשן, וואָס זאַמלען זיך צו ביסלעך אַרום אים. אויך איך שטעל זיך אָפּ, הער זיך איין און פאַרגעדענק שוין אויף אייביק, ווי ביאַליק רייסט פּלוצעם איבער זיינע אייגענע רייד: „...אַך”, זיפצט ער אָפּ טיף און פאַרבענקט, — „ווען מיר וואָלטן דאָ, אין ארץ־ישראל, פאַרמאָגט כאָטש אַ האַלבן, אָדער אַ פערטל מיליאָן ייִדן, וואָלטן מיר די ווערטער האַלב אָדער פערטל געזאָגט שאַ־שטיל, איינער דעם אַנדערן אויפן אויער. דערפאַר אָבער וואָלטן מיר שוין איבער דער גאַנצער וועלט זיך צעקלונגען מיטן זעלטענעם וואָרט: מי־לי־אָן! — — — — — —

פונעם 6סטן אָקטאָבער 1973 ביזן היינטיקן טאָג, דעם 20סטן פעברואַר 1974, זענען אַוועק 138 מעת־לעת. און נאָך די 3312 מלחמה־שעהען, — וואַקסט אויס אַ באַדערפעניש צו זאָגן, זאָל זיין בלויז אַ קורץ, טרוקן וואָרט, וועגן דעם, געפערלעכסטן פאַר אונדז, ריזיקן נאַפט־פּראָנט.

ווייט, נישט אַזוי ווי ביאַליק האָט אַמאָל־אַמאָל געטרוימט; אין גאַנצן אַנדערש, ווי בשעת דעם 6־טאָגיקן קריג, קלינגט איצט, שוין צו פיל, מיט די קנאַפּע 2,3/4 מיליאָן ייִדן אין ישראל. עס קלינגט מיטן לאַנד ישראל, און הילכט רעשיק אָפּ, איבער דער גאַנצער ווייסער, שוואַרצער, רויטער און געלער וועלט.

אומעטום גייט דאָרטן אָן אַ פלאַם־פייערדיקער מסחר אַרום אַראַבישן נאַפט און... ישראל. מיט אַן אָפענער און צינישער שטיצע פון העכסטראַנגיקע פּאָליטישע דעה־זאָגערס, פאָדערט דער אַראַ־בישער פאַרקויפער פאַר זיין נאַפט... גרויסע און גרעסערע שטיקער לייב און לעבן פון דעם לאַנד ישראל. פונקט אַזוי אָפן און ציניש,

מערט זיך די צאָל פון נישט־אַראַבישע ממשלות, וואָס זענען גרייט און וויליק צו צאָלן דעם גרעסטן פּרייז פאַר נאַפט אויפן חשבון פון קיום־ישראל...

מיט איינעם פון יענע שטיצערס און דעה־זאָגערס, מיטן ראַטן־פאַרבאַנד, איז לעצטנס געשען עפּעס אַזוינס, וואָס האָט אַ נאָענטע שייכות, דערווײַלע אפשר אַ פאַרבאָרגענע, מיט אונדזער גורל אין דער וועלט.

ראַטן־פאַרבאַנד מיט די קנאַפּע 251 מיליאָן סאָוועטישע בירגערס, קאָן נישט, בשום אופן, געבן זיך אַן עצה מיט אַן אייגענעם, עכט און טיף־רוסישן שרייבער. אין ווילדער איילעניש וואָס שנעלער פּטור צו ווערן פון דער קעמפערישער „אַרמיי פון איין מענטש", ווי מען רופט סאָלזשעניצינען, האָט די סאָוועטישע מאַכט אים אַרויסגעשיקט אין מערב־דייטשלאַנד. אַוועקגעשיקט אַלעקסאַנדער סאָלזשעניצינען, אַזוי ווי ער גייט און שטייט: אָן זיין משפּחה, אָן אַ וועלכן־עס־איז פּאַפּירל, צייגעניש, אָן שום פּערזענלעכע זאַכן, אָן דעם מינדסטן סימן פון דעם אומגעהייער־ווערטיקן שרייבערישן אַרכיוו זיינעם.

ווי פּראַכטפול די „אַרמיי פון איין מענטש" ווערט אויפגענומען דורך די פרייע טיילן פון דער וועלט! קאָן דען זיין, אַז דאָס זאָל זיך נישט אויסווירקן אויפן באַזונדערן, זייער קאָמפּליצירטן גורל פון אונדזער אַרמיי? ווי גרויס איז דען, אונדזער אַרמיי? אין פאַרגלייך מיט דער קאָלאָסאַלער, גיגאַנטישער צאָל זעלנער אין די מעכטיק און מאַסיוו באַוואָפנטע כוחות פון אַ סך לענדער? און אַלע צוזאַמען זענען זיי — קעגן איין און איינציקער ישראל־אַרמיי!

מערקווערדיק איז זי, אונדזער אַרמיי, וואָס אירע לייט באַנוצן זיך זעלטן און נישט גערן מיטן נאָמען „זעלנער". זעלנער הייסן זיי, פאַרשטייט זיך, אין די אָפיציעלע פּאַפּירן און ווענדונגען. און זעלנער הייסן זיי, פאַרשטייט זיך אויך, ביי די היגע קינדער, וואָס שטאָלצירן אַזוי זעלנעריש מיט זיי. אָבער זיי אַליין, צווישן

זיך, רופן זיך „חבר׳ה" (כעוורע). און עס איז אַ מחיה צו הערן, ווי ליב, ווי צערטלעך, ווי פול מיט חברישער באַדייטונג עס קלינגט ביי זיי דאָס סאַבריש־פאָלקסטימלעך וואָרט: ח־ב־ר׳ה!

עס געדענקט זיך נישט, צי מען האָט זיי אַ מאָל געזען און געהערט מאַרשירן מיט אַן אָפּגעהאַקטן, האַמערדיקן שטיוול־טראָט. אויך און אַפילו אין דעם זעלבן זעלנערישן מונדיר, זעען זיי אויס פאַרשיידן ביז גאָר. אָט איז איינער ענלעך אויף אַ טונקל־הויטיקן ריטער פונעם מיטל־עלטער; אַ צווייטער — אויף אַ בלאָנדן דאָר־פישן שגץ; אַ דריטער איז ווי אַ פאַרדבקעטער ישיבה־בחור... און נאָך און נאָך...

עס האָט זיך געטראָפן בשעת דעם איצטיקן קריג, אַז ביי אַ קורצער באַגעגעניש מיט איינעם פון דער חבר׳ה (אין דער היים, אויף דער גאַס, אויף די וועגן) איז מען געוואָרן פאַרציטערט: ווי טרויעריק, ווי פול מיט זאָרג און מיט צער זענען געווען זייערע אויגן. אָבער, ווי אומעטום און ווי שטענדיק, איז געבליבן דער געפיל פון „לא אַלמן ישראל": מען קאָן זיך אויף דער חבר׳ה פאַרלאָזן. אָבער די הייסע, שטומע ברכות, וואָס מען האָט זיי נאָכ־געשיקט, — האָבן זיך געדאַכט, שטענדיק און אומעטום, צו זיין נישט גענוג...

20סטן פעברואַר 1974

# זוכצעטל פון נעמען

# אינהאַלט